# גאָמבין

## דאָס לעבן און אומקום פון אַ יידיש שטעטל אין פוילן

אַרויסגעגעבן פון דער גאָמבינער לאַנדסמאַנשאַפט אין אַמעריקע

ניו־יאָרק — 1969

## רעדאַקציע פון בוך:

דזשעק זיקלין
מרס. יעטאַ רעיפל
ד״ר העניר גרינבאום
דעיוו בערנס
אַברהם זיידעמאַן
פּאָל טייבער
יעקב צעלעמענסקי
רעדאַקציע־סעקרעטאַר: אב. שולמאַן

דער אינהאַלט־פאַרצייכעניש געפינט זיך אויף די זייטן 227 און 228 פון דער יידישער אָפטיילונג פון יזכור־בוך.


**Printed in the U. S. A. by**
KNIGHT PRINTING CORPORATION
382 Lafayette Street, New York, N. Y. 10003
96

מיקאַלאַי גיבס

* * *

נישט אַלע קאָנען
לייגן קרענץ
און בלומען
אויף די קברים פון זייערע טאַטעס
און מאַמעס...
פון זייערע ברידער און שוועסטער...
נישט אַלע ווייסן,
וואו זיי זיינען אַהינגעקומען,
וואָס עס איז מיט זיי געשען
אין די יאָרן פון קריג.
אומזיסט וואָלטן זיי געזוכט
אין די זאַמדן פן טרעבלינקע
אין אַש פון אוישוויץ,
אין די אויסגעלאָשענע אויוונס פון בזשעזשינקי...
און דאָך לייגן זיי קרענץ
און בלומען אויף אַלע דענקמעלער:
פון אומבאַקאַנטן זעלנער
פון דער געטין פון זיג,
פון נאַציאָנאַלע העלדן,
פון קעמפער פון ווידערשטאַנד.
זיי לייגן דאָרט קרענץ,
ווייל עס איז ביז איצט נישטאָ אויף דער וועלט
אַזאַ דענקמאָל פון אומבאַקאַנטן מאַרטירער,
וואָס איז געפאַלן מיט האַס אין די אויגן
צו אַלע דייטשן...

וואָס איז געפֿאַלן מיטן געדאַנק
וועגן זײַנע זין —
און וואָס האָט הײם באַגערט
נקמה אין פֿײַנט
דערפֿאַר, ווײַל אומבאַקאַנט איז
דאָס קבר פֿון זײַערע טאַטעס און מאַמעס
שוועסטער און ברידער...
דו קוקסט אויף די דענקמעלער־סימבאָלן
און אָפּטמאָל דאַכט זיך,
אַז דו זעסט דאָרט דײַנע נאָענטסטע...
און באַדויערסט וואָס ביז איצט
האָט זיך נישט געפֿונען אַ סקולפּטאָר,
וואָס זאָל קאָנען שאַפֿן
אַ געשטאַלט — אַ פֿאַרקערפּערונג
פֿון דער גאַנצער
אין יסורים —
אײַנגעהילטער מענטשהייט.

וואַרשע, נאָוועמבער, 1966





**דזשעק זיקלין**

פרעזידענט פון דער גאָמבינער סאָסייטי אין ניו־יאָרק

# אַריינפיר

מיט אַ סך ערפורכט און פיעטעט גיבן מיר איבער אין די הענט פון אונדזערע לאַנדסלייט און פון יידישן לייענער דעם ספר־גאָמבין. מיט דעם דאָזיקן בוך ווילן מיר דערפילן אונדזער הייליקן חוב צום אָנדענק פון אונדזער ליבער שטאָט, וואָס האָט צוזאַמען מיט הונדערטער אַנדערע יידישע שטעט און שטעטלעך אין פוילן געטיילט דעם מוראדיקן גורל פון נאַצישן חורבן.

דער געדאַנק אַרויסצוגעבן דאָס דאָזיקע גאָמבינער בוך איז נאָך געבוירן געוואָרן מיט עטלעכע יאָר צוריק אויף איינעם פון די מיטינגס פון אונדזער לאַנדסמאַנשאַפט אין ניו־יאָרק. דער קאָמיטעט אונדזערער האָט פון דעמאָלט אָן אָנגעהויבן צו זאַמלען די מאַטעריאַלן, וואָס זאָלן איבערגעבן וועגן דער היסטאָרישער פאַרגאַנגענהייט פון גאָמבין, וועגן דעם ברויזנדיקן לעבן פון אונדזער שטאָט פון סאַמע ווייטסטן אָנהייב ביז צום אויסברוך פון צווייטן וועלט־קריג און צום סוף — וועגן דעם בלוטיקן און גרויזאַמען סוף. די לעבן־געבליבענע יידן פון גאָמבין געפינען זיך צעזייט און צעשפרייט איבער אַלע ווינקלען פון דער גאָרער וועלט און עס האָט געמוזט פאַרנעמען צייט, ביז מיר האָבן באַוויזן אויפצוקלויבן די דאָקומענטן פון די לעבעדיקע און אויך די מאַטעריאַלן פון פאַרשיידענע קוואַלן וועגן גאָמבינס פאַרגאַנגענהייט.

מיר האָפן, אַז מיר האָבן, אין די ראַמען פון אונדזערע מעגלעכקייטן, באַערט אויף אַ ווירדיקן אופן אונדזער ליבע און אַזוי טראַגיש אונטערגעגאַנגענע שטאָט. אונדזער ציל איז געווען אויפצושטעלן פאַר דער שטאָט אַ מאָנומענט, פון וועלכן די קומענדיקע דורות — די קינדער און קינדס־קינדער פון די גאָמבינער יידן — זאָלן קאָנען אָראָפּלייענען וועגן דער פריסטער פאַרגאַנגענהייט און אויך וועגן די וואָרצלען פון זייער אָפּשטאַם. מיר האָבן דעריבער אַ טייל פון דעם מאַטעריאַל

אפּגעדרוקט אויף ענגליש. דאָס איז פאַר די יונגערע דורות, וואָס זיינען נישט אים־שטאַנד צו לייענען אין דער יידישער שפּראַך, וואָס איז געווען דאָס לעבעדיקע לשון פון זייערע עלטערן און זיידעס.

אין דער אַרבעט ביים צוגרייטן און אַרויסגעבן דאָס ספר גאָמבין האָבן זיך אַקטיוו באַטייליקט פיל פון אונדזערע לאַנדסלייט, אָבער עס איז אוממעגלעך נישט אויס־צוטיילן באַזונדער אונדזער טייערן סעם רעיפּל, דעם געוועזענעם פּרעזידענט, דעם וואונדערבאַרן מענטש, וועלכער איז געווען דער צום מייסטן אַקטיווער און דער הייסטער דערמוטיקער פון דער דאָזיקער אַרבעט. ער איז געווען מיט לייב און מיט לעבן איבערגעגעבן דער אידעע פון גאָמבינער געדענק־בוך, פּונקט ווי ער איז נאָך פריער, ווען אונדזער גאָמבין איז נאָך געווען אַ לעבעדיקע שטאָט מיט לעבעדיקע יידן — געווען מיט לייב און לעבן איבערגעגעבן צו דער אַרבעט פון העלפן אונדזערע נויטבאַדערפטיקע גאָמבינער ברידער. ליידער האָט ער אַליין נישט דערלעבט דעם מאָמענט פון דערשיינען פון דאָזיקן ספר. אָבער מיר ווילן, אַז עס זאָל זיין באַוואוסט, אַז אין דעם בוך ליגט גאָר אַ סך פון זיין מי, פון זיין געטריישאַפט און פון זיין הייסער איבערגעגעבנקייט. מיטן אַרויסגעבן דאָס גאָמבינער יזכור־בוך ווילן מיר אויך אָפּצאָלן אַ חוב זיין ליכטיקן אָנדענק.

איך שליס מיינע ווערטער מיטן וואונטש, אַז דאָס ספר גאָמבין זאָל זיך געפינען אין יעדער שטוב פון אַ גאָמבינער ייד. מיר וועלן אויך זאָרגן דערפאַר, אַז דאָס ספר זאָל זיך געפינען אין יידישע ביבליאָטעקן פון דער גאַרער וועלט, אין היסטאָרישע געזעלשאַפטן און פאַרש־אינסטיטוציעס. אזוי אַרום וועט דאָס געדעכעניש פון אונדזער ליבער היים־שטאָט, וואָס איז פאַרטיליקט געוואָרן פון די דייטשע מערדער, פאַרבלייבן צוזאַמען מיט די הונדערטער אַנדערע פאַרטיליקטע יידישע ישובים, אויף אַלע אייבי־קייטן אין זכרון פון אונדזער פאָלק.



לואיס פיליפס־פּאָטשעכאַ

# אַ פאַרדינטע אָנערקענונג

דער נאָמען סעם רעיפּעל איז ענג פאַרבונדן מיט דער טעטיקייט פון די גאָמ־בינער סאָסייטיס אין ניו־יאָרק און נואַרק. ער האָט אַרויפגעלייגט זיין חותם אויף דער אַרבעט, מיט זיין איבערגעגעבענער אונטער־נעמונגס קראַפט, נאָך מיט עטלעכע פער־ציק יאָר צוריק.

...ער האָט אָפט מאָל דערמוטיקט אַפילו אונדזערע עסקנים אין דעטרויט ווען ס׳האָט זיך געטוויטיקט דרייסטקייט און מוט צו פאַרזיכערן דעם אומבאַדינגטן דערפאָלג פון אַ געלט אַקציע.

...ער האָט געווידמעט זיין דינאַמישקייט און געטריישאַפט צו פאַרווירקלעכן דאָס בויען פון גאָמבינער הויז אין ישראל. צו פאַרזיכערן דעם דערפאָלג פון דער גמילת חסד קאַסע; און צו פאַראייביקן די נעמען פון אונדזערע קדושים אין אונדזער אייגן הויז אין ישראל.

עס דערמאָנט זיך מיר דאָס יאָר 1941 ווען מיר אין דעטרויט האָבן פאָרגעשלאָגן אַ פּראָיעקט צו זאַמלען 25 טויזנט דאָלאַר — ווי מיר האָבן עס גערופן „אַ נאָך מלחמה־פאָנד" — און מיר האָבן גערופן אָנצוהייבן די אַקציע תיכף ביי אַלע גאָמבינער סאָסיי־טעס.

מיר האָבן דאַן אין דער פינצטערקייט פון דער נאַכט, אין דער אימהדיקער מלחמה צייט, ניט געקענט זיך אַנדערש פאָרשטעלן ווי אַז אָט באַלד ווערט די וועלט באַפרייט ווערן, מיט אונדזער שטעטל גאָמבין בתוכם; אַז מיר דאַרפן דעריבער זיין גרייט מיט אונדזער הילף ווען עס וועט קומען די באַ־פרייאונג. ווער וועט אַנטקעגן קומען מיט דער גרויסער הילף און צוריקצושטעלן דאָס מלחמה געליטענע גאָמבין, אויב מיר אַליין,


סעם רעיפּל

די לאַנדסלייט, וועלן עס נישט באַוויזן צו טאָן? ווער האָט זיך דאַן געקענט פאָרשטעלן אין אונדזער צייט, אַז דער חורבן וועט זיין אַזוי מוראַדיק גרויס, וועט זיין אַזוי שרעק־לעך גרויזאַם, אַז ס׳וועט נישט בלייבן קיין זכר פון אידישן לעבן דאָרט אין אונדזער אַלטער היים?!

אין יענער צייט, ווען עס איז רייף געוואָרן דער פּראָיעקט פאַר אַזאַ היבש־גרויסן פאָנד האָבן מיר נישט געדאַרפט איינקנעלן מיט סעם רעיפּעל, מיט דעם פאָרשטייער פון ניו־יאָרק און נואַרק סאָ־

סייטיס, וועגן דער ווירטיקייט פון אונדזער פּראָיעקט. אָט ליגט פאַר מיר אַ בריוו דאַטירט נאָוועמבער 1941, אין וועלכן ער שרייבט: „אייער פּראָיעקט איז גראַנדיעז און מיין האַרץ איז מיט אייך. איך וועל טאָן אַלץ, וואָס איז מעגלעך צו פאַרווירקלעכן די אונטערנעמונגען. תיכף רופן מיר אַ פאַרזאַמלונג!!"

פון דאַן אָן, מער נאָך ווי פריער, אַנט־פּלעקט זיך מיר דער מענטש סעם רעי־פּעל. אין אַ בריוו וועלכער פאָלגט נאָך דעם ערשטן שרייבט ער צו מיר: „כ'בין גליק־לעך דיר צו לאָזן וויסן אַז איך האָב אַ סך אונטערשטיצונג פאַרן פאָנד — און איך בין מיט דער מיינונג אַז מ'דאַרף פאַר־גרעסערן די סומע אויף 35 טויזנט דאָלאַר! ס'איז אַ גראַנדיעזער פּראָיעקט, אָבער אַז מ'וויל איז עס נישט קיין חלום"...

דער מענטש סעם רעיפּעל האָט זיך פאַר מיר אַנטפּלעקט נישט נאָר אין געלט אַק־ציעס, נישט בלויז אין דער מאַטעריעלער שטיצע און טעטיקייטן זיינע אין די ענינים פון קריגן ביישטייערונגען, — נאָר דער עיקר אין זיין אייגנאַרטיקייט און האַרציקער וואַרעמער באַציאונג צו זיין אידעאַל וואָס האָט געהייסן „גאָמבינער טעטיקייט" — און וואָס איז אים אַזוי נאָענט געווען מכמה וכמה יאָרן, אַז עס האָט דערגרייכט כמעט צו חסידישער התלהבותדיקייט. ביי אים איז ניט געווען אַזאַ וואָרט ווי יאוש. זיין טיפע איבערצייגונג, זיין דראַנג צו העלפן אַלע אונטערנעמונגען, צו העלפן אַנדערע גאָמבינער טעטיקייטן, זיינען געווען ביי אים אַ גרויסע טייל פון זיין טאָג־טעגלעכן לעבן.

צו העלפן אונדזערע בני עיר אין יש־ראל דורך דער גמילת חסד קאַסע איז ביי אים געוואָרן אַ לעבנס אידעאַל. און דערנאָך איז צוגעקומען זיין חלום צו פאַרווירקלעכן דעם ספר יזכור לקהילת גאָמבין; צו פאַר־אייביקן דעם אויפקום, דעם פונאַנדערוואוקס, דעם גייסטיקן אויפשטייג, דעם געראַנגל, די פּיין, און דעם גרויסן חורבן פון אומ־קום פון אונדזער היים שטאָט. — ער איז ביז צו זיין לעצטן אָטעם געווען פון די טרעגער און פליסיקע אַרבעטער פאַר דער אידעע.

איך האָב געהאַט די זכיה צו אַרבעטן מיט מיין בעסטן פריינט אַריבער אַ פערטל יאָרהונדערטס לטובת גאָמבינער אַקציעס, און תמיד האָב איך געשעפּט אינספּיראַציע פון זיין אָפּטימיזם און פון זיין התלהבות.

זאָל דאָ דערמאָנט ווערן אַז ביידע, ער און זיין חנעוודיקע, סימפּאַטישע, דינאַמישע לעבנס באַגלייטערן יעטאַ, האָבן אַלע זייערע יאָרן געהאַט אַ האַרציק־וואַרעמע באַצי־אונגען צו אַלעם, וואָס איז געווען נוגע גאָמבינער אַקטיוויטעטן.

ס'איז אים און זיין ליבער פרוי באַ־שערט געווען צו זיין אין ישראל עטלעכע מאָל און צו אָטעמען די לופט פון גאולה; עס איז אים באַשערט געווען צו האָבן די גרויסע פרייד צו זען זיין חלום פאַרווירק־לעכט, צו זען דאָס ברויזנדיקע ישראל, דאָס אינטענסיווע לעבן, די שעפערישקייט פון ענערגיע. און דאָרטן, אין ישראל צו טרעפן זיך מיט בני עיר אין גאָמבינער הויז אין דעם זיבער־וויסע צעשטראַלטער מויער, וואָס סימבאָליזירט דאָס נייע און ליכטיקע. די אַלע איינדרוקן האָט ער געברענגט מיט זיך נאָך זיין צוריקקער אַהיים און האָט זיי איבערגעגעבן ווי זיסן וויין אין זיינע באַריכטן ביי פאַרזאַמלונגען. עס האָט אַלע־מאָל געשטראַלט פון אים, די יום טובדיקייט פון פאָלקס מענטש, פון אונדזער אומפאַר־געסענעם, סעם רעיפּעל.

**לואיס פיליפּס (פּאָטשעכאַ)**

פרעז' גאָמבינער פאַראיין
אין דעטראָיט, מיש.

ערשטער טייל

# גאַמבין — פון די עלטסטע צייטן
# ביז דער ערשטער וועלט־מלחמה

# די געשיכטע פון גאָמבין

## פון די גאָר עלטסטע צייטן ביז צום אָנהייב פון 19טן יאָרהונדערט

ווי אַלט איז געווען דער ייִדישער ישוב אין גאָמבין? ווער זענען געווען די ערשטע ייִדן, וואָס זיינען דאָרט געקומען און האָבן אויפגעשלאָגן זייערע געצעלטן? דאָס איז נישט באַקאַנט. די ווייטע פאַרגאַנגענהייט פון דאָזיקן וואונדערלעך־שיינעם שטעטל, וואָס ליגט ביי די ברעגעס פון טייך נידא און איז אַרומגערינגלט מיט שמעקעדיקע סאָסנע־וועלדער און מיט פּרוכטבאַרע פעלדער, איז איינגעהילט אין פאַרשידענע לעגענדעס.

אויב אין די דאָזיקע לעגענדעס זיינען פאַראַן קערנער פון אמת — זיינען די ערשטע ייִדן געקומען קיין גאָמבין אין דער צייט, ווען איבער מערב־אייראָפּע האָבן געבושעוועט די קריסטלעכע ריטער, די קרייצלער, וועלכע זענען אַוועק קיין ירושלים צו באַפרייען דאָס קבר פון זייער דערלייזער, אָבער אונטערוועגנס האָבן זיי דערווייל גערויבט, געמאָרדעט און געפּליגדערט די ייִדישע איינוואוינער פון די שטעט און שטעטלעך אין מערב־אייראָפּע. אין יענע צייטן זיינען מחנות ייִדן אַנטלאָפן אין גרויס בהלה אויף מזרח און דעמאָלט זאָל איינע פון די ייִדישע מחנות האָבן אָנגעקומען קיין גאָמבין, וואו זיי זיינען אויפגענומען געוואָרן פריינטלעך דורך דער פּוילישער באַפעלקערונג. אַזוי דערציילט איינע פון די לעגענדעס. עס זיינען אָבער פאַראַן אַנדערע, וועלכע זאָגן פאַרקערט, אַז נישט די פּאָלאַקן, נאָר אַז די ייִדן זיינען געווען די ערשטע, וואָס האָבן אויפגעשטעלט דעם ישוב אין גאָמבין און אַז די פּאָלאַקן זיינען דאָרטן ערשט אָנגעקומען שפּעטער.

לויט דער דאָזיקער לעגענדע האָט אַזאַ גרופּע ייִדישע פאַמיליעס, אויף זייער וואַנדערוועג פון דייטשלאַנד, זיך אָפּגעשטעלט אינמיטן פון די פּרעכטיקע סאָסנע־וועלדער, און זייענדיק אַנטציקט פון דער שאַרפער, בשמימדיקער לופט, פון די מאַיעסטעטישע ביימער און פון דעם פאַרכישופטן פייגלגעזאַנג, האָבן זיי באַשלאָסן, אַז דאָ, אויפן ראַנד פון דאָזיקן וואַלד, ביי די ברעגעס פון דעם טייכל און נישט ווייט פון דער ווייסל, וואָס איז געווען אַ באַקוועמע פאַרבינדונג מיט די ווייטע גרויסע שטעט, וועלן זיי זיך באַזעצן. וועלכע פון די לעגענדעס איז אַ ריכטיקע איז נישט באַקאַנט, אָבער איינס איז זיכער, אַז גאָמבין איז במשך פון הונדערטער יאָרן געווען אַזאַ בשותפותדיק שטעטל פון ייִדן און פּאָלאַקן און אַז די צוויי פעלקער האָבן דאָרט געלעבט ביז צום אויסברוך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה אין אַ רעלאַטיוון פרידן.

די ערשטע פּוילישע ידיעות וועגן גאָמבין שטאַמען פון יאָר 1437, ווען דער פירשט פון ראַוויטש און פון סאָכאַטשעוו האָט געגעבן די אָרטיקע איינוואוינער וואוין־פּריווילעגיעס אויפן סמך פון דייטשע געזעצן. שפּעטער זיינען די דאָזיקע פּריווילעגיעס באַשטעטיקט געוואָרן דורך די פּוילישע מלכים קאַזשימיעזש יאַגעלאָנטשיק, אין יאָר 1467, און דורך זיגמונט דעם ערשטן. דאָס שטעטל איז צוויי מאָל געוואָרן פולשטענדיק אָפּגעברענט — איינמאָל אין 1540 און דאָס צווייטע מאָל אין 1545. שפּעטער איז עס אינגאַנצן חרוב געוואָרן אין די צייטן פון די שוועדישע מלחמות, אין די צייטן פון אַזוי־גערופענעם „מבול”. די הילצערנע הייזער פונעם שטעטל זיינען דעמאָלט אַוועק

מיטן רויך און עס האָט לאַנג געדויערט ביז גאָמבין, וואָס האָט געליטן פון שרפות און מלחמות, האָט זיך צוריק אומגעקערט צום לעבן.

מיר האָבן שוין פריער דערמאָנט, אַז דער סאַמע אָנהייב פון יידישן גאָמבין איז אַרומגעוויקלט אין שאָטנס פון אַ ווייטער און טונקעלער פאַרגאַנגענהייט אָבער מען שאַצט די דאָזיקע פאַרגאַנגענהייטן אויף אַ סך הונדערטער יאָרן. די ערשטע היסטאָרישע דאַטע, וואָס שטעלט פעסט אויף זיכער די עקזיסטענץ פון אַ יידישן ישוב אין גאָמבין, איז די דאַטע פון יאָר 1596. אין דאָזיקן יאָר איז אין גאָמבין פאָרגעקומען אַ בלוט־בילבול, וואָס האָט זיך געענדיקט מיטן גרויזאַמען טויט פון צוויי יונגע גאָמבינער יידן. אין יענעם יאָר זיינען אין גאָמבין פאַרהאַלטן געוואָרן די צוויי ברידער, משה און יהודה, זין פון רב יקותיאל גאָמבינער, און זיי זיינען באַשולדיקט געוואָרן אין אַ „בלוט־מאָרד”. די צוויי יידישע יונגעלייט זיינען אָוועקגעפירט געוואָרן קיין וואַרשע, וואו מען האָט קעגן זיי פאַרפירט אַ „ריטועלן” פראָצעס, אָבער די פרטים פון פראָצעס זיינען אומבאַקאַנט. עס איז בלויז באַוואוסט, אַז מען האָט די צוויי יונגע יידן מוראדיק געפייניקט. מען האָט זיי אַוועקגעשלעפט אויפן וואַרשעווער טאָרטורן־פּלאַץ, וואָס די באַפעלקערונג האָט גערופן „פּיעקעלקאָ” („דאָס קליינע גיהנום”). דאָרט האָט מען זיי צוגענאָגלט צו רעדער, שפּעטער האָט מען די טויטע גופים צוגעבונדן צו די עקן פון לויפנדיקע פערד און צום סוף האָט מען די צעקאַלעטשעטע קערפּערס אויפגעהאָנגען. דער ערשטער פון די צוויי ברידער, משה, איז געוואָרן געפייניקט און געטויט דעם 15טן מאַי, 1596, און דער צווייטער, יהודה, צומאָרגנס, דינסטיק, דעם 16טן מאַי, 1596. יידן האָבן זיך משתדל געווען ביים דעמאָלטיקן קעניג זיגמונט, מען זאָל זיי אַרויסגעבן די קערפּערס פון די צוויי פאַרפייניקטע און דעם 19טן מאַי זיינען זיי געקומען צו קבר־ישראל אין שטעטל בלוינע, דריי מייל פון וואַרשע.

דער טויט פון די צוויי יונגע גאָמבינער יידן האָט דעמאָלט צווישן דער יידישער באַפעלקערונג אַרויסגערופן גרויס צער און מען האָט וועגן דעם עלילת דם מחבר געווען פיל סליחות. צווישן די בעלי־סליחות געפינט זיך דער גרויסער למדן פון יענער צייט, דער קראָקעווער רב און מקובל ר׳ משה מרדכי מאַרגאָליעס און דער גראָדנער למדן ר׳ מנחם מאַניש בן הרב יצחק חיות (1560—1636). די מעשה נורא וועגן די גאָמבינער בחורים האָט אויפגערודערט די יידישע ישובים פון קראָקע ביז צו די קלענסטע קהלות אין פוילן און אין דייטשלאַנד. זייערע נעמען זיינען פאַרשריבן געוואָרן אין פּנקסים. אין טאָג פון יאָרצייט פלעגט מען זאָגן די סליחות, וואָס זיינען ספּעציעל פאַרפאַסט געוואָרן צום אָנדענק פון די קדושים. די קראָקעווער קהלה האָט אויך די פאַסירונג מיט די צוויי יידן פאַרשריבן אין איר פּנקס אין אַ ספּעציעלן פּראָטאָקאָל. יעדן יום כפור ביים דאַווענען האָבן די קראָקעווער יידן געזאָגט די סליחות, וועלכע עס האָט פאַרשריבן זייער רב. אויך אין אַנדערע קהלות האָט מען וועגן דעם עלילת דם געזאָגט באַזונדערע סליחות.

דאָס יאָר פון טראַגישן בלוט־בילבול — 1596 — איז אַזוי אַרום די ערשטע געשיכטלעכע דאַטע, וואָס באַווייזט, אַז אין גאָמבין איז דעמאָלט געווען אַ יידישער ישוב. מיט 90 יאָר שפּעטער איז דאָס יידישע גאָמבין ווידער אַמאָל דערמאָנט געוואָרן אין די געשיכטע־בלעטער און דאָס מאָל — ווידעראַמאָל אויף אַ טראַגישן אופן. גאָמבין האָט דעמאָלט געטיילט דעם גורל פון אַן אַ שיעור יידישע קהילות אין פוילן, וועלכע זיינען חרוב געוואָרן אין דער צייט פון די פויליש־שוועדישע מלחמות. דאָס איז געווען סך־הכל אַ פּאָר יאָר נאָך די מוראדיקע כמיעלניצקי־שחיטות, אין וועלכע עס זיינען געפאַלן הונדערטער טויזנטער יידישע קרבנות. די קאָזאַקן־שחיטות זיינען פאָרגעקומען אין אוקראַינע, אָבער אויך פאַר די יידן פון צענטראַל־ און מערב פוילן האָט די געשיכטע צוגעגרייט אַ בלוטיקן גורל.

אין יענער צייט האָבן די שוועדן אונטער דער אָנפירערשאַפט פון וויטענבערג

גענומען טיף אַריינדרינגען אין דער פּוילישער ערד און זיי זיינען דערגאַנגען אַזש ביז קראָקע. אין אַ סך פאַלן האָבן די פּוילישע חילות זיך אונטערגעגעבן דעם שוועדישן אָקופּאַנט, ווי דאָס איז צום ביישפּיל געווען אין די וואָיעוואודסטוועס פון פּויזן און פון קאַליש, וואו די פּוילישע שליאַכטע איז אַריבער אויף דער זייט פון די שוועדן. אין פּוילן האָט דעמאָלט געהערשט דער קעניג יאַן קאַזשימיעזש, איינער פון די אַממייסטן הילפלאָזע פּוילישע מלכים. נאָך אַ גרויסער צאָל מפּלות האָט דער פּוילישער העטמאַן אָנגעהויבן צוריקצוטרייבן די שוועדן פון די אָקופּירטע טיילן פון לאַנד און די פּוילישע חילות האָבן — דער עיקר נאָכן אַזוי־גערופענעם „נס ביי דער יאַסנאָגורע” אין טשענסטאָכאָוו — אָנגעהויבן אַ גענעראַלע קאָנטער־אָפּענסיווע קעגן די אַריינדרינגלער. און דאָ האָט זיך אָנגעהויבן אַ בלוטיקע טראַגעדיע פאַר די יידן פון די באַפרייטע שטעט און שטעטלעך.

די פּאָלאַקן האָבן באַשולדיקט די יידן, אַז זיי זיינען געווען צופיל פריינטלעך צו די שוועדישע אָקופּאַנטן. און כאָטש די באַשולדיקונגען זיינען געווען פאַלש און אומבאַגרינדעט, ווייל עס זיינען באַקאַנט צאָלרייכע פאַרקערטע פאַלן, ווי יידישע קהילות האָבן צוזאַמען מיט די פּאָלאַקן, געקעמפט קעגן די אָנפאַלער (עס זיינען אַפילו געווען פאַלן, ווען יידן זיינען געשטאַנען אין שפּיץ פון דער פאַרטיידיקונג פון שטעט, ווי דאָס איז למשל געווען אין פּזשעמישל), האָבן אָבער די פּוילישע האָרדעס אומעטום ביים צוריקנעמען די שטעט און שטעטלעך אַדורכגעפירט מוראדיקע שחיטות איבער די יידישע איינוואוינער.

גאַנצע יידישע קהילות זיינען דעמאָלט בעסטיאַליש געוואָרן פאַרניכטעט. די צעירשעטע באַנדעס האָבן מיט דער צושטימונג פון זייער אָנפירערשאַפט, געמאָרדעט יידישע מענער, פרויען און קינדער. אַ סך האָט מען פאַרן טויט אָנגעטאָן מוראדיקע יסורים. מען האָט ביי פיל יידן אויסגעשניטן די אינגעווייד, די צינגער, געוואָרפן זיי לעבע־

דיקערהייט פאַר הינט און חזירים. יידישע פרויען האָט מען געשענדעט און געפייניקט און אומגעברענגט מיט אכזריותדיקע טויטן. אין טייל שטעטלעך האָט מען גאַנצע קהילות געטריבן אין די טייכן און זיי דערטרונקען. אין געוויסע ערטערשאַפטן האָבן די מערדער געשטעלט די יידן אַ באַדינג, זיי זאָלן זיך שמדן, אָבער פיל טויזנטער יידן האָבן דעמאָלט אויסגעקליבן צו שטאַרבן אויף קידוש השם. בלויז געציילטע יידן האָבן זיך באַוויזן צו ראַטעווען און זיינען אַנטלאָפן קיין דייטשלאַנד, אַ צאָל איז געוואָרן אויסגעקויפט דורך די קהילות פון ווין, ווענעדיק, פראַנקפורט און אַמסטערדאַם. צווישן די אומגעבראַכטע יידן זיינען געווען פיל גדולי הדור, רבנים און למדנים; אין די פייערן זיינען פאַרברענט געוואָרן 1800 שולן און פיל ישיבות. און אָט אין יענער בלוטיקער פּאָגראָם־כוואַליע האָט אויך גאָמבין נישט אויסגעמיטן דעם גורל פון פיל אַנדערע יידישע ישובים.

אין יענע פינצטערע טעג זיינען אין גאָמבין אומגעבראַכט געוואָרן די עלטערן פון דעם גרויסן גאָמבינער למדן און פאַרפאַסער פון „מגן אַברהם”, רב אַברהם אַבעלע גאָמבינער. פאַר זיינע אויגן איז פאַרפּייניקט געוואָרן זיין פאָטער, רב חיים הלוי און אויך זיין מוטער. דער יונגער, סך־הכל 20־יעריקער אברהם אַבעלע האָט באַוויזן צו אַנטרונען פון גאָמבין קיין קאַליש. אויף דער פּערזענלעכקייט פון אברהם גאָמבינער (בעל מגן אברהם) איז דאָ באַזונדער וויכטיק זיך אָפּצושטעלן, ווייל זיין נאָמען לייכט אַרויס מיט אַ באַזונדער ליכט פון די גאָמבינער יידישע געשיכטע־בלעטער.

רב אברהם אַבעלע בן רב חיים הלוי איז געבוירן געוואָרן אין גאָמבין און כאָטש ער איז שפּעטער אַוועק און איז באַרימט געוואָרן אין קאַליש ווי אַ דיין און ראש ישיבה, ווערט ער אָבער אָנגערופן „גאָמבינער”. ווען ער איז נאָך געווען גאָר יונג, וויי־ניקער ווי 30 יאָר, איז ער מפורסם געוואָרן מיט זיין פּירוש צום שולחן ערוך (דאָס ספר האָט געהייסן „אורח חיים” און איז שפּעטער באַקאַנט געוואָרן ווי „מגן

אברהם"). ער איז אויך געווען דער מחבר פון אַ צאָל אַנדערע ספרים ווי „לחם הפנים", „חוקי דרך" און אַ זאַמלונג פון דרשות. ער האָט אויך געמאַכט פּרוואוון צו שרייבן פּאָעזיע. ער האָט אָנגעשריבן אַ קינה אויפן חורבן בית המקדש און אַ ליד, וואָס האָט פאַרהערלעכט די תורה. די ספרים זיינען שפּעטער אַרויסגעגעבן געוואָרן דורך זיין זון חיים, אין הערנפורט, אין יאָר 1692. רב אברהם אַבעלע איז אין זיין צייט באַרימט געווען איבער דער גאָרער יידישער וועלט און אין פיל פאַלן, ווען עס זיינען געווען שקלא וטריאס וועגן דינים, פלעגט מען אָננעמען זיין פּסק.*

די ווייטערדיקע פּאָר צענדליק יאָר נאָך דער דראַמע פון די שוועדישע מלחמות, זיינען ווידער איינגעהילט אין אַ נעפּל. ווי אַזוי האָט די חרובע קהילה זיך צוריק אויפגעבויט? דערויף זיינען ווידער נישטאָ קיין געבליבענע דאָקומענטן, וואָס זיינען מסתמא איינגעשלונגען געוואָרן אין די ווייטערדיקע געוויטערס. די ערשטע דאַטע, וואָס שיינט ווידער אַמאָל אַרויס ווי אַ ליכט־טורעם פון דער גאָמבינער יידישער געשיכטע, איז דאָס יאָר 1710, אין וועלכן מען האָט אויפגעשטעלט די באַרימטע גאָמבינער שוהל, איינע פון די גרעסטע אַרכיטעקטור־וואונדער אין פּוילן. די שול איז אויפגעבויט געוואָרן אין יאָר 1710 און איז שפּעטער געוואָרן אויפגעפרישט אין יאָר 1893. די דאָזיקע צוויי דאַטעס זיינען געווען פאַראייביקט אין די צוויי מעטאַלענע פענדלעך, וואָס האָבן געשטעקט אין די שפּיצן פון די צוויי טורעמס. אין די צוויי פענדלעך האָבן זיך געפונען די אויסגעשניטענע אותיות „ת"ע" (די דאַטע פון בויען) און תרנ"ג (די דאַטע פון אויפפרישן און באַנייען).



די גאָמבינער שול

די גאָמבינער שול איז באַרימט געווען איבער גאַנץ פּוילן צוליב איר אינטערעסאַנטער אַרכיטעקטור און אויך צוליב אירע וואונדערלעכע שניצערייען אינעווייניק, אויף די ווענט, אויפן באַלעמער און דער עיקר די שניצערייען פון ארון קודש. די שול איז געווען רייך אין אַלט־יידישע אָרנאַמענטיק, אין טייערע פּרוכתן און פּרעכטיקע הענגלייכטער. די שול איז געווען רעגיסטרירט

לאָמיר דאָ דערביי דערמאָנען, אַז ס'איז געווען ביי אַ צאָל יידישע היסטאָריקער אַ פּלוגתא וועגן דעם, צי דער „מגן אברהם" שטאַמט טאַקע פון גאָמבין, צי נישט אַמאָל פון אַ קליין שטעטעלע גאָמבינען, נעבן פּויזן. די „ענציקלאָפּעדיאַ יודאַיקאַ" דערמאָנט דעם דאָזיקן קלאַנג בלויז דורכגייענדיק און זאָגט קורץ, אַז די השערה וועגן גאָמבינען איז אַ פאַלשע. איינער פון די פאָרשער פון דער גאָמבינער געשיכטע און פון גאָמבינער פאָלקלאָר, דער היסטאָריקער הרב י. ל. זלאָטניק, וועלכער איז אַ צאָל יאָרן געווען גאָמבינער רב האָט אַ סך געפאָרשט גאָמבינס פאַרגאַנגענהייט. אין זיין אַרבעט „שרידים מקהילת גומבין" האָט ער קאַטעגאָריש אָפּגעלייקנט דעם דאָזיקן קלאַנג. ערשטנס — שרייבט הרב זלאָטניק — באַווייזט דער נאָמען „ר' אברהם גאָמבינער", אַז ער האָט געשטאַמט טאַקע פון גאָמבין (ווייל טאָמער וואָלט ער געשטאַמט פון גאָמבינען, וואָלט מען אים גערופן דער „גאָמבינענער"). צווייטנס איז אין גאָמבין שטאַרק געווען באַפעסטיקט די טראַדיציע, אַז דער „מגן אברהם" איז טאַקע געווען אַ גאָמבינער און עס איז ביי קיינעם נישט געווען דערין קיין צווייפל.

הרב זלאָטניק גיט איבער, אַז עלטערע גאָמבינער יידן האָבן אָנגעוויזן אויף אַ ברונעם, וועגן וועלכן מען האָט דערציילט, אַז דאָ פלעגט רב אברהם גאָמבינערס מוטער גיין טבילה. יעדן פרימאָרגן פלעגט זי קומען אין דער ווייבער־שול און זאָגן צום רבונו של עולם: „אַ גוטן טאָג דיר, גאָטעניו, לאַנג קאָן איך מיך דאָ נישט אויפהאַלטן, ווייל כ'מוז אַהיימגיין גרייטן עסן פאַר מיין אברהמעלע, ער זאָל האָבן כוח צו לערנען דיין הייליקע תורה".

דער נאָמען פון „מגן אברהם" — שרייבט הרב י. ל. זלאָטניק — איז צופיל אַריינגעפלאָכטן אין גאָמבינער פאָלקלאָר, און אויך אין פאָלקלאָר פון די אַרומיקע שטעטלעך, אַז ס'זאָל קאָנען זיין אַ ספק וועגן זיין אָפּשטאַם.

אין פוילישע קולטור־מיניסטעריום ווי אַ היסטאָרישע אַלטערטימלעכקייט און מען פלעגט קומען פון נאָענט און ווייט — אַפילו פון אויסלאַנד — זי צו באַוואונדערן. די פוילישע רעגירונג האָט געהאַט פאַרבאָטן צו מאַכן ענדערונגען אין דער שול און עס איז פאַראַן אַ ידיעה, אַז דאָס פוילישע קולטור־מיניסטעריום האָט אַפילו פאַרגעלייגט די יידן צו געבן געלט אויף אַן אַנדערע שול, זיי זאָלן אַוועקגעבן די אַלטע אויף אַ קינסטלערישן מאָנומענט.

פאַר דעם אַריינגאַנג פון דער שול האָט זיך געפונען אַ גרויסער פּאָליש (אַ לאַנגער קאָרידאָר) און נאָענט צו דער טיר, וואָס האָט געפירט אין שול אַריין, איז געווען צוגעשמידט צו דער וואַנט אַן אַזוי־גערופענע „קונע" — צוויי אייזערנע, האַלבע רינגען. אין אַמאָליקע צייטן פלעגט מען אַ יידישן זינדיקן, אַ פּושע ישראל, צופירן צו דער וואַנט, פאַרשליסן דעם האַלדז אין דער „קונע" און אַזוי לאָזן אים שטיין אַ צוגעשמידטן צו דער וואַנט, כדי יעדער ייד זאָל קאָנען קומען און קוקן אויף אים מיט פאַראַכטונג. מען פלעגט דערציילן, אַז יצחק לייבוש פּרץ האָט פאַר זיין דראַמע „אין פּאָליש אויף דער קייט" גענומען פאַר אַ



דער באַלעמער אין דער גאָמבינער שול

„מאָדעל" די קונע פון דער גאָמבינער שול.

די אינעווייניקסטע פּרוכתן זיינען געווען אַזוי וואונדערלעך שיין, אַז ווען שלום אַש, וועלכער איז געווען אַ ליבהאָבער פון אַנטיקן, האָט באַזוכט די שול, האָט ער געזאָגט, אַז אַזעלכע פּרוכתן האָט ער בלויז געזען אין דער באַרימטער סינאַגאָגע פון שפּאַניע, אין דער שטאָט טאָלעדאָ. די גאָמבינער שול איז נאַטירלעך געווען איינגעטונקען אין לעגענדעס. אַזוי למשל האָט מען דערציילט, אַז צום בויען די שול האָט אַ פוילישער פּריץ געשאָנקען די אומגעהויערע מאַסע מיט האָלץ. ער האָט דערביי אויסגענומען אַ תנאי, אַז דערפאַר זאָלן די יידן יעדעס יאָר צאָלן אַ געוויסע סומע פאַר צוויי קריסטלעכע קלויסטערס. יעדעס יאָר, ווען די קהילה האָט (אין די רוסישע צייטן) צוגעשטעלט צום באַשטעטיקן דעם בודזשעט, האָט זי אויך צוגעשטעלט די פּאָזיציע פאַר די צוויי קלויסטערס.

אין גאָמבין איז אַרומגעגאַנגען אַ לעגענדע, אַז רביים פון פריערדיקע דורות האָבן געבענטשט די שול, אַז זי זאָל קיינמאָל נישט פאַרברענט ווערן. דערמיט האָט מען שפּעטער דערקלערט, אַז פיל פאַרגעקומענע שרפות האָבן איבער דער שול נישט געהאַט קיין שליטה. אָבער די ברכה פון די רביים האָט נישט געקאָנט ביישטיין דעם וואַנדאַליזם פון די נאַציס, וועלכע האָבן קורץ נאָכן איינגעמען די שטאָט גאָמבין, אונטערגעצונדן די שול און פאַרוואַנדלט די וואונדערלעכע געביידע אין אַ באַרג אַש.

אויסער דער שול האָט גאָמבין געהאַט נאָך אַ זאַך, וואָס האָט איר געמאַכט פּאָפּולער אין פיל אַרומיקע שטעטלעך. לויטן יידישן דין מעג מען אָנשרייבן אַ גט בלויז אויף אַן אָרט, וואו עס איז דאָ אַ טייך מיט אַ נאָמען, אָבער נישט יעדעס יידישע שטעטל האָט געהאַט אַ טייך מיט אַ נאָמען. גאָמבין האָט געהאַט ביידע — סיי אַ טייכל און סיי אַ נאָמען (נידא) און יידישע פאָרפעלקער, וואָס האָבן זיך געוואָלט גטן און האָבן נישט געהאַט קיין טייך ביי זיך אין שטעטל, פלעגן קומען קיין גאָמבין, וואו עס האָט זיך אַזוי אַרום געשאַפן אַ גאַנצע „גט־אינ־

דוסטריע". דאָס איז געוואָרן אַ קוואַל פון אַ זייטיקער הכנסה אי פאַר דעם רב, אי פאַר אַנדערע כלי קודש — פאַרן סופר, שמש און עדות.

גאָמבין האָט אַלע מאָל שטאָלצירט מיט אירע גרויסע רבנים פון אַמאָל און פון די שפּעטערדיקע יאָרן. אין דער ערשטער העלפט פון 19טן יאָרהונדערט, איז געזעסן אויף דער רבנות־שטול רב פּייוול גריצער, וועלכער איז שפּעטער געוואָרן דער ערשטער רבי פון דער אַלעקסאַנדרער חסידישער דינאַסטיע. אויף זיין שטעלע איז שפּעטער, אין 1841, אויפגענומען געוואָרן דער שפּעטער־באַרימטער רבי יהושעלע קוטנער. ביים אָנקומען קיין גאָמבין איז ער נאָך אָבער געווען זייער יונג. ער איז אַלט געווען בלויז 26 יאָר. קיין גרויס נחת האָט ער, ווייזט אויס, אין גאָמבין נישט געהאַט. נאָך רב פּייוול גריצער איז שווער געווען צופרידן צו שטעלן גאָמבינער קהל. מען האָט זיך ווייניק וואָס גערעכנט מיט דעם גאָר יונגן רב און ר' יהושעלע קוטנער האָט אַ געוויסן פרייטיק נאָכמיטאָג צוזאַמענגענומען זיינע זאַכן, האָט זיי אויפגעלאָדן אויף אַ וואָגן און איז אַוועק פון גאָמבין. ערשט שפּעטער האָט גאָמבין שטאָלצירט מיט דעם וואָס רב יהושעלע קוטנער, וועלכער האָט אין די שפּעטערדיקע יאָרן געשמט ווי אַן עילוי הדור, איז געווען אַמאָל גאָמבינער רב.

אין יענע צייטן איז גאָמבין געווען אַ פעסטונג פון חסידיזם. די חסידים האָבן געהאַט זייערע באַזונדערע שטיבלעך און פון יעדן שטיבל האָבן אַרויסגעקלונגען ניגונים פון זייערע רביים. אָבער די פּראָסטע בעלי־הבתים האָבן זיך באַגנוגנט מיט זאָגן תהילים. גאָמבין האָט טאַקע געהאַט אַ שם פון אַ שטעטל, וואו מען האָט שטאַרק געהאַלטן פון תהילים־זאָגן. דערביי האָט מען נישט סתם אַזוי געזאָגט תהילים. מען פלעגט אויסזינגען די קאַפּיטלען תהילים מיט אַ באַזונדערער כוונה און חדווה. דאָס איז געטאָן געוואָרן מיט אַן אומגעהויערן ברען און התלהבות. גאָמבינער יידן האָבן זיך בעתן תהילים־זאָגן אַדורכגעשמועסט אינטים מיטן רבונו של עולם. די גאָמבינער האָבן דאָס איבערגענומען פון דער גאָסטינינער שיטה, פון גאָסטינינער צדיק.

רב יחיאל מאיר ליפשיץ האָט געהאַלטן, אַז „תהילים זאָגן העלפט", אַז תהילים איז אַ סגולה צו אַלץ — צו געזונט, פרנסה, אריכת ימים, צו מבטל מאַכן גזירות רעות און אָפּצוהיטן פון כלערליי פורעניות. אין גאָמבין איז מען געווען גרויסע אָנהענגער פון גאָסטינינער צדיק און אַפּילו צענדדיקער יאָרן נאָך זיין פּטירה (ער איז נפטר געוואָרן אין 1888), איז זיין אויטאָריטעט געווען פּונקט אַזוי שטאַרק, ווי אין די יאָרן, ווען ער האָט געלעבט.

אַ סך מער פּרטים זיינען באַקאַנט וועגן דער גאָמבינער יידישער געשיכטע אין 19טן יאָרהונדערט, ווייל עס זיינען פאַרבליבן צוויי פּנקסים פון דער חברה משניות און חברה תהילים. רב יהודה לייב זלאָטניק האָט אַריינגענומען אין זיין אַרבעט „שרידים מקהילת גומבין" אויסצוגן פון די פּנקסים. די צוויי חברות זיינען געגרינדעט געוואָרן אין גאָמבין אויפן שוועל פון 19טן יאָרהונדערט און מען קאָן פון זיי באַקומען אַ באַגריף וועגן די ענינים, וואָס האָבן דעמאָלט באַשעפטיקט די רבנים און די פּרנסים פון דער קהילה.

די חברה משניות האָט געהאַט באַזונדערע פּריווילעגיעס. אַריינגענומען האָט מען בלויז די, וואָס האָבן געקענט גמרא און תוספות. די חברה משניות האָט נישט דערלויבט צו גרינדן אַ צווייטע ענלעכע חברה. זי האָט זיך פאַרנומען מיט פאַרקויפן פּלעצער („שטעט") אין דער שול און פאַר דער הכנסה פונעם געלט האָט מען געקויפט ספרים פאַרן בית מדרש און מען האָט דערפון אויסגעהאַלטן די מקווה. די חברה האָט אויך פאַרקויפט די רעכט צו פאַרזאָרגן די שול מיט וויין אויף קידוש און הבדלה. זוכה געווען האָט דער, וואָס האָט געגעבן אַ גרעסערן פּרייז. אין יאָר 1820 האָבן די גבאים פון דער חברה משניות גענומען אויף זיך אויפצובויען אַ ניי בית־מדרש און עס איז דעמאָלט אַנטשטאַנען די פּראַגע, ווער

פון די פרנסים, די אָפיציעלע פאַרטרעטער פון דער קהילה, זאָל האָבן די שליטה און די דעה איבער די ספרי־תורות און ספרים פון בית מדרש. דער רב האָט דעמאָלט געפּסקנט, אַז די ספרים זאָלן בלייבן אין רשות פון דער חברה משניות.

די חברה תהילים האָט געהאַט אַנדערע דאגות. איינע פון די אויפגאַבן פונעם רב איז געווען צו זאָגן מיטן עולם יעדן שבת אַ שיעור אין שול — אין פאַרלויף פון גאַנצן זומער. דערפאַר האָט יעדער חבר פון דער חברה תהילים זיך מתחייב געווען צו צאָלן דעם גבאי פון דער חברה אַ געוויסע סומע און דאָס געלט איז געגאַנגען פאַרן רב ווי אַ צושטייער צו זיין געהאַלט. נאָך אַ תקנה איז געווען ביי חברה תהילים, אַז ווען אַ חבר שטאַרבט, מוזן אַלע חברים קומען צו אים נאָך יציאת נשמה און זאָגן תהילים. די חברה תהילים פלעגט אויך יעדן צווייטן טאָג שבועות, וואָס איז אָנגענומען ווי דוד המלכס יאָרצייט, פראַווען אַ באַזונדערע צערעמאָניע. זיי פלעגן זיך פאַרזאַמלען אין שול און זאָגן גאַנץ תהילים פון אָנהייב ביז צום סוף, אַלע 150 קאַפּיטלען. מען האָט דערביי אָנגעצונדן 150 ליכט. טאָמער איז דער טאָג אויסגעפאַלן אין אַ שבת, האָט מען מיט אַ טאָג פריער אָנגעצונדן 150 וואַקסענע ליכט.

אַזוי ווי אין אַ גרויסער צאָל שטעטלעך פון יענע יאָרן איז דאָס יידישע לעבן געפלאָסן אָפּגעזונדערט פונעם לעבן פון דער אַרומיקער באַפעלקערונג. דער איינציקער קאָנטאַקט מיט די פוילישע שכנים און מיט די דייטשע קאָלאָניסטן פון דער גאָמבינער אומגעגנט, זיינען געווען געשעפטלעכע. יידן האָבן אָפּגעהיטן זייער שטייגער און דאָס רעליגיעזע לעבן, די טראַדיציעס און די טיף־איינגעוואָרצלטע יידישקייט, האָבן אָפּגעהיטן די יידישע אַנדערשקייט. פונדעסטוועגן זיינען אויך געווען מאָמענטן, ווען יידן האָבן זיך באַטייליקט אין גרעסערע פּאָליטישע געשעענישן פון לאַנד, ווי דאָס איז געווען דער פוילישער אויפשטאַנד פון יאָר 1863 (וועגן וועלכן מיר שרייבן באַזונדער).

מען קאָן זאָגן, אַז ביז צום סוף פון 19טן יאָרהונדערט איז דאָס לעבן אין יידישן גאָמבין געפלאָסן לויטן אַלטן און טראַדיציאָנעלן יידישן שטייגער. יידן האָבן גערעדט כמעט בלויז יידיש. פּויליש און אַביסל דייטש האָט מען געלערנט פון די שכנים בלויז אויף אַזוי פיל, אויף וויפיל דאָס איז נויטיק געווען צום האַנדל. קיין וועלטלעכע באַוועגונגען זיינען נישט געווען און מיט פּאָליטיש־סאָציאַלע אָדער נאַציאָנאַל־יידישע פּראָבלעמען האָבן זיך פאַרנומען בלויז יחידים. אין זיינס אַן אַרבעט „צו דער געשיכטע פון די גאָמבינער יידן”, דערציילט ישראל חיי (חייעק), וועלכער לעבט אין ישראל, אַ סך איינצלהייטן וועגן די יאָרן פאַרן איבערברוך וואָס איז פאָרגעקומען אין יידישן לעבן ביים שוועל פון צוואַנציקסטן יאָרהונדערט.

די איינציקע לערן־אַנשטאַלטן אין גאָמבין זיינען געווען חדרים. אין די חדרים האָבן געלערנט בלויז די יינגלעך. מיידלעך האָבן אין די חדרים נישט געלערנט. מען האָט געלערנט פון אלף־בית ביז חומש און רש"י. קינדער פון חסידישע אָדער פאַרמעגלעכע עלטערן פלעגן ווייטער לערנען, אין העכערע חדרים, גמרא מיט תוספות. די מערהייט האָט פאַרלאָזט די חדרים אין עלטער פון אַ 12 יאָר און האָט אָנגעהויבן צו אַרבעטן, כדי מיטצוהעלפן די עלטערן אין פרנסה. בלויז אַ קליינער טייל האָט געלערנט ווייטער פאַר זיך, אין בית מדרש, אַ ווייטערדיקע פאַר יאָר, ביז עס איז געקומען די צייט פון מיליטער־דינסט אָדער פון חתונה־האָבן. שרייבן האָט מען אין די חדרים נישט געלערנט, אַפילו נישט קיין יידיש. ווער עס האָט געוואָלט קענען שרייבן האָט געמוזט אָנקומען צו אַ פּריוואַטן לערער, וועלכער האָט געהאַט אַ „שיינע האַנטשריפט”, אָדער אין אַ פּריוואַטער שולע. דאָרט, אין אַזאַ פּריוואַטער שולע, האָבן זיך שוין אויך געלערנט מיידלעך. זיי האָבן זיך מייסטנטייל געלערנט שרייבן אַ יידישן בריוו און אויך אַן אַדרעס אויף רוסיש אָדער פּויליש.

אַ געוויסן טאָג האָט די רוסישע מאַכט

געפּאַדערט פון די חדרים, אַז די קינדער מוזן לערנען רוסיש און מען האָט דעריבער געשיקט די תּלמידים אויף עטלעכע שעה אַ וואָך אין דער פּוילישער „שקאָלע“, וואו זיי האָבן געלערנט אַביסל רוסיש.

פאַר יידישע קינדער, וואָס האָבן געוואָלט באַקומען וועלטלעכע בילדונג און נישט דווקא אין דער פּוילישער שקאָלע, איז אויך שפּעטער אין גאָמבין געגרינדעט געוואָרן אַ פּריוואַטע יידישע שולע, וואָס האָט געהערט צו אַ דיפּלאָמירטן לערער. דאָרט האָט מען געלערנט די תּלמידים העברעאיש מיט דקדוק און אויך אַלגעמיינע לימודים ווי היסטאָריע, געאָגראַפיע און אַריטמעטיק.

דאָס איז אָבער נישט געווען דער כּלל נאָר דער אויסנאַם. אין אַלגעמיין איז דאָס יידישע לעבן אין גאָמבין, ביז צום אָנהייב פון 20טן יאָרהונדערט, געווען ענלעך צום יידישן לעבן אין אַלע אַנדערע שטעטלעך פון יענער צייט פון פּוילן און רוסלאַנד. דאָס לעבן איז געווען רייך אין טראַדיציע, אָבער עס איז געווען איזאָלירט און אָפּגעזונדערט, אַ לעבן אויף וועלכן די אויסערלעכע וועלט האָט געהאַט ווייניק השפּעה.

אָבער שוין ביים סוף פון 19טן יאָרהונדערט האָבן אין יידישן לעבן פון גאָמבין, פּונקט ווי אין הונדערטער אַנדערע יידישע ישובים, גענומען אָנקלאַפּן די פינגער פון נייע צייטן. אין יענע יאָרן איז אויפגעקומען די השכּלה, די באַוועגונג, וואָס האָט ווי אַ שטורעם גענומען איבעראַקערן דעם אומבאַוועגלעכן יידישן שטייגער פון לעבן. און צוזאַמען מיט דער השכּלה, וועלכע האָט אויפגעריסן און פאַרענדערט דאָס יידישע לעבן פון אויסנווייניק, זיינען געקומען גרויסע אויסערלעכע געשעענישן, וואָס האָבן אַ וויג געטאָן מיט די פונדאַמענטן פון יידישן שטייגער. דאָס איז געווען דאָס אויפשטייגן פון גרויסע אַרבעטער־באַוועגונגען און די ערשטע גרויסע רעוואָלוציע פון 1905. און די דאָזיקע „פינגער פון דער צייט“ האָבן אויך גענומען קלאַפּן אין די פענצטער פון יידישן גאָמבין.

א. ש.

יעקב מ. ראָטבאַרד

# גאָמבין און די געשעענישן פון יאָר 1905



יעקב מ. ראָטבאַרד

דאָס איז געווען אין שפּעטן פרילינג פון דעם יאָר 1905. די תבואה אויף די פעלדער איז שוין געווען הויך אויסגעוואַקסן און האַלב־רייף פאַרן שניט אַראָפּצונעמען. עס איז געווען אין האַלבן חודש. די לבנה איז געווען אַרויס און געוואָרפן אַ העל ליכט אויף די זאַנגען פון די קאָרן, ווייץ, גערשטן, האָבער פעלדער. די שטערן אין הימל האָבן געפינקלט און געהאָלפן שאַפן איינע פון די צויבערנדיקסטע נעכט פון דעם פוילישן פרילינג.

אין אָט אַזאַ נאַכט איז אויסגעקומען צו האָבן אַ באַראַטונג פון די אָנפירער פון דער גאָמבינער זעלבסט־שוץ. ס׳איז געווען אָפּגערעדט זיך צו טרעפן ווייט אַרויס הינטערן שטאָט נעבן דעם וויאַטריק, וואָס האָט זיך געפונען אין דעם ווינקל וואו מ׳פאַרנעמט זיך אויפן סצערבנער שליאַך, און וואָס הייבט זיך אָן אין דער לאַנגער גאַס אַנטקעגן פוילישן קאָשטשיאָל און ציט זיך צווישן הינטער די יאַטקעס און חנן רעסקיס לאַנגן סאָד.

די באַראַטונג פון דער זעלבסט־שוץ איז געווען אַ געוואַלדיק נויטיקע מכוח אַ זייער ערנסטן ענין. שוין אַ לענגערע צייט ווי ס׳האָבן זיך אַרומגעטראָגן אין שטאָט קלאַנגען, אַז דער פוילישער המון קלייבט זיך צו מאַכן אַ פּאָגראָם אויף יידן פון שטאָט, און אַז די סצערבנער פויערים, וועלכע זיינען געווען גרויס אויסגעוואַקסן און באַוואוסט פאַר גיבורים און נאָך פאַר גרעסערע אַנטי־סעמיטן, קלייבן זיך צו קומען אין אַ באַשטימטן טאָג אין שטאָט אַריין און אָנהייבן דעם פּאָגראָם.

קלאַנגען זיינען שוין אַרומגעגאַנגען פאַר אַ לענגערער צייט, אַז ביי די פּאָלאַקן „בייסן די הענט" צו פּאָגראָמירן די יידן. באַלד נאָכן קעשענעווער און האָמלער פּאָג־ראָמען האָבן שוין פּאָלאַקן אין געוויסע שטעט פון פוילן אויך געוואָלט ווייזן וואָס זיי קאָנען. אָבער דערווייל האָט זיך דאָס זיי נישט איינגעגעבן. למשל, אין וואַרשע, אַרום אייזערנעם טויער, האָבן זיי פּרובירט, אָבער די יידן פון דער געגנט האָבן זיי אַזוי צע־ממיתט, אַז זיי זיינען קוים אַנטלאָפן מיט זייערע לעבנס. און נאָך דעם האָט זיך אַ ביסל איינגעשטילט. אָבער אין גאַנצן האָט עס נישט אָפּגעלאָזן. און דאָס איז טאַקע געווען די סיבה, וואָס אין די מערסטע שטעט און שטעטלעך האָבן זיך אָרגאַניזירט זעלבסט־שוצן. גאָמבין איז אין דעם פּרט נישט געווען קיין אויסנאַם. בפרט נאָך, ווען די גאָמבינער פּאָלאַקן וואָס האָבן געהאַקט האָלץ, אָדער געטאָן אַנדערע אַרבעטן פאַר יידן, האָבן אָפּט גערעדט, אַז ווען דער פּאָגראָם

וועט זיך אָנהייבן, וועלן זיי געוויסע זאַכן, ווי זילבערנע לייכטער און אַנדערע חפצים, וואָס זיי האָבן געזען אין די בעל־הביתישע היימען, וואו זיי האָבן געאַרבעט, צורויבן. זיי האָבן דאָס אָפן געלאָזט וויסן זייערע ברויט־געבער, אַז די קאָסטבאַרע זאַכן וועלן זיין דאָס ערשטע וואָס זיי וועלן צונעמען.

די דאָזיקע פאַרזאַמלונג איז גערופן געוואָרן בלויז פון די נאָענטסטע און פאַר־טרוילעכסטע חברים, ווייל מ׳האָט נישט געוואָלט, אַז עפּעס זאָל זיך אַרויסגליטשן אין דער עפנטלעכקייט. דאָס וואָלט צע־שטערט דעם גאַנצן פּלאַן, וואָס מיר האָבן געהאַט צוגעגרייט, ווי אַזוי אָנצופירן די פּאַרטיידיקונג קעגן די פּאָגראָמשטשיקעס.

אויף וויפל מיין זכרון טראָגט מיך צו־ריק צו יענער פאַרזאַמלונג, האָבן אָנטייל גענומען די חברים און חברות: אליה לייזער טיבער, מלך טאַדעליס, לייבל פּישל בעקערס (אויב איך האָב נישט קיין טעות), מאַלטשע וואָלפּאָוויטש, חיהלע שטאָלצמאַן, מינדל וואָלמאַן, מיין ווייניקייט און אפשר נאָך עט־לעכע וואָס איך געדענק שוין נישט זייערע נעמען.

## דער טאָג ווען דער פּאָגראָם האָט געזאָלט אויסברעכן

שוין עטלעכע טעג ווי גאָמבינער יידן לעבן אין שרעק. מ׳רעדט שוין אָפן, אַז אין אַ געוויסן טאָג וועט פּאַרקומען אַ פּאָגראָם אין שטאָט. ס׳געפינט זיך אָבער נאָך אַ טייל יידן, וואָס מאַכן דאָס אַוועק מיט דער האַנט — עך וועט זען, ס׳וועט גאָרנישט זיין! אָבער מיר, די חברים פון דער בונדישער זעלבסט־שוץ, האָבן זיך נישט געוואָלט פאַר־לאָזן אויף די אָפּטימיסטישע גערעדעכצער.

מיר האָבן זיך דערוואוסט נישט בלויז פון די פּראָסטע אומוויסנדע גויים, וועלכע האָבן געאַרבעט ביי יידן און האָבן אָפן אַרויסגעפּלאַפּלט, אַז דעם באַשטימטן טאָג וועט זיך אָנהייבן דער פּאָגראָם. מיר האָבן זיך אויך דערוואוסט פון פאַרלעסלעכע קוואַלן, אַז דעם טאָג וועט דער פּאָגראָם זיך אָנהייבן. למשל, דער פּוילישער נייער דאָקטאָר, וואָס האָט זיך געהאַט באַזעצט אין גאָמבין מיט עטלעכע יאָר צוריק, ווי אויך זיין פרוי, זיינען געווען אונדזערע בעסטע פריינט. ביידע זיינען געווען איבער־געגעבענע סאָציאַליסטן און גרויסע אָנהענ־גער פון דער פּ.פּ.ס. (פּוילישע סאָציאַליסטישע פּאַרטיי). אין גאָמבין איז נישט געווען קיין אָרגאַניזאַציע פון דער דאָזיקער פּאַרטיי. דאָס איז אפשר געווען די סיבה, וואָס זיי זיינען געשטאַנען אין פאַרבינדונג מיט אונ־דזער אָרגאַניזאַציע פון „בונד״ און האָבן אַרויסגעוויזן אַ סך סימפּאַטיע אונדזער באַוועגונג. פון זיי פלעגן מיר זיך דערוויסן, וואָס עס קומט פאָר אין „ראַטהויז״ צווישן די טשינאָווניקעס פון דער צאַרישער רעגי־רונג. הגם מיר האָבן געוואוסט, אַז דער בירגערמייסטער פון שטאָט, אַ גרויסער פּוילישער פּאַטריאָט, האָט אויך סימפּאַטי־זירט מיט אונדז, אָבער מיט אים האָבן מיר נישט געהאַט קיין דירעקטע פאַרבינדונג. נאָר פון צייט צו צייט האָבן מיר זיך דער־וואוסט פון זייטיקע קוואַלן. אָבער מיט דער דאָקטאָרשע זיינען מיר געווען אין כסדר־דיקער פאַרבינדונג. אויך זי האָט אונדז געבראַכט אַ גענויע ידיעה פון די באַאַמטע אין „ראַטהויז״, אַז מ׳קלייבט זיך צו מאַכן אַ פּאָגראָם אין דעם טאָג.

מיט עטלעכע טעג פריער זיינען אונ־דזערע חברים זיך ווידער צוזאַמענגעקומען און מיר האָבן ווידער גענומען אָפּצושאַצן די לאַגע ווי ס׳האַלט, אויב דער פּאָגראָם זאָל טאַקע אויסברעכן. וואָס זיינען אונדזערע כוחות און אויף וועמען קאָנען מיר זיך פאַרלאָזן וואָס שייך הילף. ס׳איז געווען אין שטאָט אַ געוויסער עלעמענט, וועלכער וואָלט כמעט זיכער מיט אונדז זיך פאַר־בונדן, ווען מיר זאָלן זיי רופן. דאָס איז געווען אַ צאָל פון די „וואוילע יונגען״, וואָס האָבן זיך שטענדיק אַרומגעדרייט אין מאַרק און אַ טייל פון זיי זיינען געווען אמתע גיבורים. אָבער מיט די דאָזיקע עלעמענטן האָבן מיר זיך נישט געוואָלט פאַרבינדן. מיר האָבן אָבער געוואוסט, אַז אויב עס וועט עפּעס פּאַרקומען, וועלן זיי זיכער זיין אויף אונדזער זייט. מיר האָבן אויך געלייגט

האָפענונגען אויף די יידישע קצבים, וויראַבניקעס (טרעגער), פישערס און אַלע אַנדערע יידן וואָס זיינען בכוח אויפצוהויבן אַ האַנט, וועלן זיין אויף אונדזער זייט. אָבער אויף קיין ניסים האָבן מיר זיך נישט פאַרלאָזן. האָבן מיר אין מיטן נאַכט פון פאַר דעם טאָג ווען דער פאָגראָם האָט געזאָלט אויסברעכן, אַוועקגעשיקט צוויי חברים מיט אַ געדונגענער פור, איינגעשפאַנט מיט אַ פּאָר גוטע פערד, אין דער גיך קיין פלאָצק, וואו ס'איז געווען אַ גוטער אָרגאַניזירטער יידישער זעלבסט־שוץ, אַז זיי זאָלן אונדז וואָס גיכער קומען צו הילף.

און איצטער, אַביסל וועגן אונדזער „סטראַטעגיע”, וואָס מיר האָבן אַליין אימפּראָוויזירט און אויף דער גיך אויסגעאַרבעט. חיות ווי מיר דערוואַרטן, אַז די סצערבנער פויערים, וואָס האָבן געזאָלט אָנהייבן דעם פאָגראָם, מוזן אָנקומען אין שטאָט אַריין דורך הינטער דער יאַטקעגאַס, מוז זיך דאָרט געפינען אונדזערס אַ שטאַרקע אָפטיילונג, כדי נישט צו דערלאָזן, אַז די פויערים זאָלן אַדורכגיין ווייטער אין שטאָט אַריין, נאָר דאָרט זאָל אויסגעקעמפט ווערן זייער אָנקום. און אַזוי ווי דאָרטן געפינען זיך אַ סך סטאָדאָלעס (שייערן), וועלן אונדזערע חברים זיי קאָנען באַשיסן פון די באַהעלטענישן און געבן זיי אַן אמתן „ברוך־הבא”. עס איז אויך באַשלאָסן געוואָרן צו פאַטרולירן אַנדערע וועגן וואָס ציען זיך אין שטאָט אַריין.

פאַרטאָגס זיינען שוין אונדזערע חברים געווען אויף די פיס און יעדער איינער איז אַוועק אויפן אָרט, וואו ער איז געווען באַשטימט, אַז ער מוז זיך געפינען. אַ קליינע גרופע, וואָס האָט געדאַרפט פאַטרולירן און מאַכן פאַרבינדונגען צווישן די פאַרשיידענע גרופן, וואָס זיינען געווען אויסגעשטעלט אויף די וועגן, כדי זיך אין דער גיך קאָנען באַוועגן פון איין גרופע צו דער צווייטער. האָט מען באַדאַרפט האָבן פערד אויף צו רייטן פון איין גרופע צו דער אַנדערער. טאָ וואו נעמט מען פערד? האָט זיך אַ קלענערע גרופע אַרויסגעלאָזן איבער די גאַסן און וואו מ'האָט אָנגעטראָפן אַ פערד און וואָגן, איז מען צוגעגאַנגען און געהייסן דעם בעל־הבית פון דעם געשפאַן, אַז ער זאָל אונדז מוחל זיין, ווייל מיר מוזן האָבן פערד צו פאַטרולירן די גאַסן און וועגן אַנטקעגן די פאָגראָמשטשיקעס. ווי מאָדנע דאָס זאָל נישט אויסזען, האָט אונדז קיינער נישט אָפגעזאָגט. הגם אַ פערד און וואָגן איז דאַן געווען אַ זייער טייערע זאַך ביי די דאָזיקע מענטשן, ווי דער אייגענער קערפער. משמעות אַז יעדער האָט דעם טאָג געוואָלט מיט עפעס בייהילפיק זיין.

מ'האָט אַזוי אַרומפאַטרולירט די גאַסן און די וועגן ביזן האַלבן טאָג. פלוצלונג איז געוואָרן אַ געלויף און אַ געפילדער. וואָס איז געשען? ס'זיינען אָנגעקומען צו לויפן מיט אַ רעש צוויי וועגענער אָנגעפאַקט מיט די חברים פון דער פלאָצקער זעלבסט־שוץ, באַוואָפנט פון קאָפ ביז די פיס. צו אונדזער פרייד איז קיין גרענעץ נישט געווען. מיר האָבן זיך געפילט ווי גרויסע העלדן, וואָס קריגן אַ פאַרשטאַרקונג אין צייט פון אַ געפאַר. אונדזער מאָראַל האָט זיך דערהויבן הימל־הויך און מיר האָבן גענומען פילן, אַז מיר זיינען איצט די בעל־הבתים פון שטעטל. וואו זיינען פאַרלוירן געגאַנגען די 3 אָדער 4 פאָליציאַנטן פון שטעטל? דאָס בלייבט אַ סוד ביז היינט־צו־טאָג.

די שטעטלשע יידן זיינען געבליבן ווי פאַרגאַפט פון דער גאַנצער פאַסירונג פון דעם דאָזיקן טאָג. ווי ס'האָט זיך אַרויסגעוויזן, האָבן זיך די פוילישע כוליגאַנעס דערשראָקן. זיי האָבן גוט געוואוסט, אַז מ'גרייט זיך צו מיט געווער אין די הענט. זיי, ווי אויך אַלע אַנדערע פאָלאַקן פון שטאָט, זיינען נישט טויב געווען נישט צו הערן, ווי ס'קומען כסדר פאַר שיסערייען אין וואַלד, וואו די יידישע זעלבסט־שוץ לערנט זיך שיסן. די כוליגאַנעס האָבן נאָך דאַן אַליין קיין געווער נישט געהאַט און משמעות, אַז דאָס האָט זיי דערשראָקן. האָבן זיי דעריבער מסתמא דאָס אָפגעלייגט ביז אַ בעסערע געלעגנהייט ווען זיך אַמאָל מאַכן...

פון די פלאָצקער חברים פון זעלבסטשוץ געדענק איך בלויז דריי נעמען: איינער

פון זיי איז געווען דער שפּעטער שוין אין אַמעריקע באַוואוסטער אין די יונגע ליטעראַרישע קרייזן, משה וואַרשע. ער איז געווען נאָך דאַן אין פּלאָצק אַ גוואַלדיק באַלעזענער יונגערמאַן און פאַרמאָגט אַ לאָגישן קאָפּ מיט געניאַלע געדאַנקען. ער איז געווען איינער פון די בעסטע רעדנער אין דער גאַנצער געגנט אַרום פּלאָצק. דער צווייטער איז געווען לייבוש מאַקאָווער, אַ געזונטער און אויסגעוואַקסענער בחור, וואָס האָט שפּעטער אויסגעוואַנדערט קיין סאַן־פראַנציסקאָ. (איך האָב אים שפּעטער אין יאָר 1919 באַגעגנט אין סאַן־פראַנציסקאָ, וואו ער איז געווען אַ רעגירונגס־אָנגעשטעלטער. אַרום דריי טעג האָבן מיר פאַרבראַכט צוזאַמען און מיר זיינען נישט מיד געוואָרן צו ריידן און דערציילן פון יענער צייט פון פאַר 1906). דער דריטער איז געווען איינער מיטן נאָמען גוזשיק, אַ פיינער געלערנטער בחור מיט אַ לאָגישן קאָפּ אויף די פּלייצעס. וואו ער איז שפּעטער נעלם געוואָרן, איז מיר נישט באַקאַנט. פון די אַנדערע וואָס זיינען געקומען קיין גאָמבין אין יענעם טאָג, געדענק איך קיינעם פון זיי ניט ביים נאָמען.

שפּעט נאָכמיטאָג האָבן מיר באַשלאָסן צו האָבן אַ גרויסע מאַסן־פאַרזאַמלונג. הונדערטער מענטשן האָבן זיך פאַרזאַמלט יענעם אָוונט אין יאָסעלע באָרנשטיינס רייכער וואוינונג. מ'איז געשטאַנען קאָפּ אויף קאָפּ. אַלע האָבן זיך געשטופּט און געוואָלט אַריינקומען הערן דעם רעדנער משה וואַרשע. פילע האָבן שוין פריער פון אים געהערט. צו דער פאַרזאַמלונג זיינען געקומען אַ צאָל זייטיקע מענטשן, וואָס זיינען פריער נישט געקומען צו אונדזערע פאַרזאַמלונגען, וואָס זיינען אַלע כמעט פאָרגעקומען געהיים, אומלעגאַל.

משה וואַרשע האָט יענעם אָוונט געהאַלטן איינע פון די גלענצנדיקסטע רעדעס און ער האָט איבערגעלאָזן אַ געוואַלטיקן איינדרוק אויף אַלע פאַרזאַמלטע. דער אָוונט האָט געמאַכט אַ גרויסן רושם און געהאָלפן שאַפן נייע אָנהענגער פון אונדזער באַוועגונג. בכלל האָט די גאַנצע פאַסירונג פון דעם טאָג מיט דער ענדע אין אָוונט, געשאַפן אַן אַנדערן קוק אויף אונדזער אַרבעט. אונדזער באַוועגונג האָט זיך זינט דאַן מער אויסגעשפּרייט און צעוואַקסן ווי אויף הייוון. דאָס איז געשען ביזן מיטן פון יאָר 1906, ווען ס'האָבן זיך אָנגעהויבן נייע רעפּרעסיעס פון דער צאַרישער רעגירונג און ס'האָט זיך געשאַפן אַ נייע רעאַקציע איבערן גאַנצן לאַנד.

## די פייערונג פון דער קאָנסטיטוציע אין 1905

דאָס יאָר 1905 איז בלי־ספק געווען דאָס שטורעמדיקסטע יאָר אין קאַמף קעגן דער צאַרישער רעגירונג — אין רוסלאַנד. די רעוואָלוציאָנערע אויסברוכן פון מאַסן־דעמאָנסטראַציעס, סטרייקן, סאַבאָטאַזש און אַנדערע קאַמפן קעגן דער צאַרישער זעלבסהערשאַפט זיינען פאָרגעקומען אין די גרויסע שטעט, ווי וואַרשע, לאָדזש, אָדעס, פּעטערבורג, מאָסקווע, ווי אויך אין אַלע אַנדערע שטעט און שטעטלעך און אין אַלע ווינקעלעך פון דער גרויסער רוסישער מדינה: רעפּרעסיעס, שיסערייען, אַרעסטן, פאַרשיקונגען אויף קאַטאָרגע אין ווייטן סיביר, און אַפילו אָרגאַניזירטע פּאָגראָמען אויף יידן אין אַ סך פּלעצער. דאָס איז געווען דער ענטפער מצד דער רוסישער זעלבסט־הערשאַפט.

נאָך דער פאַסירונג פון דעם טאָג, ווען עס האָט געזאָלט פאָרקומען אַ פּאָגראָם, האָט אונדזער בונדישע אָרגאַניזאַציע גענומען וואַקסן און וואַקסן. ס'וועט ניט זיין קיין גוזמא צו זאָגן, אַז כמעט די גאַנצע יידישע יוגנט פון שטאָט איז פון דאַן אָן אַריינגעצויגן געוואָרן אין אונדזער באַוועגונג. ס'זיינען צוגעקומען אַ צאָל אַקטיווע מיטגלידער ווי אויך פּאַסיווע, אַ טייל וואָס האָבן בלויז אַרויסגעוויזן סימפּאַטיע צו אונדזער באַוועגונג, ווייל מחמת געוויסע אומשטענדן אין וועלכע זיי האָבן זיך געפונען, האָבן זיי דירעקט זיך ניט געקאָנט אָנשליסן אין אַן אומלעגאַלער אָרגאַניזאַציע. בכלל האָט זיך געביטן די באַציאונג פון דער

בעל־הביתישער באַפעלקערונג צו אונדזער באַוועגונג. אָנשטאָט ווי פריער האָבן זיי גערעדט מיט חוזק וועגן אונדז, האָט מען שוין דערנאָך געקאָנט הערן פון עלטערע מענטשן אַזעלכע באַמערקונגען: „דאָס זיינען דאָך טייערע קינדער מיט גאָלדענע הערצער. ווען זיי וואָלטן נאָר געווען אַ ביסל פרומער״. אַזעלכע און ענלעכע באַמערקונגען האָט מען געקאָנט הערן איבערן שטאָט.

אַזוי גיך ווי עס האָט זיך דערטראָגן די נייעס קיין גאָמבין, אַז די צאַרישע רעגירונג האָט געגעבן אַ „קאָנסטיטוציע״ צו די „אונטערטאַנען״ פון דער גרויסער רוסישער אימפעריע, איז צוזאַמען מיט דער נייעס אויך געקומען דער רוף פון אַלע רעוואָלוציאָנערע פאַרטייען, אַז עס מוז געפייערט ווערן עפנטלעך אָט די גרויסע פאַסירונג. און גאָמבין איז נישט אָפגעשטאַנען פון דעם רוף. מ׳האָט זיך גענומען צוגרייטן צו דער פייערונג פון דער גרויסער היסטאָרישער געשעעניש.

די חברים פון אונדזער בונדישער באַוועגונג האָבן זיך געפילט ווי די נאָענטסטע מחותנים פון דער דאָזיקער שמחה. האָבן מיר אויף דער גיך גערופן אַ פאַרזאַמלונג און באַשלאָסן ווי אַזוי אַלץ זאָל ווערן צוגעגרייט, מיט רעדנער אויף יידיש אויף אויף פויליש; ס׳מוזן זיין בענקלעך אָדער קעסטלעך, אויף וועלכע די רעדנער זאָלן זיך אַרויפשטעלן און שטיין העכער ווי די צוהערער. היינט פאָנען! רויטע אוודאי און אוודאי. ווי אַזוי קריגט מען די פאָנען? מ׳קריגט אין ערגעץ נישט; זיי מוזן געמאַכט ווערן. די חברטעס האָבן זיך תיכף אָפגערופן: פאָנען? דאָס לאָזט פאַר אונדז. מיר וועלן שוין דאָס באַזאָרגן. אויפן אָרט האָבן זיי זיך צוזאַמענגערעדט, ווער ס׳זאָל זיך באַטייליקן און צוגרייטן די פאָנען און העלפן אויף זיי אויסנייען אין ווייסע און גרויסע אותיות: „עס לעבע דער יידישער אַרבייטער בונד פון פוילן, ליטע און רוסלאַנד״. ס׳מוז זיין אין יידיש און אין פויליש. די חברטעס האָבן זיך אָפגערעדט וואו זיך צוזאַמענקומען און דאָס דערליידיקן.

סאַלטשע וואָלפאָוויטש איז אַריין אין דער מאַמעס שניט־קראָם, אויסגעזוכט אַ שטיק רויטן געוואַנט פון דעם בעסטן סאָרט, גענוג ברייט און לאַנג, ס׳זאָל קלעקן פאַר אַ גרויסער פאָן, גענומען אַ שטיק ווייסן געוואַנט אויסצושניידן פאַר די אותיות. די מיידלעך האָבן אָפגעאַרבעט אַ נאַכט און פאַרטיק געמאַכט אַ פאָן, אַן אַנטיקל — ס׳איז געווען וואָס צו זען. זיי האָבן דאָס געטאָן אַזוי גוט, אַז די בעסטע פאָנענעקספערטן וואָלטן דאָס ניט געמאַכט בעסער. ווייל אויף אויסצונייען, אָדער אויסצוהעפטן זאַכן זיינען די גאָמבינער מיידלעך געווען גרויסע בריות פון קליינערהייט אָן. און נישט איין כותל־מערבי, מערת־המכפלה, אַ משה מאָנטעפיאָרע, האָבן געהאָנגען אויף די ווענט פון יידישע היימען אין גאָמבין און זיי באַשיינט. אַ טייל פון דעם איז אויסגעהאָפטן געוואָרן פון די זעלביקע מיידלעך, ווען זיי זיינען נאָך געווען גאָר יונג.

איך קאָן זיך אויף קיין פאַל נישט דערמאָנען, ווי אַזוי און ווער עס האָט באַשטימט דעם פלאַץ וואו די פייערונג זאָל פאָרגעקומען. ס׳איז בליץ־שנעל באַקאַנט געוואָרן אין שטאָט, אַז דאָס וועט זיין אויף דעם דייטשן מאַרק — אַנטקעגן דער דייטשישער קירכע. דאָס איז געווען אַ ריזיקער גרויסער און פרייער פלאַץ, אַרומגעזוימט מיט הייזער וואו ס׳האָבן געוואוינט פאָלאַקן. די פלאָצקער גאַס האָט צוגעפירט און טאַקע זיך דאָרטן פאַרענדיקט, און עס האָבן זיך אָנגעהויבן אַדורכצוקרייצן אַ נעץ פון נייע גאַסן. און איינע פון זיי האָט געפירט צום גאָסטינינער שאָסעי און אויך צום אַריינגאַנג אין דעם סאָסנאָוועץ אור־אַלטן וואַלד. ווען מ׳האָט זיך געפונען אויף דעם דאָזיקן פרייען פלאַץ האָט מען פון וווייטנס געזען ווי דער וואַלד האָט ווי אַ האַלבער ראָד אַרומגעזוימט מיט זיינע הויכע סאָסנאָוועביימער און האָט געוואָרפן אַ בלויען שאָטן אויף דעם גרויסן שטח פרייען פלאַץ. דאָרטן איז פאָרגעקומען די פייערונג פון דער קאָנסטיטוציע, וואָס איז באַשטימט געוואָרן פאַר אַן אָוונט אין מיטן דער וואָך.

דער טאָג איז געווען אַ זוניקער. די לופט ריין און דורכזיכטיק. די באַפעלקערונג

פון שטאָט פריילעך און געיובעלט מיט שמחה צוליב דער גרויסער פּאַסירונג. דער עולם האָט זיך געגרייט צו דער פייערונג וואָס האָט געזאָלט פאַרקומען אין אָוונט.

ס׳איז נאָך געווען גרויסער טאָג, ווען מענטשן האָבן זיך גענומען צוזאַמענקלייבן. איידער די נאַכט איז נאָך צוגעפאַלן, איז שוין דער פלאַץ געווען פול מיט מענטשן. יידן, פּאָלאַקן, פרויען און קינדער. אַ ריי־זיקע מחנה מענטשן האָט אָנגעפילט דעם פלאַץ פון ברעג צו ברעג. די מענטשן האָבן געיובלט, געלאַכט, געשריען, געזונגען און די לופט איז געווען אָנגעפילט מיט פרייד. ס׳איז נאָך דעמאָלט ניט געווען די מאָדע פון קושן זיך. דאָך האָט מען געקאָנט טרעפן דאָ און דאָרט מענטשן וואָס האָבן זיך גע־קושט פאַר שמחה. ס׳איז שוין געווען צוגע־פאַלן דער אָוונט. הגם די באַלייכטונג פון די עטלעכע גאַסן־לאָמפּן איז געווען אַ שוואַכע, דאָך האָט זיך געדאַכט, אַז עס איז געווען ליכטיק. אונדזערע יאַטן האָבן צוזאַמענגעשלעפּט שווערע קעסטלעך, האָבן אַרויפגעצויגן די גרויסע רויטע פאָן. ס׳איז געוואָרן אַ פּאַטשעריי, מ׳האָט אונטערגע־האָלפן און פּשוט ווי אַרויפגעשטופּט דעם רעדנער אויף אַ קעסטל. און ס׳האָבן זיך אָנגעהויבן די רעדעס, מ׳האָט גערעדט אויף יידיש און אויף פּויליש, געפּאַטשט בראַוואָ. איין רעדנער אַרויף, דער אַנדערער אַראָפּ. עפּעס נייע מענטשן, וואָס מ׳האָט זיי פריער נישט געהאַט געזען און געהערט, האָבן זיך אַרויפגעכאַפּט אויף די קעסטלעך וואָס האָבן זיך געפונען אויף עטלעכע ערטער צע־שפּרייט אויפן גרויסן פלאַץ. מ׳האָט גע־רעדט, געשטורעמט, געגעבן האָפענונגען, אַז פון היינט אָן וועלן זיך אָנהייבן בעסערע צייטן און מענטשן וועלן זיך פילן ווי פרייע בירגער, און ס׳וועט זיין שלום און אחדות אויף דער וועלט. די פיל פעלקער פון דער גרויסער רוסישער מדינה וועלן לעבן בשלום איינער מיטן צווייטן.

נעמען אויסרעכענען אַלץ וואָס עס איז געזאָגט געוואָרן יענעם אָוונט, וואָלט מען געקאָנט אָנשרייבן ביכער וועגן דעם. אָבער דער גרעסטער חידוש איז געווען: פון וואַנען האָבן זיך גענומען אַזוי פיל מענטשן? ס׳האָט אויסגעקוקט, אַז דאָרטן זיינען געווען פאַרזאַמלט אַ סך מער מענטשן ווי ס׳האָבן זיך געפונען אין דער שטאָט גאַמבין. אָבער ווי אַזוי האָבן זיי זיך דערוואוסט צו קומען צו דער דאָזיקער פייערונג? קיין ראַדיאָס, אָדער אַפילו צייטונגען, וואָס זאָלן דאָס אָנאָנסירן, זיינען דאָך דאַן נישט געווען. און וואו זיינען די אַלע מענטשן געווען ביז איצטער? פאַרוואָס האָט מען פון זיי ביז איצט נישט געהערט? און נאָך צענדליקער אַזעלכע קשיות זיינען געשטעלט געוואָרן. אָבער אַלע זיינען געבליבן אָן אַן ענטפער. די פאַרזאַמלונג האָט זיך אַריינגעצויגן ביז שפּעט אין דער נאַכט אַריין, און ס׳איז געווען שווער זיך צו שיידן און אַהיימגיין צוריק.

אַ גרויסע פראַגע איז געשטאַנען פאַר אַ סך מענטשן: וואו איז אַהינגעקומען יע־נעם טאָג און אויך דעם אָוונט די גאַמבינער פּאָליציי, וואָס פלעגט זיך אַלעמאָל באַווייזן וואו מ׳האָט זי נישט באַדאַרפט. אָבער אויך די דאָזיקע פראַגע איז געבליבן הענגען אין דער לופטן אָן אַן ענטפער.

* * *

נאָך די גרויסע פייערונגען, וואָס זיינען פאַרגעקומען איבערן גאַנצן לאַנד צו באַ־גריסן די קאָנסטיטוציע, האָט לאַנג נישט גענומען, ווי די צאַרישע רעגירונג האָט זיך אַרומגעזען, אַז זי האָט געמאַכט אַ טעות מיט דעם וואָס זי האָט געגעבן דעם פאָלק אַ קאָנסטיטוציע מיט צופיל פרייהייטן. האָט זיך די צאַרישע רעגירונג באַרעכנט, אַז זי האָט געמאַכט אַ טעות און האָט באַלד אָנגעהויבן חרטה צו האָבן. אָנשטאָט די פרייהייטן, וואָס זי האָט ערשט צוגעזאָגט צו געבן דעם „ליבן" רוסישן פאָלק, האָבן זיך אָנגעהויבן אויפסניי אַרעסטן און אונ־טערדריקונגען נאָך שטאַרקערע ווי פריער. די צוזאַמענשטויסן פון די רעוואָלוציאָנערע באַוועגונגען מיט דער רעגירונג זיינען גע־וואָרן שאַרפער און פאַרביסענער. אויף דע־מאָנסטראַציעס און סטרייקן האָט די רעגי־רונג געענטפערט מיט אומברחמנותדיקע

שיסריין און אַרעסטן, מיט פאַרשיקן אויף קאַטאָרגע אין די ווילדסטע מקומות פון סיביר. ס׳איז פאָרגעקומען אַזאַ שרעקלעכע רעאַקציע איבערן לאַנד, אַז מ׳האָט שוין



**אַ גרופּע גאָמבינער בונדיסטן אין ניו־יאָרק גענומען אין יאָר 1907**

זיצענדיק פון רעכטס: אַבראַם סאָלאָמאָן, מאָריס באָרענשטיין, מאַקס וואָלפּאָוויטש.
שטייענדיק: מאָריס סטאַווי, דבורה באַל, יאַקוב מ. ראָטבאַרד.

מער נישט געמשפּט מענטשן אין די גע־ריכטן, נאָר אַרעסטירט רעכטס און לינקס און אָנגעפּאַקט די תפיסות פון לאַנד אָן אַ דין און אָן אַ משפט.

אין אונדזער געגנט איז אויך באַלד פאָרגעקומען די ענדערונג. פריער, ווען די פּאָליציי איז באַפאַלן ביינאַכט, האָבן זיי געזוכט צו געפינען באַווייזן פאַר אַן אַרעסט. איצט איז מען באַפאַלן די, וועמען זיי האָבן געוואָלט אַרעסטירן, זיי אַוועקגענומען און אַריינגעזעצט אין תפיסה „אַדמיניסטראַטיוו", אָן וועלכע ס׳איז באַווייזן.

עטלעכע פון מיינע גאָר נאָענטע פריינט האָבן זיך גענומען בעטן ביי מיר: חבר יעקב, אַנטלויף אַזוי גיך ווי דו קענסט, ווייל דו וועסט זיין דער ערשטער אויפן צעטל אַרעסטירט צו ווערן. שפּעטער, ווען ס׳וועט זיך אַ ביסל איינשטילן, וועסטו צוריק־קומען". איך האָב זיך לכתחילה אָפּגעזאָגט צו פאַרלאָזן מיין היימשטאָט. כ׳האָב אָבער שוין גענומען זיך פילן מיד און אויסגעמאַ־טערט. איך האָב אויך גענומען באַגרייפן די לאַגע און איינגעזען, אַז מיינע נאָענטע פריינט זיינען גערעכט.

און אין אָנהייב 1906 האָב איך פאַר־לאָזן גאָמבין מיט דער האָפענונג, אַז אין גיכן וועל איך זיך קאָנען אומקערן צוריק...

יעקב מ. ראָטבאַרד

# יידישע בעלי־מלאכות אין גאָמבין

## שניידערס

אין גאָמבין זיינען געווען כלערליי בעל־מלאכות, וואָס האָבן געלעבט פון יגיע כפּיו (אייגענער פּראַצע). צווישן זיי האָבן די שניידערס פאַרנומען דעם אויבן־אָן. עס זיינען געווען אַ גרויסע צאָל משפּחות וואָס האָבן אָנגעפירט מיט שניידערשע וואַרשטאַטן: טאַטעס מיט זין און אָפטמאָל איידעמס, האָבן געאַרבעט צוזאַמען. אַנדערע האָבן אויך געהאַט פרעמדע געזעלן, מיט לערן־יינגלעך.

די שניידערס זיינען געווען פון אַלערליי סאָרטן: פון טאַנדעטניקעס, וואָס האָבן געמאַכט פאַרטיקע מלבושים פון גאָר ביליקן סאָרט, ביז אַזעלכע וואָס האָבן אויסגעאַרבעט מלבושים פון בעסערער קוואַליטעט. עס זיינען געווען אַזעלכע וואָס האָבן זיך פאַרנומען מיט אויסאַרבעטן קליידער פאַר קינדער, פון גאָר יונגע ביז עלטערע. די טאַנדעטניקעס האָבן אַרומגעפירט זייער פאַרטיקע סחורה אויף די אָפטע „טאַרגן" (ירידים) און האָבן עס אַליין פאַרקויפט.

עס זיינען אויך געווען אַזעלכע טאַנדעטניקעס, וועלכע האָבן געמאַכט פאַרטיקע באַקליידונג פאַר די פאַרשיידענע פוילישע סעקטעס, וואָס האָבן זיך געפונען אין דער אַרומיקער געגנט — פון סעקטעס, וועלכע האָבן געטראָגן גאָר לאַנגע קאַפּאָטעס מיט אַ שפּאַלט אויפן הינטן (להבדיל ווי חסידים טראָגן), ביז דער באַקליידונג פון דער פוילישער סעקטע פון מאַזורן. זייערע מלבושים זיינען קורצע ביז די קני; די מענערשע הויזן זיינען גאָר לויזע, וואָס הענגען אַריבער די שטיוול. די אויבערשטע טייל זיינען אַזעלכע וועסטן ביז דער טאַליע, און די אַרבל לויזע, וואָס פאַלן אַריבער די מאַנזשעטן פון די הענט. די פרויען טראָגן קורצע געפאַלדעוועטע קליידער, קורצע בלוזעס מיט גאָר לויזע אַרבל. די פרויען־קליידער, ווי אויך די מענערשע, זיינען געמאַכט פון אַ געל־ראָזן געוואַנט און באַצירט מיט גלאַנציקע העלע קנעפּ און טאַשמעס. פוילישע פּאַטריאָטן באַטראַכטן די סאָרטן באַקליידונג פאַר זייער נאַציאָנאַלן קאָסטיום, און אַפילו שלאַכטשיצעס אויף זייערע הולאַנקעס פּוצן זיך אָפטמאָל אויס אין אַזעלכע מלבושים, כדי צו דעמאָנסטרירן זייער פוילישן פּאַטריאָטיזם.

אַנדערע מינים שניידער זיינען געווען די, וועלכע האָבן גענייט מלבושים אויף באַשטעלונג. דאָס מערסטע פאַר די דייטשישע קאָלאָניסטן פון דער „נידערונג", ווי אויך פאַר די שוואַבישע דייטשן. ס'זיינען אויך געווען אַ צאָל שניידערס, ווי אברהמעלע מלכּס, יצחק מיילעקס און אַנדערע. זיי זיינען געווען פון די בעסטע בעל־מלאכות אין שטאָט. זיי פלעגן רעכענען די העכסטע פּרייזן פאַר אויפנייען אַ מלבוש. זייערע קונדן זיינען געווען פּוילישע פּריצים און רייכע שלאַכטשיצעס, וואָס האָבן געוואוינט אַרום אין דער געגנט.

נאָך אַ מין שניידערס זיינען געווען די, וועלכע האָבן געמאַכט פרויען־קליידער. מען האָט זיי גערופן: דאַמסקע שניידערס. צו זיי האָבן אויך געהערט נייטאָרינס, וואָס האָבן אָנגעפירט וואַרשטאַטן. די דאָזיקע פרויען־שניידערס האָבן שוין געהאַט אַן אַלגעמיינע קליענטעל. זיי האָבן געאַרבעט פאַר קריסטן און פאַר יידן, אויסגעקליידט עלטערע פרויען און יונגע מיידלעך, ביז כלות וואָס מ'פירט צו דער חופּה.

נאָך אַ קלאַס שניידערס זיינען געווען

די, וואָס האָבן באַדינט כמעט אין גאַנצן די יידישע באַפעלקערונג אַליין. זיי האָבן געמאַכט לאַנגע מאַנטלען מיט הויזן פאַר חסידים — לאַנגע און דריי־פערטלדיקע, ווי אויך קורצע גאַרניטורן פאַר דער אַלגעמיינער יידישער מענערישער באַפעלקערונג, און אַפילו חסידישע זיידענע קאַפּאָטעס.

עס איז כדאי צו דערמאָנען נאָך אַ טיפּ שניידערס. דאָס זיינען געווען די „דאָרפס־שניידער". זיי האָבן געאַרבעט כמעט אין גאַנצן פאַר דער דאָרפישער באַפעלקערונג פון דער „בידערונג". זייערע וואַרשטאַטן פלעגן זיי אָנפירן אין די היימען פון די דייטשן, געמאַכט ביליקע קליידער פון צייג פאַר די אַרבעטער און דינסטן, פאַר קינדער, און אויך אַמאָל איבערגעניצעוועט אַ מלבוש אויף דער אַנדערער זייט...

די דאָזיקע שניידערס זיינען געווען פון די געמיינערע בעל־מלאכות. זיי האָבן געאַרבעט שווער און ביטער, זיך אַרומגעוואַלגערט אַ גאַנצע וואָך אין די דייטשישע היימען, געשלאָפן אין די שייערן, אָדער אויף אַ בוידעם, אויף היי, אַליין זיך אָפּגעקאָכט אַ טעפּל „קלויצקעס" אין דער מילך. אַנדערע וואָס זיינען געווען זייער פרום, האָבן אַפילו מיטגעפירט מיט זיך אַ כשר טעפּל פון דער היים. עס זיינען געווען אויך אַזעלכע, וואָס האָבן זיך אַליין געמאַכט אַ היתר, און געניצט אַ געגלאָזטע טעפּל פון די דייטשישע היימען.

מאָנטיק פאַרטאָגס האָט מען שוין געהאַט איינגעפּאַקט טלית־און־תפילין, שער־און־אייזן, אַ ביסל פאָדעם מיט נאָדלען און נאָך אַנדערע נייטיקע זאַכן, און האָבן זיך אַרויסגעלאָזן צופוס אין דאָרף אַריין. אַמאָל אויך מיטגענומען אַן אייגענעם יינגל, וועלכער האָט אַרויסגעהאָלפן דעם טאַטן. אַ גאַנצע וואָך פאַרשוואַכט און פאַרפינצטערט געווען אין דער פרעמדער, אָפּטמאָל אַנטי־סעמיטישער אַטמאָספער; נישט זעלטן אַראָפּגעשלונגען אַ חוזקדיקע באַמערקונג פון אַ פאַרגרעבטן, נאַרישוואַטן און אַראָגאַנטן דייטש. אַזוי האָט מען אָפּגעלעבט וואָך־איין און וואָך־אויס, און נאָך געדאַנקט גאָט, ווען עס איז געווען גענוג אַרבעט און מ'האָט געקאָנט פאַרדינען און אַהיימברענגען עטלעכע קערבלעך צו דער ווייב אויף חיונה, ווי אויך קאָנען אַרומצאָלן די חובות וואָס זי האָט געמאַכט דורך דער וואָך און אויך פאַר צוגרייטן פאַרן הייליקן שבת.

ווען עס האָט זיך דערנענטערט פרייטיק אַרום מיטאָג־צייט, איז מען געוואָרן אומרואיק, זיך געאיילט אין וועג אַריין אויף צוריק — אַהיים, כדי מ'זאָל חלילה נישט באַדאַרפן מחלל־שבת זיין. און ווען דער רבונו־של־עולם האָט נאָך צוגעשיקט אַ גוטע וואָך פרנסה און אַז דער וועטער איז אויך געווען אַ שיינער, איז מען אָנגעקומען אַהיים אין צייט. די ווייב האָט צוגעגרייט אַ ריין העמד און ריינע זאָקן. איז מען אַוועק אין מרחץ אָפּגעוואַשן פון זיך די טמאה פון דער וואָך און זיך געפילט דערהויבן. אַהיימקומענדיק האָט ער געפונען די שבתדיקע מלבושים וואָס די ווייב האָט דערווייל צוגעגרייט, האָט זיך איבערגעטאָן און אַוועק אין שול אַריין מקבל־שבת־זיין.

דער חזן האָט געדאַוונט מעריב, שיין אויסגעזונגען די לכה־דודי, דער עולם האָט נאָכגעזאָגט. מ'האָט באַגעגנט די מלכה־שבת.

אַהיימקומענדיק פון שול האָט מען געטראָפן די ווייב מיט די קינדער אויסגעפּוצטע לכבוד שבת, באַגעגנט די מלאכים מיט שלום־עליכם, מלאכי השלום, מלאכי־עליון. נאָכדעם געזאָגט אשת־חיל, געמאַכט קידוש, געוואַשן די הענט פאַר המוציא און זיך געזעצט צום טיש פראַווען די שבתדיקע סעודה. דער זעלביקער פאַרהאָרעוועטער ייד פון אַ גאַנצער וואָך האָט זיך אין גאַנצן ווי פאַרענדערט, געקראָגן אַ נשמה־יתירה.

נאָך די פיש וואָס די ווייב האָט אַזוי געשמאַק צוגעגרייט, האָט ער זיך אַוועקגעלאָזן אין זמירות־לשבת.

מנוחה ושמחה אור ליהודים, יום שבתון יום מחמדים. רו און פרייד באַלייכטן די יידן. אַ טאָג פון רואיקייט, אַ טאָג פון תענוג.

אַזוי האָט דער דאָרפס־שניידער אָנגעהויבן דעם שבת.

# יידישע שוסטערס

עס האָבן זיך אויך געפונען אין גאָמבין אַן אָנגעזעענע צאָל יידישע שוסטערס. די גרעסטע טייל פון זיי האָט געאַרבעט אויף טאָנדעט, דאָס מיינט געמאַכט, פאַרטיקע שטיוול און שיך. די שוסטערס פלעגן זיך אַרויסלאָזן אויף ירידן און אָפּטע „טאַרגן", וואָס זיינען פאַרגעקומען אין שטעטל גופא. דאָרטן אויסגעשטעלט די פאַרטיקע שוכוואַרג אין ביידלעך און אויף סטראַגאַנעס — צו פאַרקויפן.

צווישן די שוסטערס, וואָס האָבן געאַרבעט אויף טאָנדעט, זיינען אויך געווען פאַרשיידענע מינים: גאָר ביליקע און טייערערע. אָבער אין דעם פאַך האָבן די יידישע שוסטערס שוין אָנגעטראָפן אַ קאָנקורענץ מצד די פוילישע שוסטערס. ס'זיינען שוין געווען אין שטאָט אַ צאָל פוילישע שוסטערס. אמת, זייערע שיך זיינען געווען פון גאָר אַ ביליקער קוואַליטעט, און די פויערים וואָס זיינען געקומען קויפן שיך, האָבן ליבערשט געקויפט ביי די יידן, ווייל די דאָזיקע שיך זיינען זיי בעסער געפעלן געוואָרן, ווייל זיי זיינען געווען אַ סך שענער אויסגעאַרבעט, בעסער און זיך אויך בעסער געטראָגן ווי די וואָס זיי האָבן געקויפט ביי די קריסטלעכע שוסטערס. דאָס האָט אַרויסגערופן קנאה מצד די פוילישע שוסטערס, ספּעציעל ביי עטלעכע פון זיי, וואָס האָבן אַרויסגעוויזן זייער אַנטיסעמיטישן סם. און גראָד זיינען דאָס געווען אַזעלכענע, וואָס האָבן געוואוינט נאָענט צו יידן — אויף דער שוסטער־גאַס, ווי כאַינאַצקי, וורובלעווסקי, וואַיטשעכאָווסקי, ווילטשינסקי און קאָוואַלסקי. עטלעכע פון זיי האָבן גערעדט אַן אויסגעצייכנטן יידיש, ניט ערגער ווי די יידן. דאָס האָט אָבער ניט פאַרמינערט זייער שנאה צו יידן, אַפילו צו נישט קיין שוסטערס...

אַחוץ די יידישע שוסטערס־טאָנדעטניקעס, זיינען אויך געווען אין גאָמבין שוסטערס וואָס האָבן געמאַכט שוכוואַרג, אויף באַשטעלונג — גענומען די מאָס פון יעדן קליענט, וועלכער האָט אויסגעקליבן די לעדער מיט די זוילן און זיך באַדונגען אויף דעם פּרייז. דאָ איז כדאי צו דערמאָנען אַ פאַל, וואָס היינט זעט דאָס שוין אויס ווי אַ חוזק:

ס'איז איינמאָל אַרויסגעקומען אַ מאָדע, אַז מענערשע שיך דאַרפן סקריפּען. פלעגט דער שוסטער אַריינטאָן צווישן די זוילן אַזאַ מאַטעריאַל וואָס מאַכט סקריפּען. זאָל שוין גאָט אויסהיטן, וואָס ס'וואָלט זיך אָפּגעטאָן, ווען אַ שוסטער זאָל זיך פאַרגעסן אַריינצוטאָן דעם סקריפּענדיקן מאַטעריאַל. די יונגע פאַצעטלעך וואָלטן אים קיינמאָל נישט מוחל געווען. ס'זיינען געווען אין גאָמבין שוסטערס — קינסטלערס אין זייער פאַך.

פון איינעם אַזעלכן וויל איך דערמאָנען. אַז ער פלעגט מאַכן אַ פּאָר שטיוועלעך, האָבן זיי ממש ווי „אַראָפּגעטאַנצט פון די פיס". זיינע קליענטן פלעגן דערציילן, אַז ווען ער מאַכט זיי אַ פּאָר שטיוועלעטלעך, ווערן זייערע פיס גענעזן. דער סוף איז געווען, אַז ער האָט פון אַלע גליקן אויסגעוואַנדערט קיין אַמעריקע און זיך באַזעצט אין שיקאַגאָ. מיט וואָס ער האָט זיך דאָ באַשעפטיקט אין שיקאַגאָ, איז מיר נישט באַוואוסט.

# קירזשנערס און היטל־מאַכערס

עס האָבן זיך אויך געפונען אין גאָמבין אַ צאָל היטל־מאַכערס. דער פאַך איז געלעגן אינגאַנצן אין יידישע הענט. זיי האָבן געמאַכט פאַרטיקע היטלען פון כלערליי פאַסאָנען: פאַר פּאַלאַקן — מיט גלאַנציקע דאַשקעס, טוכענע דאַשקעס, היטלען וואָס פויערים האָבן געטראָגן ווינטער־צייט מיט אַ וואַרעמען אונטערשלאַק. אויך היטלען פאַר יידישע קליענטן, און אויף באַשטעלונג פאַר מענטשן מיט אַן אייגענעם געשמאַק.

דעם מערסטן טייל פון די אויסאַרבעטונגען האָט מען פאַרקויפט אויף „טאַרגן" און ירידים, פונקט אַזוי ווי די מאַנדעטניקעס פון אַנדערע פאַכן האָבן געטאָן.

## יידישע גאַרבערס

אַ צאָל יידן אין גאָמבין איז אויך געווען באַשעפטיקט ביי גאַרבעריי. צו דערמאָנען בלויז עטלעכע וועלכע זיינען געווען ביי אַלעמען באַוואוסט: ברוך גאַרבער מיט



אַ גרופּע גאַרבערס

זיינע ברידער. זייער הויף איז געווען פאַרנומען מיט גרויסע פּעסער איינגעגראָבענע אין דער ערד, וואו עס האָבן זיך געווייקט די פעלן, פון וועלכע מען האָט אויסגעאַרבעט אַלע סאָרטן לעדער. יעדער פאַס איז געווען פול מיט אַנדערע מינים כעמישע מאַטעריאַלן. מ׳האָט גערעדט אין שטאָט, אַז זיי זיינען גרויסע עקספּערטן אין דעם פאַך.

אַ צווייטער איז געווען מרדכי גאַרבער. עס זיינען אויך געווען אַנדערע גאַרבערס. ס׳איז אויך געווען אין שטאָט אַ דייטשישע פאַמיליע מיטן נאָמען שניידער, אַ טאַטע מיט זין, וועלכע האָבן אָנגעפירט אַ גרויסע גאַרבאַרניע, וואָס האָט זיך געפונען אויף פּלאָצקער גאַס. זיי האָבן געהאַט אַ גאָר גרויסן פּלאַץ פאַר דעם און האָבן באַשעפטיקט אַ גרעסערע צאָל געדונגענע אַרבעטער, צווישן זיי אויך יידישע, וועלכע האָבן ביי זיי אָפּגעאַרבעט יאָרן־לאַנג. זייער באַציאונג צו די יידישע אַרבעטער איז געווען אַ סימפּאַטישע. ס׳האָט זיך נישט געפילט, אַז עס איז פאַראַן אַנטיסעמיטיזם מצד די דייטשישע בעל־הבתים צו די יידישע אַרבעטער.

זיי האָבן אויך באַשעפטיקט קריסטלעכע אַרבעטער, וואָס האָבן געאַרבעט צוזאַמען מיט די יידישע. קיינע קאָנפליקטן צווישן זיי זיינען נישט געווען. אויף אַזוי ווייט ווי עס איז געווען באַוואוסט, האָט געהערשט אַ געוויסע האַרמאָניע צווישן זיי. דאָס איז טאַקע געווען אַ זעלטענער פאַל אין גאָמבין.

## פּעלצן־מאַכערס

פּעלצן־מאַכעריי איז אינגאַנצן געלעגן אין יידישע הענט. גאַנצע משפחות זיינען געווען פאַרנומען מיט דעם פאַך. בלויז צו דערמאָנען עטלעכע בעל־מלאָכות פון זיי: זישע פּעלצנמאַכער מיט זיינע זין, נטע פּעלצנמאַכער מיט זיינע קינדער, פּנחס שאַכער און נאָך אַנדערע, וועלכע האָבן זיך פאַרנומען מיט דעם פאַך. דער מערסטער טייל פּעלצנמאַכערס האָבן געמאַכט פאַרטיקע פּעלצן, טאַנדעטנע צו פאַרקויפן אויף „טאַרגן” און ירידים. אַנדערע האָבן אויך געאַרבעט אויף באַשטעלונג. דאָס איז געווען אַ גרופּע פון גוטהאַרציקע און וואוילע מענטשן. זיי האָבן גערן געטאָן אַ טובה, ווען נאָר עס איז נויטיק געווען.

וועגן נטע פּעלצנמאַכער איז כדאי צו דערציילן, וואָס פאַר אַ גרויסער מכניס־אורח ער איז געווען. דאָס אייגענע איז אויך געווען זיין פרוי און קינדער. ס׳איז שווער איבערצוגעבן, וואָס די פאַמיליע איז אויסגעשטאַנען פון די אורחים, וואָס פלעגן זיך אַלע מאָל געפינען אין זייער הויז. דאָס האָבן זיי נישט געטאָן מחמת צו קריגן וועלכע עס איז באַלוינונג פאַר דעם, נאָר לשם מצווה וועגן. מ׳האָט קיינמאָל נישט אָפּגעזאָגט אַן אָרעמאַן, ווען ער אַזוי געקומען בעטן נאַכטלעגער.

ביי נטע אין הויז פלעגן קומען כלערליי טיפּן פון יידישע אָרעמעלייט. זיי פלעגן זיך באַווייזן פון יאָר צו יאָר, און תיכף צו נטען אין הויז אַריין, אַזוי ווי צו זיך אַהיים.

יעדן זומער פלעגט קומען אַ ייד, וואָס די גאָמבינער האָבן אים גערופן „דער פּרוש”. אַלע מאָל איז ער געווען געקליידט אויף דעם זעלביקן אופן: אַ גאָר לאַנגע קאַפּאָטע ביז צו די פיס, נאָכדעם אַ קירצערע און

נאָך אַ קירצערע, ביז אַרום פינף אָדער זעקס. די לעצטע, די קירצסטע. עלטערע מענטשן פלעגן קוקן אויף דעם יידן מיט אַ לייכטן שמייכל אויף זייערע פּנימער, חלילה אים נישט געוואָלט פאַרשעמען. אָבער יונגע חברה האָט זיך לוסטיק געמאַכט איבער אים, חוזק געמאַכט פון זיין אָנטועכץ. אָבער דעם יידן האָט עס אַפילו נישט געאַרט, אַזוי ווי נישט אים מיינען זיי דאָס. אַזוי פלעגן זיך איבער־חזרן יאָרן־לאַנג זיינע וויזיטן און אַלע מאָל ביי נטע פעלצנמאַכער אין הויז.

## בעקערס אין גאָמבין

אין גאָמבין האָבן זיך געפונען אַריבער אַ טוצן יידישע בעקערייען. אַזוי פיל יידי־שע בעקערייען וואָלטן געווען אַ ביסל צו פיל צו באַדינען די יידישע באַפעלקערונג. האָט אָבער פּאַסירט, אַז די יידישע בעקערס האָבן געהאַט אַ גאַנץ אָנגעזעענעם טייל קונדן פון דער קריסטלעכער באַפעלקערונג.

אַחוץ דעם זיינען געווען אָפטע „טאַרגן", אַמאָל אַפילו צוויי אַ וואָך, ווען פּוילישע פּויערים און דייטשישע ווירטן פלעגן קומען אין שטאָט אַריין און געבראַכט כלערליי אַגריקולטור־פּראָדוקטן, ווער אַ פּאָר זעקלעך קאַרטאָפל, הינער, אייער, קאַטשקעס, גענדז, אַמאָל אויך אַ בהמה צוגעבונדן מיט אַ שטריק צום הינטערשטן טייל פון וואָגן, אויך אַ קעלבל אונטערגעבעט מיט שטרוי אויפן וואָגן, ווי אויך אַנדערע פּראָדוקטן. נאָך דעם ווי זיי האָבן זייערע סחורות פאַרקויפט, האָט מען זיך אַרויסגעלאָזן איינ־האַנדלען וויטיקע זאַכן. אַ גרויסער טייל פון זיי זיינען אויך געווען קונדן פון די יידישע בעקערייען.

די יידישע בעקערס פון גאָמבין האָבן אויך געהאַט אַ זייטיקן איינקונפט, אַחוץ פון באַקן געבעקס. אין גאָמבין זיינען שוין אין די ערשטע יאָרן פון היינטיקן יאָרהונ־דערט מער נישט געווען קיין איינגעמויער־טע אויוונס אויף צו באַקן ברויט. ווען אַ יידישע בעל־הביתטע האָט געוואָלט אויס־באַקן אייגן ברויט, אָדער חלה, האָט זי געמוזט אָנקומען צום בעקער. ווען זי האָט פאַרקנאָטן אַ טייג אויף ברויט אָדער חלה, האָט זי דאָס געמוזט ברענגען צום בעקער, אַז ער זאָל דאָס פאַר איר אויסבאַקן.

אַ טייל גאָמבינער געדענקען נאָך וואָס ס'האָט זיך אָפּגעטאָן אין די יידישע בע־קערייען אין אַ דאָנערשטיק ביינאַכט. פרויען פלעגן אָנפילן די בעקערייען און עס איז געווען לעבעדיק אין די אָוונטן פון דאָנער־שטיק אָדער פון פאַר די יום־טובים. אַנ־דערע האָבן אַפילו דאָרטן פאַרקנאָטן אַ ראָשטשינע און האָבן געוואַרט ביז וואַנען ס'איז געוואָרן אָפּגעבאַקן. זיי האָבן פאַר־בראַכט אין דער בעקעריי כמעט אַ גאַנצע נאַכט. ווען ס'האָט שוין גענומען טאָגן, האָט מען אַהיימגעטראָגן דאָס פרישע געבעקס.

די מערסטע פרויען וואָס האָבן שוין געהאַט אונטערגעוואַקסענע טעכטער, האָבן דאָס באַקן חלה, לעקעך, סטוניקעס און אַנ־דערע געבעקסן לכבוד שבת, איבערגעגעבן אין די הענט פון זייערע אונטערגעוואָקסענע טעכטער דאָס צו באַקן. און דאָ ווילט זיך עפּעס דערציילן פון יענער צייט, ווען עס האָט זיך געשאַפן אַ בונדישע באַוועגונג אין גאָמבין.

עס איז נישט גרינג אָנגעקומען אין אַזאַ קליין שטעטל ווי גאָמבין זיך צו טרעפן און קאָנען אַגיטירן יידישע אונטערוואַקסנדיקע טעכטער, אַז זיי זאָלן צושטיין צו דער נייער באַוועגונג. יידישע מיידלעך זיינען געווען געהיט פון זייערעס עלטערן און שוועסטער, ברידער אָדער קרובים. מ'האָט נאָך נישט געהאַלטן אין גאָמבין, אַז טרעפן זיך סתם אַזוי זיך מיט יונגע לייט איז נישט שיין פאַר מענטשן. דאָס מיידל קאָן נאָך באַרעדט ווערן אַלס אַן אויסגעלאַסענע, און דאָס קאָן נאָך שאַדן צו אַ שידוך. די „לאָדנס" פון דער נייער צייט זיינען שוין דאַן געווען האַלב־אָפן, און דעם יונגוואַרג האָט געצויגן ווי צו אַ מאַגנעט. מ'האָט געוואָלט וויסן, וואָס ווילן די אחדותניקעס אַזוינס ? וואָס האָבן זיי דאָס אַזעלכעס, וואָס אַ סך שטייען צו זיי צו ? מ'האָט סתם געבענקט נאָך עפּעס אומדערוואַרטעטעס. האָבן זיי אַליין געזוכט די געלעגנהייט זיך צו טרעפן מיט אַן אחדותניק און הערן וואָס ער האָט צו

וואָגן. דאָס חלה־באַקן פון די דאָנערשטיקע נעכט איז געווען דער בעסטער און גרינגס־טער פּלאַץ פאַר דעם. אין די דאָזיקע אָוונטן האָט די נייע בונדישע באַוועגונג צוגעקראָגן אַ גרויסע צאָל נייע חברות. אייניקע פון זיי זיינען שפּעטער געוואָרן פון די אַקטיווסטע מיטגלידער פון „בונד" און אַפילו אַריין אין דעם עקזעקוטיוו קאָמיטעט.

נאָך אַ זייטיקער איינקונפט פאַר די בעקערס איז געווען דאָס אַריינשטעלן טשאָלנט אין אויוון אַריין פרייטיק פאַר־נאַכט, און שבת נאָכן דאַוונען זיינען די פרויען געקומען צום בעקער דאָס אַרויס־צונעמען.

צווישן די יידישע בעקערס פון גאָמבין זיינען געווען עטלעכע וואָס האָבן זיך אויס־געצייכנט געוואַלדיק מיט זייער געבעקס. מענדל בעקער און נאָכדעם זיין זון אָדם, אברהם בעקער און פישעלע בעקערס ברויטן וואָס זיי האָבן געבאַקן זיינען געווען אַ טעם גן־עדן. אַנדערע האָבן געזאָגט, אַז עס איז בעסער ווי לעקעך. יצחק בעקער פלעגט זיך ספּעציאַליזירן אין באַקן קאָרנע ברויט, וואָס מענטשן האָבן געלעקט פון אים די פינגער. יעדער איינער פון די יידישע בע־קערס האָט זיך ספּעציאַליזירט אין עפּעס אַ געבעקס און געהאַט זיינע שטענדיקע קונדן, וואָס זיינען צו אים געקומען קויפן. מיט איין וואָרט, די יידישע בעקער־משפחות האָבן זיך געלעבט ניט ערגער ווי די אַנ־דערע בעל־מלאכות. זיי האָבן דערצויגן שיינע משפחות און געווען אָנגעזען אין שטאָט און פאַרנומען אַ חשובן אָרט אין דעם גאָמבינער עקאָנאָמישן לעבן.

## יידישע קצבים אין גאָמבין

גאָמבין האָט געהאַט אַ גאַנץ אָנגעזעענע צאָל קצבים, וועלכע האָבן באַדינט די יידי־שע באַפעלקערונג (ווי אויך טיילווייז די קריסטלעכע). וועלכער גאָמבינער געדענקט דאָס נישט די יאַטקעס מיט די יאַטקע־קלעצער, וואָס פלעגן די גרעסטע טייל פון יאָר זיך געפינען אין פראָנט פון די געוועל־בער אין דער יאַטקע. דאָס איז געווען אַ לאַנגע פעסט־געבויטע געביידע, וואָס האָט זיך געפונען אין עקסטרעם־מזרח פון מאַרק, לינקס פון „ראָטהויז".

עס האָבן זיך געפונען אַרום 13, אָדער מער געוועלבער אין דער לאַנגער געביידע, וואָס איז געווען פאַרנומען בלויז פון די יידישע קצבים. די מערסטע פון זיי האָבן געהאַט צו עטלעכע זין, און אַנדערע האָבן אַפילו געהאַט ווייבער, וואָס האָבן זיי אַרויס־געהאָלפן אין אַן ערב־שבת, אָדער יום־טוב, ווען זיי זיינען געווען זייער פאַרנומען מיט קונים.

די קצבים זיינען געווען ס'רוב פעסט־געבויטע, הויך אויסגעוואַקסן און געזונטע מענטשן. זייערע זין און טעכטער זיינען געווען פון דעם זעלבן שניט. די מערסטע פון זיי זיינען געווען פרומע יידן. מ'האָט זעלטן געהערט, אַז עמיצער פון זיי זאָל זיינע קליענטקעס באַליידיקן, אָדער מביש־זיין. נאָר טאָמער האָט זיך אַמאָל פאַרגלוסט אַ פּוילישן אַנטיסעמיט זיך מיט זיי צו פאַרטשעפּען, איז אים שוין ניט געווען מיט וואָס מקנא צו זיין. ער האָט שוין פאַרזאָגט אַ צענטן זיך נישט אָנצוהייבן מיט יידישע קצבים.

זייער סחורה — די בהמות, קעלבער און שעפּסן — פלעגן זיי קויפן ביי די פּוי־ערים, וואָס האָבן דאָס געבראַכט צו פירן אין שטאָט אַריין, צוויי מאָל אין וואָך — מאָנטיק און דאָנערשטיק. די באַרימטע פּוילישע „טאַרגן", וואָס זיינען פאָרגעקומען אין די דאָזיקע טעג, ווי אויך אויף די ירידים, וואָס זיינען פאָרגעקומען פון צייט־צו־צייט.

אַ טייל פון די קצבים פלעגן זיך אַליין אַרויסלאָזן אין די דערפער איינצוהאַנדלען אַ קו, אַמאָל אַ קעלבל, ברענגען עס אין שטאָט אַריין, אָוועקפירן אין שטאָטישן שלאַכט־הויז און געלאָזן שחטן ביים שוחט, וואָס האָט זיך ס'רוב געפונען אין די פאַר־טאָגן.

טאָמער האָט אַמאָל פּאַסירט, אַז ביים בודק'ן האָט זיך געפונען אַ סרכא אויף די לונגען פון דער בהמה, און ווען עס איז באַשטעטיקט געוואָרן, אַז זי איז טריף,

ווען דאָס האָט פּאַסירט ביי אַן אָרעמען קצב, וואָס האָט אָפּטמאָל געליען געלט אויף צו קויפן די בהמה, איז געווען אַ צער צו קוקן אויף דעם יידן, וואָס האָט געהאַט אַזאַ פאַרלוסט און האָט געמוזט פאַרקויפן אויף טריף מיט אַ גרויסן היזק. ס׳האָט אים נאָכדעם גענומען אַ לאַנגע צייט גוטצומאַכן דעם היזק און אָפּצאָלן די געליענע געלט.

אָבער אין כלל גענומען, האָבן יידן זיך נישקשה אַדורכגעשטופּט מיט חיונה ביי קצבות, — דערציגן דורות און זייערע קינדער. נאָך דעם ווי די טאַטעס זיינען אַוועק, האָבן זיי ווייטער אָנגעפירט די קצבות אין גאַמבין.

## יידישע סאַדאָווניקעס

אַ גאַר גרויסער טייל פון די גאַמבינער יידן האָבן זיך פאַרנומען מיט דעם פּרוכט־האַנדל און מיט האַלטן סעדער אין די זומער־חדשים. ווי מיר איז באַקאַנט, איז נאָך נישט געמאַכט געוואָרן אַזאַ אויספאָרשונג וועגן דער גרויסער ראָל וואָס יידן אין יענער געגנט האָבן געשפּילט אין דער אַנטוויקלונג און פאַרשפּרייטונג פון דעם פּרוכט־מסחר (דאָס איז אַ באַזונדערער געביט, וואָס גייט נישט אַריין אין מיינע דערינערונגען). איך וויל דאָ בלויז פאַרצייכענען אין קורצן, וואָס די גאַמבינער יידן האָבן אין דעם געהאַט.

ווען עס איז אָנגעקומען דער פרילינג, די פּרוכט־ביימער האָבן גענומען בליען, האָט זיך אַ גרויסע צאָל גאַמבינער יידן אַרויסגעלאָזט אין די אַרומיקע דערפער, ספּעציעל אין דער נידערונג, וואָס איז געווען כמעט הונדערט פּראָצענט באַוואוינט פון די דייטשן, און מען האָט גענומען פאַרהאַנדלען מיט די אייגנטימער פון די סעדער און ביי זיי אָפּדינגען די פּרוכט, ווען זיי וועלן פאַרטיק ווערן און אַראָפּגענומען ווערן פון די ביימער. עס איז פאַרשטאַנען געוואָרן, אַז דער ווירט מוז אויפבויען אַ שטרויענע בויד, וואו דער סאַדאָווניק מיט זיין פאַמיליע וועלן זיך באַזעצן אַזוי גיך ווי די פּרוכטן וועלן זיך פאַרמירן, און דאָרטן וואוינען ביז וואַנען אַלץ וועט אַראָפּגענומען ווערן פון די ביימער. אַ טייל פון די פּרוכטן וועלן „געטריקנט ווערן" און פאַרפּאַקט ווערן אין זעק, צוגעגרייט צום פאַרקויפן אין די ווינטערדיקע חדשים, ווען קיין פרישע פּרוכט איז מער שוין נישט פאַראַן.

אַרום ענדע פון חודש מאַי האָט זיך אָנגעהויבן די עמיגראַציע אין די דערפער אַריין. מ׳האָט געמוזט אָפּהיטן, אַז מען זאָל ניט צוגנבענען די פּרוכט, היטן אַז אַזוי גיך ווי די זומערדיקע עפּל אָדער באַרנעס וועלן רייף ווערן, אַרונטערנעמען זיי פון די ביימער און אַוועקשיקן זיי צום פאַרקויף. מען האָט געמוזט צוגרייטן און בויען לאַרעס צו טריקענען די פּרוכטן, ווי נאָר זיי וועלן רייף ווערן. בקיצור, קיין אַרבעט האָט ניט געפעלט. מ׳האָט געמוזט אַרבעטן שווער און ביטער, אָפּט איבער די כוחות, אַז אַלץ זאָל געטאָן ווערן אין צייט. די פּרוכט האָט ניט געטאָרט ווערן צו רייף, מ׳האָט געדאַרפט די פּרוכט אַראָפּנעמען, פאַרפּאַקן ווי געהעריק אין קאַסטנס אָדער פעסלעך (טונדלעך) און זען, אַז די פּרוכטן זאָלן ניט צעקוועטשט אָדער קאַליע ווערן ביז מען ברענגט זיי אין דער גרויסער שטאָט אַריין, צום מערסטן אין וואַרשע און לאָדזש. עס האָט געדויערט כמעט אַ מעת־לעת ביז די פּרוכטן זיינען דאָרט אָהינגעקומען. מ׳האָט געמוזט זיין באַקאַנט מיט דעם אופן ווי אָנצולאָדן די פּרוכט אין דעם גרויסן וואַגאָן, וואָס האָט געפירט די פּרוכט אין דער גרויסער שטאָט. נאָכדעם האָט דער סאַדאָווניק און דער פורמאַן זיך געלאָזט אין וועג אַריין.

האָט פּאַסירט, אַז אויב עס איז געקומען ווייניק סחורה אויף די מערק פון דער גרויסער שטאָט, האָט דער סאַדאָווניק פאַרקויפט זיין סחורה פאַר אַ גוטן מקח און זיך געפילט אין אַ גוטער שטימונג. אַמאָל האָט ער נאָך אַהיימגעבראַכט אַ מתנה פאַר די קינדער. דאַקעגן, ווען עס איז אָנגעקומען צו פיל סחורה אויף די מערק, האָט ער געמוזט פאַרקויפן די פּרוכט בחצי חנם. זאָל שוין גאָט אויסהיטן, וואָס דער סאַדאָווניק האָט דעמאָלט געפילט. מ׳דאַרף אויך

ניט פאַרגעסן, אַז דער רוב סאַדאָווניקעס האָבן געדונגען די סעדער מיט געליענע געלטער פון ד׳ער משפחה אָדער פון פרעמדע מענטשן. ווען עס איז געווען ביליק די פרוכט, האָט מען געמוזט סייווי פאַרקויפן, ווייל אַהיימפירן די סחורה האָט מען נישט געקאָנט, ווייל ערשטנס, וואָלט די סחורה קאַליע געוואָרן און צווייטנס איז נישט געווען וואו זי אָפּצוזעצן. האָט געטראָפן אין אַזעלכע פאַלן, אַז נאָך דער גאַנצער האָרעוואַניע פון דער גאַנצער משפחה און אָפּפלאָגן זיך צוויי מעת־לעת אויף דער רייזע אין די שווערע וועגענער, וואָס האָבן אויסגעטרייסלט די קישקעס, איז מען נאָך אַלעם דעם אַהיימגעקומען צו דער ווייב און קינדער אַ פאַרביטערטער. עס האָט אַמאָל פאַסירט, אַז וויפל געלט מ׳האָט אַריינגעקראָגן האָט נישט געדעקט די אויסגאַבן, און מען האָט נאָך געמוזט דערלייגן פון קעשענע דעם היזק.

## דאָס טרוקענען די פרוכטן

יידן פון גאָמבין זיינען געווען גרויסע עקספערטן אין טרוקענען פרוכטן. פאַר די יעניקע וואָס זיינען נישט באַקאַנט מיט דעם אופן ווי אַזוי עס איז געוואָרן געטאָן, וויל איך איצט געבן אַ קורצע דערקלערונג און איבערבליק.

אַ לאַסיע, ווי מען האָט עס גערופן, איז געווען אין דער פאָרם פון אַ ברייט בעט אויף וואָס מ׳שלאָפט. די פאָרם איז געווען אַרום און אַרום צוזאַמענגעשלאָגן פון אַרום צוויי־פוסיקע גלאַטע, אָפּגעהובלטע ברעטער. צו דעם איז איבער דער גאַנצער גרויס פון דעם געווען צוגעשלאָגן אַ געדיכטער דראָטענער נעץ. נאָך דעם האָט מען אויסגעגראָבן אַ לאָך אין דער ערד, אַרום פינף אָדער זעקס פוס אין דער טיף. דאָרטן האָט מען אַריינגעזעצט די לאַסיע אַזוי, אַז זי זאָל זיך האַלטן און נישט אַראָפּפאַלן אין גרוב אַריין. לעבן דעם האָט מען אויסגעגראָבן אַ צווייטן גרוב, מיט טרעפּ אַרונטערצוגיין. צווישן די צוויי גריבער האָט מען געמאַכט אַ גרויס לאָך, וואָס זאָל פאַרבינדן די ביידע גריבער. דאָס לאָך האָט געדינט ווי אַן אויוון, וואָס מען האָט איינגעהייצט מיט האָלץ. די היץ איז אַריין דאָרטן וואו די לאַסיע האָט זיך געפונען. מען האָט געמוזט אַזוי איינהייצן דעם אויוון, אַז עס זאָל ניט זיין צו הייס, אָדער צו קאַלט, נאָר ס׳זאָל געבן אַ גלייכע היץ. די ליאַסע האָט מען אָנגעפילט מיט פלוימען אָדער עפל, פאַרדעקט דעם אויבערשטן טייל מיט גלאַטע ברעטער און פון דער זעלבער גרויס, די שפּאַרעס אַרום פאַרדעקט מיט טיכער, כדי די היץ זאָל ניט אַרויס, און אַזוי האָט זיך געטריקנט דאָס אויבסט. די סאַדאָווניקעס האָבן שוין געוואוסט, ווען עס איז צייט אויפצודעקן און אָפּצוקלויבן דאָס וואָס ס׳איז שוין געווען פאַרטיק, געלאָזן עס שטיין אין די קוישן ביז עס וועט זיך אָפּקילן. נאָך דעם פלעגט מען דאָס אויבסט אַריינטאָן אין זעק און עס איז שוין געווען פאַרטיק אַוועקצושטעלן עס פאַרן ווינטער.

די אַלע גאָמבינער וואָס האָבן געגעסן די געטריקנטע פרוכט, פלוימען אָדער באַרן, וואָס די יידישע סאַדאָווניקעס האָבן צוגעגרייט, וועלן אייך זאָגן, אַז דאָס איז געווען טעם־גן־עדן, וואָס זיי קאָנען נאָך ביז היינט־צו־טאָג ניט פאַרגעסן.

ס׳וואָלט געווען פאַר אַנדערע שווער צו באַשטימען, ווי אַזוי אָנצורופן סאַדאָווניקעס — זיינען דאָס געווען געשעפטס־לייט, אָדער בעל־מלאָכות. אָבער ווי אַזוי מען זאָל זיי נישט קלאַסיפיצירן, איז זייער אַרבעט נישט געווען ווייניקער נוצלעך און נייטיק ווי פון וואָס זיי האָבן צוגעשטעלט אַ גוואַלדיק וועלכן־עס־איז ערד־אַרבעטער. אַחוץ דעם נייטיקן טייל פון דער מענטשלעכער דיעטע, האָבן זיי נאָך סטימולירט די אַרבעט פון די אייגנטימער פון די סעדער און זיי אַריינגעבראַכט אַן אָנגעזעענעם טייל פון זייער הכנסה. און אָט אויף די נוצלעכע און אַרבעטזאַמע יידן האָבן אונדזערע „ליבהאַרציקע" שכנים געקוקט פון אויבן אַראָפּ און זיי באַצייכנט ווי „שאַכער־מאַכער".

ווי שוין דערמאָנט פריער, מאַך איך דאָ נישט קיין וויסנשאַפטלעכע אויספאָרשונג פון די יידישע סאַדאָווניקעס. איך פאַרצייכן

בלויז דאָס וואָס איך האָב אין מיין יוגנט צוגעזען מיט מיינע אייגענע אויגן. איידער איך פאַרענדיק, וויל איך צוגעבן בלויז איין פאַקט, פון וואָס די יידישע סאַדאָווניקעס האָבן פון צייט־צו־צייט זיך אָנגעליטן און דאָס איז די ביינאַכטיקע שרעק, פון וואָס זיי האָבן אָפטמאָל געליטן.

די „טייערע״ הויף־דייטשן אין דער נידערונג, וועלכע האָבן פאַרדונגען זייערע סעדער צו די יידן פאַר גוט געלט, האָבן זיך געוואָלט אַביסל פריילעך מאַכן און טרייבן שפּאַס אויף דעם יידנס חשבון. האָבן זיי זיך אין מיטן דער נאַכט איינגעוויקלט אין ווייסע ליילעכער, מיטגענומען מיט זיך גרויסע כלבים, זיך אַרויסגעלאָזט אין די סעדער, וואו עס האָבן זיך געפונען די יידישע סאַדאָווניקעס, אָנגערייצט די הינט, אַז זיי זאָלן בילן, פאַרבייגעלאָפן די שטרויענע ביידלעך, וואו עס זיינען געשלאָפן די יידישע פאַמיליעס, געמאַכט אַ גרויסן טומל. די יידישע קינדער האָבן זיך אויפגעכאַפּט און געזען ווי ווייסע „לצים״ מיט הינט טאַנצן אַרום אין פראָנט פון זיי. די שרעק און די געשרייען פון די קינדער זיינען געווען עד־לב השמים, הימל־הויך. נאָכדעם ווי זיי האָבן שוין ביז טויט דערשראָקן די יידן און זיינען שוין אַליין אויך מיד געוואָרן, האָבן זיי זיך אָפּגעטראָגן מיט אַ הילכיקן געלעכטער און הנאה. זיי האָבן דאָס גערופן אַ וואַך־נאַכט.

דאָס איז נאָך געווען אַ צולייג צו דעם שווערן האָרעווען פון די סאַדאָווניקעס, וועלכע האָבן געזוכט מפרנס צו זיין זיך און זייערע משפחות. האָט זיך עס זיי אַמאָל איינגעגעבן און זיי האָבן געהאַט אַ גוטן סעזאָן, און מען איז אַהיימגעפאָרן מיט ריווח, האָט מען אַלע שוועריקייטן צוזאַמען מיט דער שרעק פאַרגעסן און געוואַרט אויף איבער־אַ־יאָר אם־ירצה־השם, וועט מען ווידער דינגען אַ סאָד, און אפשר אויך ביי דעם זעלבן ווירט, דעם דייטש. טאָמער האָט זיך נישט איינגעגעבן, און מ׳איז אַרויסגעקומען מיט אַ היזק און נאָך געמוזט זוכן ווי אַזוי אָפּצוצאָלן די חובות, איז דאָס געווען אַ גרויס רחמנות צוצוקוקן. און איבער־אַ־יאָר אין פרילינג האָט מען שוין אַפילו ניט געהאַט קיין מעגלעכקייט ווידער צו פּרובירן דאָס מזל. אַזוי איז צוגעגאַנגען דאָס לעבן פון די גאָמבינער סאַדאָווניקעס.

## יידישע וואַלקערס

אַ גאַנץ אָנגעזעענער טייל יידן פון גאָמבין האָבן זיך פאַרנומען מיט דעם וואַלקערס פאַך. די מערהייט פון זיי זיינען געווען יונגע מענטשן, קינדער פון בעל־הביתישע פאַמיליעס. עס האָט זיך דעמאָלט (אין די יאָרן 1900 ביז 1906) שוין אָנגעהויבן אַ גרויסער באַגער זיך צו באַפרייען פון דעם אַלטן באַגריף, אַז אַ בעל־מלאכה איז נישט געווען אַזוי אָנזעעוודיק ווי איינער וואָס איז אַריינגעטאָן אין תורה ועבודה. עס איז שוין מער נישט געווען דער חשק צו זיצן און קוועטשן די באַנק און לערנען ביז וואַנען מען וועט שפּעטער אפשר קענען טאָן אַ לייטישן שידוך און קריגן אַ גרויסן נדן צוזאַמען מיט עטלעכע יאָר פרייע קעסט ביים שווער און נאָכדעם זיך אַרויסלאָזן זוכן אַ מסחר פאַר זיך אַליין. מ׳האָט שוין דאַן געפילט, אַז מ׳מוז זיך וואָס גיכער אַרויסרייסן און זוכן אַ בעסערן תכלית. אַ גרויסער אויסוואַל זיך אויסלערנען אַ פאַסיקע מלאָכה איז אין גאָמבין נישט געווען, האָט זיך אַ טייל יונגעלייט גענומען לערנען דאָס וואלקער־פאַך, וואָס איז געווען גאַנץ אָנגעזען און פאַרשפרייט אין גאָמבין.

פאַר די דאָזיקע, וואָס זיינען נישט באַקאַנט וואָס די וואַלקעריי איז אַזוינס, וויל איך דאָ פּרובירן דאָס אויפצוקלערן:

מען האָט אויסגעשניצט פון אַ ברעטל די פאָרמע פון אַ מענטשלעכן פוס, גענומען אַ שטיק לעדער פון אַ ווייכער פעל, וואָס איז גענוצט געוואָרן פאַר כאָלעוועס פון שטיוול, געווייקט די לעדער אין אַ פעטן, דיקן אויל, און די לעדער אַרויפגעטאָן אויף דער הילצערנער פאָרמע. דאָס אַזוי לאַנג מאַנעווורירט מיט דער הילף פון אַ זייער טעמפּן מעסער, ביז וואַנען די לעדער איז געווען ריכטיק ווי אַ פאָרמע פון אַ מענטשלעכן פוס. מען האָט דאָס אַרומגעשלאָגן מיט

קליינע טשוועקעלעך, און עס אַוועקגעשטעלט אין אַ פּאַסיקן פּלאַץ, אַז דאָס זאָל זיך אויס־טריקענען. און נאָכדעם איז עס פּאַרטיק פאַרן שוסטער, וואָס האָט פאַרנייט די הינ־טערשטע זייט, און אַרויפגעקלאַפּט אַ פּאָר זוילן און אָפּצאַסן און עס זיינען געוואָרן אַ פּאָר פּאַרטיקע שיך. מערסטנטייל איז דער וואלקער־פּראָדוקט באַנוצט געוואָרן פון די טאַנדעטניקעס, וואָס האָבן געאַרבעט אויף פאַרטיקע שטיוול אויף צו פאַרקויפן צו די פויערים, וואָס פלעגן קומען אויף די „טאַרגן" און ירידים איינצוהאַנדלען שטיוול פאַר זיך און פאַר די קינדער. מען האָט געקראָגן ביי די טאַנדעטניקעס שטיוול פון אַלערליי מאָסן. דער פויער פלעגט אָנ־מעסטן די שטיוול, און אויב זיי האָבן גע־פּאַסט, האָט מען זיך באַדונגען מיטן פּרייז. די פויערים זיינען געווען צופרידן צו קויפן אַזעלכע פאַרטיקע שטיוול, וויל זיי זיינען געווען שטאַרק ווי אייזן.

אין גאָמבין האָבן זיך געפונען עטלעכע וואַרשטאַטן פון וואלקערס. דער גרעסטער איז געווען מרדכי גאַרבערס וואַרשטאַט, וואו עס האָבן געאַרבעט בלויז יידישע אַרבעטער. ביי אים האָבן געאַרבעט אין דער צייט וואָס איך האָב פאַרלאָזן גאָמבין, מיינע נאָ־ענטסטע חברים און פריינט — אליהו לייזער מיט זיין ברודער יענקעלע, טיבער יאָסעלע בערישעס, יצחק משה גייער און מיר דוכט זיך, אַז אויך שמואל לייב וואָלמאַן. די דאָזיקע און אויך די מערהייט פון די אַנ־דערע, וואָס זיינען געווען באַשעפטיקט ביי מרדכי גאַרבער, זיינען געווען די חשובסטע חברים פון דער בונדישער אומלעגאַלער אַרבעטער־באַוועגונג. שפּעטער זיינען צו זיי צוגעקומען נאָך אַנדערע, וואָס האָבן זיך דאָרטן אויסגעלערנט דאָס וואלקער־וואַך, ווי הענעך גאָלדשמידט, ירחמיאל, גמרא־מלמדס זון, ווז'ס האָט זיך געמאַכט באַוואוסט, ווען ער האָט נאָך דאַן געלערנט פאַר זיך אין בית־המדרש אַלס דער עלוי פון שטאָט. שפּעטער איז ער אויך געווען דער אויס־געוויילטער פאָרשטייער פון די גאָמבינער יידן אין ראַטהויז.

וועגן דעם חבר הענעך גאָלדשמידט וויל איך דאָ דערציילן אַן עפּיזאָד פון יענער צייט, ווען ער איז נאָך געזעסן אין בית־המדרש און געלערנט. דעמאלט איז נאָך די באַוועגונג פון „בונד" אין גאָמבין געווען ניי. די גאָמבינער יידן האָבן דעם דויפּט־פירער פון דער באַוועגונג אַ נאָמען געגעבן „קיסר". זיי האָבן איינגעטענהט מיט זייערע קינדער און חוזק געמאַכט פון דעם נייעם „קיסר". זעט נאָר, זעט, אָט דער סמאַר־קאַטש, דעם און דעמס זונדעלע, וויל דאָס איבערנעמען די גרויסע רוסישע מלוכה און ווערן דער נייער קיסר. זיי האָבן מיט דעם געוואָלט איבערשרעקן זייערע קינדער, אַז זיי זאָלן זיך ניט לאָזן פאַרפירן פון די אחדותניקעס. אָבער געאַרבעט האָבן זייערע רייד פונקט דעם היפּוך פון דעם וואָס זיי האָבן געוואָלט דערגרייכן. די קינדער זיינען נאָך מער געוואָרן נייגעריק זיך צו באַקענען מיטן „קיסר". איין מאָל באַשליסט דער הענעך, אַז ער וועט אַוועק אין וואַלד אַריין (אויף דער בערזשע וואו מען האָט זיך געטראָפן) און אַזוי ווי ער קאָן גוט דעם קיסר, ווען ער האָט נאָך געלערנט גמרא ביי זיין טאַטן. ער האָט אים באַוויזן מיט אַלע ראיות פון דער תורה, אַז די נייע גאַנגען טויגן נישט און וועלן אין ערגעץ נישט פירן. נו, לאָמיר דאָס מאַכן בקיצור. הענעך מיט דעם „קיסר" האָבן זיך געטראָפן און פון דעמאָלט אָן געבליבן די נאָענטסטע חברים און פריינט, ביז וואַנען הענעך איז אַוועקגעשטאָרבן אין ריאָ דע זשאַנעירא, בראַזיל. זיי האָבן קאָרעספּאָנדירט דעם גאַנצן לעבן.

די יידישע וואלקערס אין גאָמבין, אַ חוץ דעם וואָס זיי זיינען געווען גוטע בעל־מלאכות אין זייער פאַך און געלעבט אַן ערלעך לעבן פון יגיע־כפּו, זיינען זיי געווען פון די אָנגעזעענסטע מענטשן אין שטאָט.

* * *

ביז איצטער בין איך פאַרטיק געוואָרן צו דערציילן די הויפּט בעל־מלאכות פון גאָמבין, וואָס זיינען געווען באַשעפטיקט אין גרעסערע צאָלן אין אַ געוויסן פאַך. וועל איך דאָ אָבער דערמאָנען, אַז עס האָבן זיך

אויך געפונען אין גאָמבין אַ באַדייטנדיקע צאָל מענטשן וואָס זיינען געווען באַשעפטיקט ביי אַנדערע אַרבעטס־פאַכן, ווי די וואָס איך האָב פריער דערמאָנט. למשל, עס זיינען געווען אַ צאָל קאַמאַשן־שטעפערס, וואָס האָבן געאַרבעט פאַר די שוסטערס. אויך שלאָסערס, סטאָלאַרעס, טאָקערס, רימערס און זאָטל־מאַכערס, בלעכערס (יצחק בלעכער מיט זיין פאָטער), טרעגערס, קאַשע־מאַכערס, סאָדע־וואַסער מאַכערס, און די וואָס האָבן אויסגעשלאָגן אויל פון ליינען־זוימען, זייפן־מאַכערס, גלעזער, שייטל־מאַכערקעס, אייער קענדלער, פישערס (אַ גאַנץ היפשע צאָל), בייגל־בעקער (אַ גאַנץ גרויסע צאָל), פורמאַנעס, וואַסער־טרעגערס, פעלדשערס, שערערס, מלמדים און יידישע לערער, און אפשר נאָך עטלעכע פאַכן, וואָס איך קאָן איצטער מער נישט געדענקען. די אַלע האָבן געצויגן חיונה פון יגיע־כפו. מיט דעם ענדיק איך מיין שרייבן וועגן די בעל־מלאכות פון גאָמבין.

## כלי־זמרים

ווען מ׳איז אַריינגעקומען אין דעם שמאָלן געסל, וואָס האָט זיך אָנגעהויבן פון דער מתים־גאַס, האָבן אין יעדן ראָג זיך געפונען צוויי געוועלבער. איין געוועלב האָט געהערט צו איציק זייאָנץ, אַ גרויסער מעל־געוועלב. און אין דעם צווייטן ראָג איז געווען לייבעלע־חנן קלעזמערס אײדעם שפייז־געוועלב. אַזוי גיך ווי כ׳האָב אַריינגעטראָטן אין דעם געסל, האָט זיך אַלע מאָל געהערט מוזיק שפילן. אַמאָל האָט זיך געהערט בלויז איין פידל שפילן, און פיל מאָל דאָס שפילן פון אַ גאַנצער קאַפעליע. באַלד הינטער לייבעלעס געוועלב האָט געוואוינט חנן דער קלעזמער, וועלכער איז געווען דער הויפּט־אָנפירער פון די גאָמבינער קלעזמאָרים.

חנא׳לע קלעזמער האָט געהאַט אין זיין קאַפעליע, אַחוץ זיינע צוויי זין חאַצקל און יאָסעלע (אַלע דריי האָבן געשפילט פידל) וואָלף דודע, וועלכער האָט געשפילט אויף אַ גרויסער באַסאָווער פידל, וואָס איז געווען כמעט אַזוי הויך ווי ער אַליין. אין גאָמבין האָט מען גערופן אַזאַ פידל באַנדורע. נו, ווי ווייט איז דורע פון דודע. איז שוין מחמת דעם וואָלף דודע זיין נאָמען אויף דעם גאַנצן לעבן. אין דער קאַפעליע האָבן זיך געפונען נאָך עטלעכע וואָס האָבן געהאָלפן שפילן אויף אַנדערע אינסטרומענטן. בקיצור, עס איז געווען אַ גאַנצער אָרקעסטעס.

ווען חנא׳לע מיט זיין אָרקעסטער האָבן געשפילט אויף אַ חתונה, בפרט נאָך פון שיינע בעל־בתים, איז געווען וואָס צו הערן. זייער שפילן ביי אַ „כלה באַזעצן״, בפרט נאָך ווען די כלה איז געווען אַ יתומה, האָט צעבראָכן די הערצער. נישט בלויז האָט די כלה געוויינט מיט ביטערע טרערן, נאָר אויך די מחותנים האָבן פאַרגאָסן באָבן טרערן. היינט דאָס „מצווה־טענצל״, איז גאָר געווען אַזוינס און אַזעלכעס. צומאָרגנס נאָך דער חתונה־נאַכט איז געקומען חנעלע מיט דער קאַפעליע צו די עלטערן פון דער כלה און אָפגעשפילט אַ פריילעכן „דזשיען דאָברי״ (גוט מאָרגן), וואָס האָט אַלעמען אויפגעהייטערט און אַרויסגעטריבן די מידקייט פון אָפהוליען כמעט אַ גאַנצע נאַכט.

ס׳האָט געטראָפן, אַז חנא׳לעס קאַפעליע האָט געהאַט אַ גוטן געלט־דערפאָלג, דאָס הייסט, אַז די מחותנים זיינען געווען פרייגעביקע מענטשן און געגעבן אַ סך טרונקגעלט פאַרן אָפשפילן עקסטראַ טענץ וואָס האָבן זיי געפעלן, איז שוין ביי די קלעזמאָרים אין די קומענדיקע טעג אויך געווען זייער פריילעך.

קלעזמרים, אַזוי ווי דאָס רוב קינסטלער, זיינען בטבע שטיקער באָהעמער. מעג דאָס אַפילו זיין אַזאַ „כרך״ ווי גאָמבין, האָט מען שוין נאָך אַזאַ חתונה געהערט ווי די קלעזמרים לאָזן זיך וואוילגיין און הוליען אָפּ די נעכט ביזן גראָען טאָג אַריין.

חנא׳לעס זון יאָסעלע איז געווען גאָר אַ פיינער פידל־שפילער. ער האָט געהאַט אַ זון, וואָס זייענדיק נאָך גאָר יונג, האָט ער שוין אַרויסגעוויזן גרויס טאַלאַנט אויפן פידל. מ׳האָט דערציילט אין גאָמבין, אַז דער יינגל וועט אויסוואַקסן אַ באַרימטער

פידל־שפּילער, און אַז די וועלט וועט נאָך מיט אים קלינגען. וואָס עס האָט זיך אַרויס־געוויזן פון די האָפענונגען איז מיט נישט באַקאַנט. איך בין אין יענער צייט אַוועק פון גאַמבין און פאַרלוירן דעם קאָנטאַקט מיט די מערסטע גאַמבינער.

איין זאַך איז דאָ כדאי אונטערצו־שטרייכן, אַז אַ צאָל גאַמבינער יידן האָבן זיך אויך מפרנס געווען פון מוזיק, און זיינען אגב אויך געווען טאַלאַנטפולע יידישע מוזיקאַנטן.

## דאַרפסגייערס

ס׳זיינען געווען אַ גרויסע צאָל יידן אין גאַמבין, וואָס האָבן נישט געהאַט קיין באַ־שטימטע באַשעפטיקונג. מ׳האָט זיך געדרייט אין אַלע זייטן, כדי צו פאַרדינען אויף חיונה. ווען ס׳איז אין שטאָט ניט געווען וואָס צו טאָן, האָט מען זיך אַוועקגעלאָזן איבער די דערפער צו פּרובירן מזל. אַ טייל האָבן אַרומגעפירט הויז־זאַכן, אין וועלכע די קאָלאָניסטן האָבן זיך געניוטיקט. אַנדערע האָבן געהאַט פאַרשיידענע אַנדערע שמאָכ־טעס, ספּעציעל פאַר די פרויען אָדער קינ־דער. אין דער זעלביקער צייט, אויב דער דאָפסגייער האָט דערשנאַפּט, אַז אַ קאָלאָ־ניסט האָט עפּעס צו פאַרקויפן, האָט ער עס איינגעהאַנדלט, אַפילו נישט וויסנדיק דעם ווערט פון דער זאַך. אפשר וועט גאָט העלפן און מ׳וועט עפּעס פאַרדינען פון דעם.

אַנדערע דאַרפסגייער זיינען שוין געווען מער בקי אין די זאַכן, וועלכע זיי ווילן איינקויפן. די דאָזיקע האָבן מיט זיך קיין זאַך ניט געהאַט וואָס צו פאַרקויפן. אַלץ וואָס זיי האָבן געוואָלט איז קויפן. צווישן די דאָזיקע האָבן די מערסטע געזוכט אויפ־צוקויפן אַ ביסל חזיר־האָר, פערדס־האָר אָדער גאָר ליינען־פלאַקס, פעל פון בהמות אָדער קעלבער, לינזען זוימען און צענדלי־קער אַנדערע אַרטיקלען, וואָס זיינען געווען צו קריגן. די זיינען שוין גראָד געווען מבינים אויף די זאַכן וואָס זיי האָבן גע־קויפט. למשל, מיט פעל פון בהמות און חזיר־האָר איז אָנגעגאַנגען אַ גרויסער האַנדל אין גאַמבין. מ׳האָט שוין געוואוסט פון באַשטימטע פּרייזן וואָס קאָן פון דעם דער־וואַרטן, ווען און וואו מ׳קאָן די זאַכן פאַר־קויפן מיט אַ גרעסערן ריווח, די קוואַליטעט פון דער דאָזיקער סחורה, וועלכע מ׳האָט אויפגעקויפט און נאָך אַנדערע ידיעות וואָס זיינען נייטיק געווען, אַז מ׳זאָל זיך ניט אָפּנאַרן.

אַחוץ די אויבן־דערמאָנטע דאַרפסגיי־ערס, זיינען געווען נאָך אַנדערע מינים דאָפסגייערס. למשל, קצבים האָבן זיך אָפּט־מאָל אַרויסגעלאָזן איבער די דערפער איינ־צוהאַנדלען אַ בהמה — אין גלייכן געלט, אויפצוקויפן קעלבער, אַמאָל אַ שעפּסל. דאָס איז שוין געווען אַ רוטין ביי די גאַמבינער קצבים. די מערסטע פון זיי האָבן געהאַט זין אָדער איידעמס מיט זיך אין די געשעפטן. האָט זיך איינער פון זיי אַרויסגעלאָזן אין דאָרף אַריין איינצוהאַנדלען זייער סחורה, וואָס זיי האָבן געדאַרפט האָבן פאַר דער וואָך אָדער פאַר אַ יום־טוב.

ס׳זיינען אויך געווען פי־ און פערדס־הענדלער, וואָס האָבן זיך אָפּט אַרויסגעלאָזן איבער די דערפער איינקויפן זייער סחורה. איך געדענק נאָך ווי מיין פעטער, אַברהם פּיטל, וועלכער האָט געוואוינט אַלע זיינע יאָרן אין דאָרף יולעשעוו, אַרום 7 וויאָרסט פון גאַמבין, געוואוינט האָט ער דאָרט צוליב איין זאַך — אַז ער זאָל האָבן וואו צו פאַשען די סטאַדעס קי און פערד, וואָס זיינען כמעט אַלע מאָל געווען אין זאַפּאַס, אָנגעזאַמלט צו פאַרקויפן אין אַנדערע שטעט און וואו מ׳קאָן דערוואַרטן בעסערע פּרייזן.

אַמאָל, איידער עס איז אַרויס די גזירה אין די 90קער יאָרן פון לעצטן יאָרהונדערט, אַז יידן טאָרן ניט באַזיצן קיין אייגן לאַנד, אַפילו נישט אין די דערפער פון פּוילן, וואו עס איז געווען ביז דעמאָלט יאָ דערלויבט פאַר יידן, פלעגט ער האָבן אייגענע פעלדער, וואו צו פאַשען און האַלטן די סטאַדעס בהמות, וואָס האָבן זיך ביי אים אַלע מאָל געפונען.

אַ געוויסע צאָל פון די גאַמבינער דאַרפסגייערס זיינען נישט געווען אַלע מאָל פאַרנומען מיט דעם גיין האַנדלען איבער

די דערפער. איר האָט געקאָנט טרעפן, אַז ביז דאָנערשטיק זאָל אַ ייד גיין האַנדלען איבער די דערפער, אָבער דאָנערשטיק נאָכמיטאָג זאָל זיך דער זעלביקער ייד אַרויסלאָזן צו די גרויסע טייכן (אָזערעס) און נאָך אַמאָל העלפן די פיש־קאַפּערס, אַריינציען די נעצן מיט די לעבעדיקע פיש און זיי אָפּקויפן און ברענגען לעבעדיקערהייט צו פאַרקויפן די יידן אויף שבת. אַזויערנאָך איז פון דעם דאָרפסגייער פון אָנהייב וואָך געוואָרן פרייטיק פאַרטאָג אַ פישער. און דער זעלבער דאָרפסגייער זאָל גאָר אין אַ טאַרג־טאָג, אָדער אויף אַ יריד, אויסשטעלן אין אַ ווינקל פון מאַרק, אָדער אַ זייטיקער גאַס, וועלכע האָט געהאַט פרייען פלאַץ, האָט ער אַ גאַנצע שטרעקע ערד באַדעקט מיט פאַרגלעזטע ערדענע טעפּ און אַנדערע מכשירים — צו פאַרקויפן די פויערים וואָס קומען אין שטאָט אַריין צו די טאַרגן. אָדער אַמאָל איז דאָס געווען כלערליי מכשירים געמאַכטע פון בלעך און אָפּגעווייסט מיט פאָרצעליי.

אָדער אין פריילינג האָט זיך דער זעלביקער דאָרפסגייער אַרויסגעלאָזן איבער דערפער אָדער אין דייטשישע קאָלאָניעס און אָפּגעדונגען אַ סאַד, און איז געוואָרן אַ סאַדאָווניק איבערן זומער.

אַזוי האָבן זיך יידן אָן אַ מלאכה אין האַנט געוואָרפן פון איין זאַך צו דער צווייטער, אַבי צו קאָנען זיך און זייערע פאַמיליעס דערנערן, אַבי חלילה ניט אָנצוקומען צו קיינעם וואָס זאָל אים העלפן — אָדער צו קיינעמס לאַסקעס, ווי מ׳האָט עס גערופן אין גאָמבין. נישט אומזיסט איז אַרומגעגאַנגען אַ גלייכווערטל, אַז „אַ מלאכה איז אַ ברכה״.

איך וויל נאָך דערמאָנען, אַז די זעלביקע יידן, וואָס פלעגן זיך אַזוי מאַטערן צו פאַרדינען אויף חיונה, פלעגן זיך ניט פילן גוט, ווען עס אַזי נישט געווען קיין אורח, ווען צו פאַרבעטן אַהיים פאַר שבת אָדער אַ יום־טוב. די דאָזיקע יידן האָבן אויך פון צייט צו צייט — ביי געלעגנהייט — געגעבן „אַ טאָג״ אָפּצועסן אַן אָרעמען בחור פון דער פרעמד, וואָס איז געזעסן אין בית־המדרש און געלערנט תורה. און אַזעלכע יידן האָבן אויך ניט אַרויסגעלאָזן אימיצן פון הויז אָן אַ נדבה, ווען מ׳איז געקומען בעטן.

ס׳איז כדאי צו דערמאָנען די דאָזיקע יידן מיט אַ שבח, אַז אין גאָמבין האָט מען זיך נישט געשעמט מיט קיין אַרבעט ווי שווער דאָס זאָל ניט האָבן געווען מפרנס־צו־זיין זיך און פירן אַן ערלעך לעבן.

## מאַרק־זיצערס

איינע פון די פרנסות אין גאָמבין זיינען געווען די מאַרק־זיצערקעס. דאָס זיינען אפשר געווען די אָרעמסטע פון די אָרעמע, וועלכע האָבן זיך מיט דעם דאָזיקן האַנדל פאַרנומען.

אין אָנהייב מאַרק צו מעריב זייט צו, וואָס האָט אַריינגעפירט דירעקט אין דער פלאָצקער גאַס אַריין און אויף רעכטס אין דער מתים־גאַס אַריין, דאָרטן אין מיטן מאַרק אַרויפצו דער לאַנגער גאַס, האָט זיך אָנגעהויבן די מאַרק־זיצערקעס „מלוכה״. אין אָנהייב מאַרק האָבן זיך געפונען עטלעכע פערמאַנענטע הילצערנע בוידן, אָדער סטראַגאַנעס, ווי אַנדערע האָבן עס גערופן. אין די בוידן איז אויך פאַרקויפט געוואָרן אַלערליי געבעקס. כדי צו פאַרשטעלן פון רעגן און שנייען, האָבן די בוידן געהאַט ברייטע דעכער, וועלכע האָבן זיך אַראָפּגעבויגן פון ביידע זייטן. באַלד נאָך די עטלעכע בוידן האָבן זיך געפונען די סטראַגאַנעס פון די מאַרק־זיצערקעס, און האָבן זיך געצויגן העט אַרויפצו פון מיט מאַרק ביז אַנטקעגן פאָזנאַנסקיס קאַמעניצע.

אין די טעג ווען עס זיינען פאָרגעקומען „טאַרגן״, אָדער ירידן, זיינען דאָרטן אַרויפגעשטעלט געוואָרן בוידן פון די פוילישע „קיילערס״ (קצבים), וועלכע האָבן פאַרקויפט כלערליי קאָלבאַסעס און שינקע — פון חזיר־פלייש. און ווייטער אַרויפצו, אַזש ביזן ראָטהויז צו, וואו ס׳הויבט זיך אָן די לאַנגע גאַס, זיינען געווען אין די דאָזיקע טעג פון די „טאַרגן״ אויסגעשטעלט בוידן פון כלערליי אַנדערע פּראָדוקטן, ווי למשל,

קורטקעס, הויזן און אַנדערע טאַנדעט־געמאַכטע סחורות צו פאַרקויפן.

די „קיילערס" זיינען געווען די נאָענטסטע שכנים פון די מאַרק־זיצערקעס. ס'האָבן אָפטמאָל פּאַסירט שרעקלעך מיאוסע זאַכן, וואָס די „קיילערס" האָבן אָפּגעטאָן צו די אָרעמע יידישע מאַרק־זיצערקעס. ווען אַזאַ פרוי איז געווען זייער שטאַרק פאַרנומען מיט אַ סך קונים אַרום איר, האָט זי נישט באַמערקט ווי אַ קיילער־יונג שאַרט זיך צו צו איר טעפּעלע געקעכץ, וואָס זי האָט מיט זיך מיטגעבראַכט פון דער היים אין דער פרי, כדי צו דערכאַפּן זיך דאָס האַרץ אין מיטן טאָג (זי האָט דאָס אָנגעוואַרעמט אויפן פייער־טאָפּ, וואָס זי האָט אין די קאַלטע טעג נעבן זיך געהאַט, אַז עס זאָל איר האַלטן וואַרעם), האָט ער אויפגעדעקט דאָס שטערצל פון איר טעפּל און געגעבן אַ וואַרף אַריין דאָרט אַ שטיקל חזיר, קעלבאַסע. די פרוי האָט פון קיין זאַך נישט געוואוסט. ווען זי האָט אַוועקגעשטעלט דאָס טעפּל אויפן פייער־טאָפּ אָנצוואַרעמען, האָט זי דערשמעקט עפּעס אַ מאָדנעם ריח. איז איר פינצטער געוואָרן אין די אויגן, און זי האָט זיך ערשט דאַן געכאַפּט, אַז די „ממזרים" האָבן איר אָפּגעטאָן אַ שטוקע. וואָס האָט זי געקאָנט טאָן? זי ווייסט דאָך אַפילו נישט ווער עס האָט דאָס געטאָן. זי האָט שוין נעבעך אָפּגעפּאַסט דעם טאָג. ביי די קיילער־יונגען איז דאָס געווען אַזאַ שפּאַס, אָפּגעטאָן דער „זשידאָווקע".

די מאַרק־זיצערקעס סחורה, וואָס זיי האָבן אויסגעלייגט אין גרויסע מולטערס, איז געווען אַ פאַרשיידנאַרטיקע. אין אָנהייב זומער האָבן זיי פאַרקויפט די ערשטע רויטע און שוואַרצע קאַרשן, די ערשטע זומער־עפּל און באַרנעס, כלערליי אַרבעס און באָב, מייערן און אוגערקעס, שטצאוו און אַלע אַנדערע פּרוכטן איז ביי זיי געווען דאָס ערשטע וואָס מ'האָט געקאָנט קריגן אין שטאָט. שפּעטער, צום האַרבסט צו, איז ביי זיי אין די מולטערס געווען צו קריגן פאַרשיידענע שפּעטערדיקע אויבסן און אויך געטריקנטע פלוימען, עפּל, באַרן און פון כל טוב. די מאַרק־זיצערקעס זיינען געווען אין גאָמבין אַ גרויסער טייל פון די וואָס האָבן פאַרקויפט שפּייז־פּראָדוקטן אין שטעטל. עס איז זיך שווער פאָרצושטעלן, ווי אַזוי גאָמבין וואָלט דאַן געקאָנט אויסקומען אָן זיי.

זיי האָבן שווער און ביטער געאַרבעט צו פאַרדינען אויף זייער שטיקל ברויט. זומער אין די גרויסע היצן און ווינטער אין די גרויסע קעלטן, זיינען זיי געווען אויסגעזעצט ביי זייערע מולטערס מיט סחורה. אין מיטן ווינטער זיינען חדר־ייִנגלעך געלאָפן אין מאַרק אַריין צו קויפן אַן איבערגעפרוירן עפּעלע, פון וועלכע זיי האָבן זיך אַזש באַלעקט מיט דעם, און זיך געשוואוירן, אַז דאָס איז מער באַטעמט ווי אַ פרישער עפּל. אָבער דער מאַרק־זיצערקעס לעבן איז שוין גאָרנישט געווען אַזוי באַטעמט. זיי האָבן געלעבט אַ שווער און ביטער לעבן.

## יידישע קרעמערס אין גאָמבין

פון יידישע קרעמערס האָבן די שפּייז־קרעמערס פאַרנומען דעם אויבן־אָן. דאָס ערשטע איז ווערט צו דערמאָנען די מעל־קראָמען, וואָס האָבן קיין אַנדערע שפּייזן אַחוץ מעל פון אַלע סאָרטן — נישט געהאַט. אין דער מתים־גאַס אַליין האָבן זיך געפונען דריי אַזעלכענע גרויסע געשעפטן: טאַובערס, איציק זייאָנץ און לייבעלע מעל־קראָמען. אַחוץ וואָס זיי האָבן פאַרקויפט דעטאַל (צו איינצלנע קונדן), האָבן זיי אויך פאַרקויפט צו בעקערס פאַר זייער געברויך. זיי האָבן אויך געהאַט ניט־צומאָלענע קאָרן, ווייץ, אַרבעס, בעבלעך און נאָך אַנדערע נישט־געמאָלענע פּראָוויאַנטן, און פאַרקויפט צום פאַרזייען אין פרילינג צו אַזעלכע פּויערים און קאָלאָניסטן, וואָס האָבן נישט געהאַט אָנגעגרייט פון לעצטן יאָר. אין די דאָזיקע קראָמען האָט מען אויך געקאָנט באַקומען רייז, הירזש און כלערליי אַנדערע פּראָדוקטן פון דעם סאָרט. אַחוץ אויף דער מתים־גאַס זיינען אויך געווען אַזעלכע גרעסערע און קלענערע מעל־געוועלבער צעשפּרייט כמעט אין אַלע גאַסן פון שטאָט.

אין מיטן מאַרק, צווישן דער פּלאָצקער און קוטנער גאַס, האָט זיך געפונען ראשעס גרויסער סקלאַד, וואָס האָט אַחוץ מעל אויך געהאַט צו פאַרקויפן אַנדערע סחורות, ווי הערינג פון אַלע סאָרטן, קעראָסין, דיקע אויל און צענדליקער אַנדערע זאַכן (מיר דוכט, אַז זי פלעגט צושטעלן הערינג צו אַלע שפּייז־קראָמען פון שטאָט). אַחוץ איר גרויסן געוועלב, וואָס איז געווען אין פראָנט פון דער גרויסער געביידע, וואָס זי האָט פאַרנומען, איז אויך געווען אין דער זייט פון איר געוועלב אַן אַריינפאָר פאַר וועגענער. דאָרט האָט זיך שטענדיק גערוישט און געקאָכט מיטן אויסלאָדן און אָנלאָדן פאַרשיידענע סחורות, ווי זעק מעל, טונען הערינג, טונען קעראָסין, זעק צוקער, רייז, בעבלעך, הירזש און אַנדערע פּראָדוקטן.

פון פאָרנט, אַרום איר געוועלב, האָבן אַלע מאָל זיך דאָרטן געפונען יידישע „ווירראָבניקעס" (טרעגערס) וואָס האָבן אָנגעלאָדן און אויסגעלאָדן די גרויסע וועגענער מיט סחורה. ס'זיינען געווען מער ווירראָבניקעס ווי ראשע האָט באַדאַרפט האָבן, און ווען עמיצער פון די אַנדערע געשעפטן אין שטאָט האָט געדאַרפט האָבן מענטשן אָנצולאָדן אָדער אויסלאָדן סחורות, זיינען זיי געקומען און גערופן איינעם אָדער מער ווי איינעם, וואָס האָט זיך אַלע מאָל דאָרטן, אַרום ראשעס געוועלב, געפונען.

די פרוי ראַשע איז געווען אַ געבוירענע אין פּלאָצק און האָט חתונה געהאַט מיט אַ גאָמבינער מאַן. באַלד נאָך זייער חתונה האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז זי טויג זיך מער אויס צום געשעפט ווי איר מאַן. צוליב דעם האָט זיך דאָס געשעפט גערופן אויף איר נאָמען.

די פרוי ראַשע איז געווען ר' יהודה לייב זלאָטניקס אַ שוועסטער. הרב זלאָטניק איז שפּעטער, אין יאָר 1911, ווען ער איז בלויז אַלט געווען 24 יאָר, אויסגעקליבן געוואָרן אַלס גאָמבינער רב און האָט דאָרטן אָנגעהאַלטן דאָס רבנות ביז 1919. אגב, ביי דער געלעגנהייט איז ווערט צו דערמאָנען, אַז דער גאָמבינער רב זלאָטניק ע"ה, איז געווען איינער פון די וואַרימטסטע



פאָלקלאָריסטן וואָס האָבן זיך געפונען אין פּוילן. איך דערמאָן דאָס דאָ מחמת דעם וואָס איך בין איבערצייגט, אַז אין גאָמבין האָט הרב זלאָטניק געקאָנט שעפּן פולע עמערס פון יידישן פאָלקלאָר, און דאָס וואָס ער האָט זיך שפּעטער אַזוי באַרימט געמאַכט אויף דעם געביט, האָט גאָמבין אָן שום ספק געהאַט אַ גרויסן חלק אין דעם.

אין גאָמבין זיינען אויך געווען אַ צאָל שניט־קראָמען. די גרעסטע פון זיי איז געווען איטה'לע זעליג אבאס ראָזענטאַלס און לייזער וויגדעראָוויטש. נאָך זיי קומען קלענערע, ווי דעם חסיד זאַנדערס, וואָס האָט זיך געפונען אויף דער קוטנער גאַס. ביי די זאַנדערס האָט מען געקראָגן צו קויפן לייוונט און אַלערליי ווייסוואַרג און ליינען־סחורות.


דער מאַרק טאָג

אַחוץ די שניט־קראָמען זיינען אויך געווען געשעפטן וואָס האָבן זיך פאַרנומען מיט פאַרקויפן צודאַטן פאַר דעם שניידערשן פאַך: אונטערשלאַק, קנעפּ, נאָדלען און אַלץ וואָס איז נייטיק געווען פאַרן שניידער, אי פאַר די מענער־שניידער, ווי פאַר פרויען־שניידער און נייטאָרינס.

ס'זיינען אויך געווען קראָמען וואו מ'האָט פאַרקויפט לעדער פאַר שיך, שטיוול און זוילן. אין די דאָזיקע לעדער־געוועלבן האָט מען געקאָנט קריגן אַלץ וואָס עס איז נויטיק פאַרן שוסטערישן פאַך.

פון יידן וואָס האָבן זיך פאַרנומען מיט שענקען, געדענק איך בלויז די ביבריגאַלס און די שענק פון די שמאַלצמאַנס פאַמיליע, וואָס האָט זיך געפונען אין מיטן מאַרק, אַרויפצו דער לאַנגער גאַס. מנשה שטאָלצמאַן איז געווען דער הויפּט־אָנפירער פון

דער שענק, וואָס איז געווען אַ גאָר גרויסער דערפאָלגרייכער געשעפט, און האָט זיך געקענט פאַרגלייכן מיט די גרעסטע שענקען פון די גרויסע שטעט פון פוילן. די אַנדערע שענקער אין גאָמבין זיינען געווען ס׳רוב פּאָלאַקן, מיט דער אויסנאַם פון איין דייטשישער פאַמיליע מיטן נאָמען שטעילע. דאָס איז אויך געווען אַ גרויסער שענק, וואָס האָט באַלאַנגט צו דער פאַמיליע. די דאָזיקע שענק האָט זיך אויך געפונען אין מאַרק און אַנטקעגן פון די שטאלצמאַנס. אגב איז כדאי צו דערמאָנען, אַז די שטעילע־פאַמיליע האָט זיך גאַנץ גוט פאַרהאַלטן מיט יידן. די סיבה פון דעם איז געווען אפשר מחמת דעם, וואָס די פּאָלאַקן האָבן פיינט געהאַט אי די יידן, אי די דייטשן.

פון שטאלצמאַנס שענק ביז דער פּוילישער תיפלה, וואו עס האָט זיך אָנגעהויבן די לאַנגע גאַס, זיינען געשטאַנען אַ צאָל צוויי־שטאָקיקע קאַמעניצעס, די שענסטע מויערן אין שטאָט. זיי זיינען אַלע געווען באַוואוינט פון דעם רייכסטן קלאַס יידן. אַ גרויסער טייל פון די דאָזיקע יידן זיינען געווען פּוילישע אַסימילאַנטן, וואָס האָבן כסדר גערעדט פּויליש.

אין איינער פון די מויערן האָט זיך געפונען קאראפקיס שפּייז־קראָם. ביי קאַראפקין אין קראָם האָט מען געקאָנט קריגן פון די בעסטע אימפּאָרטירטע שפּייזן, ווי סאַרדינען, לאַקס, ספּעציעלע הערינגלעך פון אויסלאַנד, מאַנדלען, טייטלען, פּאָמעראַנצן, לימענעס, געפּרעסטע טייטלען, פייגן, שאָקאָלאַד, צוקערקעס פון די בעסטע און וואָס אַ מויל האָט נאָר געקאָנט אויסריידן. אָבער שרעקט זיך ניט: דאָס איז נישט געווען פאַרן געברויך פון די גאָמבינער יידן, און זייער ווייניק פון זיי האָבן פון די אַלע זאַכן פאַרזוכט און אַפילו נישט געוואוסט דעם טעם פון דעם אַלעם וואָס עס איז דאָרטן געווען. קאראפקיס קליענטן זיינען געווען די פּוילישע שלאַכטשיצעס און פּריצים, ווי אויך פון די גאָר רייכע דייטשישע קאָלאָניסטן פון דער נידערונג. ס׳איז מיר נישט באַקאַנט, צי קאַראַפּקע האָט זיך אויך פאַרנומען מיט אַנדערע געשעפטן אַחוץ זיין געוועלב פון אימפּאָרטירטע שפּייזן. יעדנפאַלס איז ער געווען פאַררעכנט פון די גאָמבינער גבירים, און זיין פאַמיליע האָט געלעבט מיט דער ברייטער האַנט, וועגן וואָס די גאָמבינער יידן האָבן אַפילו ניט געקאָנט חלומען פון אַזאַ סאָרט לעבן.

אין גאָמבין האָבן זיך אויך געפונען אַ צאָל תבואה־הענדלער, וואָס האָבן געשיקט זייער סחורה אין אַנדערע שטעט. ס׳זיינען אויך געווען האָלץ־הענדלער. און אַן אָנגעזעענע צאָל אייזן־קראָמען. איינער פון די אייזן־קראָמען, דער גרעסטער אין שטאָט, האָט באַלאַנגט צו דער פאַמיליע קראסעק און די פאַמיליע האָט אויך געלעבט רייכער ווי דאָס רוב יידן אין גאָמבין.

עס האָבן זיך אויך געפונען אין גאָמבין עטלעכע וואַלד־סוחרים, אָבער זייערע געשעפטן זיינען נישט געווען באַקאַנט אין שטאָט, ווייל זייערע מסחרים זיינען געפירט געוואָרן ווייט אַוועק פון גאָמבינער געגנט און די גאָמבינער יידן האָבן בלויז געהאַט אַ פאַרנעפּלטן באַגריף פון זייערע געשעפטן. מ׳האָט אויך געשמועסט אין שטאָט אַז זיי פאַרמאָגן גרויסע צוקער־פאַבריקן. צי דאָס איז געווען אמת, אָדער ניט, האָט קיינער ניט געוואוסט אויף זיכער.

אין גאָמבין האָבן זיך אויך געפונען אַ צאָל יידן, וועלכע זיינען געווען פאַררעכנט פאַר גרויסע גבירים, אָבער זייער צאָל, דוכט מיר, האָט מען געקאָנט אויסרעכענען אויף די פינגער פון ביידע הענט און עס וואָלטן נאָך אפשר עטלעכע געבליבן ליידיק.

שמואלקע און פּאָזנאַנסקי זיינען געווען פון די גרעסטע גבירים, אַזוי האָט מען געשמועסט אין שטאָט. און נאָך דעם איז געווען זעליג אבא׳ס (וואָלפאָוויטש), יאָסעלע באָרענשטיין, נאָך דעם קלענערע און קלענערע. ווי גרויס זייער גבירישקייט איז געווען, האָט קיינער נישט געקאָנט וויסן, ווייל דער גאַנצער באַגריף פון רייכקייט פון יענער צייט איז געווען אַ זייער קנאַפּער. מ׳האָט געמאַכט פאַרגלייכן מיט דעם סטאַנדאַרט פון דעם רוב גאָמבינער יידן. נאָר טאָמער זיינען עטלעכע יאָ געווען רייך (נאָך דעם באַגריף פון די גאָמבינער), איז אָבער

אין דער זעלבער צייט אפשר ניינציק פּראָ־
צענט פון די גאָמבינער יידן געווען אַן
אָרעמער עלעמענט פון שווערע אַרבעטער,
בעל־מלאכות און קליינע הענדלער, וואָס
האָבן נאָך שווערער געפּראַצעוועט ווי די
בעל־מלאכות, און מיטן שווייס פון זייערע
שטערנס האָבן זיי געמוזט פּראַצעווען, כדי
צו פאַרדינען אויף זייער חיונה.

## מרדכילע — שטריקמאַכער

טוביה שטריקמאַכער האָט געוואוינט
אויף דער מת־ים־גאַס, אין האַרץ פון דער
גרעסטער אָרעמקייט פון שטעטל. ביי אים
אין שטוב האָבן זיך אַלע מאָל אויפגעהאַלטן
אָנגעפּאָרענע אָרעמעלייט, הגם ער אַליין
האָט פאַרמאָגט אַ שטוב מיט קינדער. דער
עלטסטער זון מרדכי איז אַלט געווען אַ יאָר
12 אָדער 13.

געקאָנט האָב איך דעם טוביה שטריק־
מאַכער אָדער טוביה דער שטריקדרייער,
ווי גאָמבינער לצים פלעגן אים רופן, ווייל
צו מאַכן די שטריק האָט ער געהאַט עפּעס
אַזאַ „מאַכערייקע", וואָס האָט צוזאַמענגע־
דרייט די ליינענע פעדעם אויף כלערליי
שטריק, פון גאָר דינעם שפּאַגאַט ביז גאָר
גראָבע שטריק.

זיין וואַרשטאַט האָט זיך געפונען אין
די זומערדיקע חדשים אין מיטן פון דער
מת־ים־גאַס. ער פלעגט אַוועקשטעלן זיין
זון מרדכי אין עק פון גאַס (לויט דער
לענג נאָך וועלכער ער האָט געוואָלט מאַכן
די שטריק), געגעבן אים אין האַנט אַ
צווייטע „מאַכערייקע", וואָס ער האָט צו איר
צוגעטשעפּעט די לאַנגע פאָדעם און אַריינ־
געדרייט צווישן די פעדים זיין דרייער און
געגעבן סיגנאַלן צום זון: האָ! האָ־האָ! און
זיך אַראָפּגעלאָזן צום ייִנגל צו. און דאָס
רעדל האָט זיך געדרייט. ביז ער איז צוגע־
קומען צום זון איז געווען פאַרטיק אַ
שטריק.

קינדער און ליידיק־גייער פלעגן זיך
אַרומשטעלן און צוקוקן מיט נייגעריקייט ווי
אַזוי עס ווערן געמאַכט שטריק. טאָמער איז
אַמאָל אָנגעפאָרן אַ גוי מיט אַ וואָגן היי
פון דער לאָנקע, פלעגט זיך טוביה מיטן
גאַנצן וואַרשטאַט אָפּרוקן אַן אַ זייט פון
גאַס. און ווען דער גוי איז שוין געווען
פאַרבייגעפאָרן, האָט זיך טוביה צוריקגע־
קערט אין דער זעלבער פּאָזיציע ווי פריער
און ווידער געדרייט די שטריק, און ווייטער
געגעבן אויפן הויכן קול סיגנאַלן צום זון:
האָ! האָ־האָ!

די צווייטע סיבה וואָס איך האָב אַזוי
גוט געקענט דעם שטריקמאַכער איז גע־
ווען צוליב זיין זון מרדכי, וועלכער האָט
געקאָנט דערציילן אַזעלכע וואונדערלעכע
מעשיות, פון וועלכע מיר קינדער האָבן זיך
פּשוט ניט געקאָנט אָפּרייסן אַזוי גיך ער
האָט אָנגעהויבן דערציילן.

אין די זומער־אָוונטן פלעגן זיך אויפ־
קלייבן אַ כאָפּטע קינדער אויפן שול־הויף,
וואָס האָט זיך געגרענעצט מיט דער מתים־
גאַס, זיך אויסזעצן אויף די קלעצער, וואָס
זיינען דאָרט אַלע מאָל געווען אָנגעוואָרפן
צו פאַרריכטן די שול־ווענט, וואָס מחמת
אַלטקייט פלעגן די ווענט, וואָס זיינען גע־
ווען געבויט פון האָלץ, זיך אויסבויגן און
קריגן „בייכער". האָט מען דעריבער די
ווענט געהאַלטן אין איין פאַרריכטן. דער־
פאַר זיינען תמיד געלעגן ברעטער אויף
זאַפּאַס, און קלעצער פאַר דעם דאָזיקן
צוועק. דאָרטן איז געווען אונדזער „סאָבראַ־
ניע". דאָרטן פלעגן מיר שוין וואַרטן כיט
שטיקער ברויט און חלה אין די קעשענעס.
אַמאָל אויך געבראַכט אַן אַנדער לאָגאַטקעלע
פאַר אונדזער „רבין", מרדכי דעם שטריק־
מאַכער.

מרדכי, נישט קוקנדיק וואָס ביי טוביהן
אין הויז פלעגט מען אַלע מאָל צוהונגערן,
איז ער אָבער געווען אַ קרעפּטיק־פעסט־
געבויטער ייִנגל. זיין אַפּעטיט איז געווען
אין־לשער. וויפל מיר (ייִנגערע קינדער פון
אים) זאָלן נישט געווען אָנשלעפּן, איז עס
אַלץ נישט געווען גענוג אָנצוזעטיקן אים.
ער פלעגט נעמען אַ גרויסע מוציא ברויט
אין זיין ברייט מויל אַריין, געגעבן אַ דריי
אַרום מיט דער צונג, און עס איז נישט
געוואָרן. אָבער אַזוי גיך ווי ער איז פאַרטיק
געוואָרן מיט דער מוציא און אַמאָל אַ
שטיקל געפילטע פיש, פלעגט ער זיך מיטן
אַרבל געבן אַ וויש איבערן מויל און אָנגע־

הויבן שפינען זײַנע מעשיות, מיט כלערליי לעגענדעס, אַז מיר ייִנגלעך זײַנען געבליבן זיצן אַזוי ווי אין אַ חלום. נישט איין ייִנגל פלעגט פון צײַט צו צײַט פשוט אײַנשלאָפן פון מתיקות.

פון מרדכילעס מעשיות וואָלט מען געקאָנט אָנשרײַבן ביכער. ווען ער האָט גענומען אויסמאָלן אַ מעשה, איז דאָס געווען מיט אַלע פּיטשעווקעס. זײַנע פרינצן און פרינצעסינס האָבן אַרומגערייזט אין באַוועגלעכע פּאַלאַצן אויף גומענע רעדער. מ׳האָט סערווירט כלערליי פליישן און עופות, אַפילו געבראָטענע טײַבעלעך. און גענוצט איז געוואָרן זילבערנע און גאָלדענע כלים, בעטגעוואַנט פון די טייערסטע אויסגעאַרבעטע פלאַקסן. מיט אַלע באַקוועמלעכקייטן האָט ער פאָראויסגעזען, אַז דאָרט זאָלן זיך געפינען. ער האָט אַפילו נישט אויסגעלאָזן אַ בית־הכסא פון דעם פּאַלאַץ, וואו מ׳האָט אַרומגעפירט דעם פרינץ און די פרינצעסין.

הײַנט זײַנע מעשיות פון אַ מלך און אַ בן־מלך, וואָס האָט זיך פאַרזינדיקט בײַ זײַן פאָטער, האָט ער אים פאַרשיקט אין ווײַטע לענדער. איז דער פרינץ דאָרטן אַרומגעגאַנגען קריה־בליה (אָפּגעריסן און אָפּגעשליסן). האָט זיך דער פאַרשיקטער בן־מלך זיך דערשלאָגן צו ווערן אַ רופא, און ער האָט זיך גענומען אַרומשלעפן איבער דער וועלט אָנגעטאָן ווי אַ שלעפּער, ביז ער איז אָנגעקומען נאָענט פון זײַן היים־שטאָט. דאָרטן האָט ער זיך דערוואוסט, אַז זײַן שוועסטער, די בת־מלכה, איז שרעקלעך קראַנק און קיין דאָקטאָר קען איר ניט העלפן. דערווײַל האָט דער מלך געלאָזן וויסן איבער דער גאַנצער מדינה, אַז ווער עס וועט איר אויסהיילן, וועט ער זי קאָנען נעמען פאַר אַ פרוי, און ער וועט ווערן אַ שני למלך. איז ער גיך אַוועק צום קעניגלעכן פּאַלאַץ און זיך געמאָלדן, אַז ער נעמט זיך אונטער אויסצוהיילן די בת־מלכה. האָבן די באַדינער אים אַוועקגעטריבן פון הויף. אַזאַ שלעפער, אָפּגעריסן און אָפּגעשליסן, וויל דאָס היילן די פרינצעסין. איז ער ווידער געקומען און זיך געמאָלדן, אַז ער נעמט זיך אונטער אויסצוהיילן די פרינצעסין. האָבן די באַדינער אים ווידער אַוועקגעטריבן. אַזוי לאַנג און אַזוי ברייט, אַז דער מלך האָט זיך דערוואוסט, אַז אַ שלעפער נעמט זיך אונטער צו היילן זײַן טאָכטער. האָט ער געגעבן אַ באַפעל: לאָזט אים אַרײַן! דער סוף איז געווען, אַז ער האָט די פרינצעסין אויסגעהיילט און ווען עס איז געקומען אים חתונה צו מאַכן מיט דער פרינצעסין, האָט ער זיך אַרויסגעגעבן ווער ער איז. און איר קאָנט זיך שוין אַליין פאָרשטעלן, וואָס פאַר אַ שמחה עס האָט זיך דאָרטן אָפּגעטאָן.

די ייִנגלעך זײַנען געבליבן זיצן פאַרגאַפט פון דער מעשה. אָבער עטלעכע פון זיי זײַנען שוין געווען פאַרזונקען אין טיפן שלאָף.

מרדכילע איז געווען אַ שיינער דערציילער. זײַן שטימעלע האָט געפלאָסן קלאָר ווי אַ לויפנדיק וואַסערל. דערציילט האָט ער נישט בלויז וועגן פרינצן און פרינצעסינס, נאָר ער האָט אויך געהאַט מעשיות פון פוילישע פריצים, פון דער פוילישער פּאָווסטאַניע, ווי אַזוי ייִדן האָבן אויסבאַהאַלטן די פּאָווסטאַנצעס און ווי אַזוי די פוילישע „שליאַכטשיצן" האָבן נאָכדעם באַצאָלט די ייִדן פאַר דעם. ער האָט אויך געהאַט מעשיות פון ייִדישע גוטע ייִדן — צדיקים, און די וואונדערלעכע זאַכן און ניסים וואָס זיי האָבן באַוויזן. אויך וועגן ייִדן וואָס האָבן זיך אַראָפּגעלאָזט פון ווײַטע מקומות און שפּעטער זיך אײַנגעלעבט מיט די גאָמבינער ייִדן. און טאָמער האָט זיך אין גאָמבין אַמאָל באַוויזן אַ ייִד אַ מסור אָדער אַ רשע אַ פּאַרך, זײַנען דאָס אַלץ געווען פון די אָנגעלאָפענע ייִדן.

אין די שפּעטערע יאָרן, ווען איך בין אונטערגעוואַקסן און געוואָרן פאַרכאַפּט פון נײַע אידייען און נײַע אינטערעסן, האָב איך פאַרלוירן דעם שליאַד פון מרדכילען דעם שטריקמאַכער, אָבער צענדליקער פון זײַנע מעשיות און לעגענדעס האָבן זיך בײַ מיר אָפּגעשטעלט אין מײַן זכרון ואן איך קאָן זיי קיינמאָל נישט פאַרגעסן. און לזכרון האָב איך עס דאָ פאַרצייכנט.

מ. גייער

# דאָס קולטור־געזעלשאַפטלעכע לעבן



מ. גייער

אין די לעצטע פּאָר יאָר פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה האָט אין גאָמבין געהערשט אַ צושטאַנד פון אַפּאַטיע. נאָך די איבערלעבענישן פון 1905 האָבן אין גאָמבין, פּונקט ווי אין אַלע אַנדער שטעט און שטעטלעך, געהערשט שטימונגען פון רעזיגנאַציע. עס זיינען בלויז געבליבן קליינע ציוניסטישע און בונדישע גרופּן, וואָס האָבן אין די באַדינגונגען פון אַלגעמיינעם שטילשטאַנד, געפירט אַ קליינע פּאָליטישע אַרבעט.

דער אויסברוך פון דער ערשטער וועלט־מלחמה האָט געבראַכט לאַנגע חדשים און יאָרן פון נויט און פון הונגער. אַלץ, וואָס מיר האָבן געבויט און געשאַפן איז באַלד אין די ערשטע טעג פון קריג אַוועק מיט רויך. דעם 2טן אויגוסט 1914 זיינען די דייטשן שוין געווען אין גאָמבין און זיינען, מיט גאָר קליינע איבעררייסן, פאַרבליבן ביז צום סוף. דעם 11טן נאָוועמבער האָבן זיי איינגעפירט אַ ציווילע מאַכט און האָבן באַשטימט פאַרן בירגער־מייסטער דעם אייגנטימער פון אַ גאַרבעריי, שניידער, אַ דייטש.

נישט געקוקט אויף דער נויט און אויף דעם מאַנגל אין די עלעמענטאַרע מאַטעריעלע באַדערפענישן האָט אָבער דאָס יידישע גאָמבין געגאַרט נאָך וויסן און דער דורשט נאָך געזעלשאַפטלעכע און קולטור־אַרבעט איז כסדר געוואַקסן. מיר האָבן פריער נאָכן פאַרן אויסברוך פון קריג, געהאַט זיך געווענדעט צו דער „מפיצי השכלה" אין פּעטערבורג, זי זאָל אונדז אויסאַרבעטן אַ דערלויבניש ביי דער צאַרישער מאַכט צו עפנען אַ לעגאַלע ביבלאָטעק, דערווייל אָבער האָט זיך אָנגעהויבן די מלחמה און דער קאָנטאַקט מיט פּעטערבורג איז געוואָרן איבערגעריסן. ערשט איצט ביים סוף פון קריג, האָט אונדזער בירגעמייסטער שניידער אַזאַ דערלויבעניש געגעבן.

מיר האָבן אָבער נישט געהאַט דערווייל קיין וואוינונג, און נישט קיין געלט. מיר האָבן בלויז געהאַט אַמאָל אַ קליינע און האַלב־לעגאַלע ביבליאָטעק, און מען האָט איין מאָל אַ וואָך אַרויסגעגעבן ביכער. שפּעטער האָט מען די ביכער איינגעפּאַקט אין קאַסטנס און זיי ערגעץ פאַרשטעקט.

איצט, נאָכן באַקומען די דערלויבעניש, האָבן מיר געפונען אַ וואוינונג אין פּאָזנאַנסקיס הויז, אַ דריי־שטאָקיקע געביידע, וואָס איז געשטאַנען אינמיטן מאַרק. מיר האָבן אָפּגעדונגען דעם צווייטן שטאָק, האָבן פונאַנדערגענומען די ווענט און געמאַכט פון די באַזונדערע צימערן אַ גרויסן זאַל וואָס האָט געקאָנט אַריינעמען איבער 200 פּערזאָן. אינעווייניק האָבן מיר אויך געמאַכט אַ סצענע מיט אַ שיינעם פאָרהאַנג, וועלכע עס האָבן אונדז אויסגעמאָלן דייטשע סאָלדאַטן און אבא וואַלמאַן האָט איינגעאָרדנט די

באַלייכטונג מיט לאָמפּן, ווייל קיין צענטראַל־עלעקטרישע באַלייכטונג איז נאָך אין גאָמבין נישט געווען.

פון איצט אָן האָבן מיר געהאַט אַן אָרט, וואו איינצואָרדנען רעפּעראַטן און פאָרשטעלונגען. אין יענער צייט האָט מען אויך געשאַפן אַ צווייטע וואוינונג אויף אַ ביבליאָטעק. די שוועריקייט איז אָבער באַשטאַנען אין דעם, וואָס גאָמבין האָט געהאַט אַ קליינע אינטעליגענץ. אַ צאָל מער פאַרמעגלעכע יונגעלייט און מיידלעך, וואָס האָבן זיך געקאָנט דערלויבן אויף העכערע בילדונג, פלעגט אַוועקפאָרן אין די גרעסערע שטעט. מיר האָבן אָבער אַ טייל פון זיי, נאָכדעם ווי זיי זיינען צוריקגעקומען פון די גימנאַזיעס אָדער העכערע לערן־אַנשטאַלטן, אויסגענוצט און זיי האָבן געגעבן לעקציעס פאַר אָרגאַניזירטע קרייזן. עס האָבן זיך אויך געשאַפן באַזונדערע בונדישע קרייזן וואָס האָבן אויך געפירט וויסנשאַפטלעכע און באַלערנדיקע קורסן.

דער אַלגעמיינער דורשט נאָך וויסן פון אונדזער גאָמבינער יוגנט האָט לייכטער געמאַכט צו זאַמלען געלט און מיר האָבן איינגעקויפט ביז 2 טויזנט ביכער, האָבן זיי אַלע נומערירט און קאַטאַלאָגירט און האָבן זיי אָנגעהויבן אַרויסצוזאָגן צו ליינען. מען האָט אין יענער צאָל אויסגעוויילט אַ צווישןפאַרטייאישן קאָמיטעט פון 5 מיטגלידער — 3 בונדיסטן און 2 ציוניסטן — און עס איז אָרגאַניזירט געוואָרן אַ גרופּע יוגנטלעכע אַרויסצוגעבן ביכער.

דאָס עפּנען די ביבליאָטעק האָט אַריינגעברענגט אַ נייע לעבן. גרויס און קליין זיינען געקומען אין דער ביבליאָטעק. ווען די אַרבעט האָט זיך מער איינגעשטעלט האָבן מיר אָנגעהויבן צו טראַכטן וועגן אויסנוצן דעם גרויסן זאַל. מיר האָבן אָרגאַניזירט אַ „דראַמאַטישע געזעלשאַפט״ און מיר האָבן געהאַט אַ צאָל פּייאיקע רעזשיסערן, ווי ווייסליץ, דאָמב און אַנדערע. מיר האָבן מיט אַ נייעס גרויסן דערפאָלג אויסגעפירט „אוריאל״ אַקאָסטאַ״, „כאַשע די יתומה״ און דראַמעס פון שלום אַש, פּזשיבישעווסקי, טשעכאָוו



די בונדישע קינדערהיים

לערערינס (פון רעכטס) סאָניע טשעמעלינסקי־נאָוואָגרודסקאַ, חנה צעלעמענסקי (לינקס)



יידישע פאָלקשול מיט די לערער: קאַלמוס, שטאָקהאַמער — 1924

און אַנדרעיעוו מען האָט אויך פון צייט צו צייט איינגעאָרדנט קאָנצערטן.

אַ גאָר גרויסע אַטראַקציע זיינען געווען די עפנטלעכע פאָרלעזונגען, צו וועלכע מיר האָבן אַראָפּגעבראַכט באַרימטע רעדנער — ווי ישראל ליכטנשטיין, וויקטאָר שולמאַן, נ. שאַפּראַן, מ. כשר און פיל אַנדערע. די יוגנט האָט אויפגענומען די רעפעראַטן מיט גרויס באַגייסטערונג. די קולטור־אַרבעט איז געפירט געוואָרן געמיינזאַם, אָבער אַחוץ דעם האָבן די באַזונדערע פּאַרטייאישע גרופּן געפירט אויך זייערע אייגענע פּאָלי־טישע און דערציערישע טעטיקייטן. ביים סוף פון 19טן יאָר האָבן שוין אין גאָמבין עקסיסטירט צוויי באַזונדערע ביבליאָטעקן, אַ ציוניסטישע און אַ בונדישע.

אין דער צייט פון דער ערשטער וועלט־מלחמה האָבן מיר אָרגאַניזירט אַ קאָנצערט־גאָרטן און אין 1917 איז געווען ביי אונדז די לערערין סאָניע נאָוואָגרודסקאַ, וועלכע איז שפּעטער אומגעבראַכט געוואָרן דורך די נאַ־ציס. די פּאָליטישע גרופּן האָבן זיך דער־וויל וואָס אַמאָל מער פאַרשטאַרקט און האָבן אַרומגענומען אַ גרעסערע צאָל גאָמבינער יידן. ווען די מלחמה האָט זיך געענדיקט און די פּאָלאַקן האָבן אין נייעם און זעלבסט־און עס איז אויך באַשטימט געוואָרן, אַז שטענדיקן פּוילן איינגעפירט שטאָט־ראַטן, און עס איז אויך באַשטעטיק געוואָרן, אַז גאָמבין וועט האָבן אַזאַ שטאָט־ראַט מיט 24 ראַטמענער 12 פון דער קריסטלעכער באַ־פעלקערונג און 12 פון דער יידישער. פון די 12 געוויילטע יידישע ראַטמענער זיינען 8 גע־ווען „בירגעלעכע" און 4 בונדישע.

איינע פון די נאָכפאָלגן פון דער מל־חמה איז געווען אַ מאַנגל אין שפּייז און די אויפגאַבע פון אַ ספּעציעלן אַפּראָוויזאַציע קאָמיטעט איז געווען צו ברענגען פון די אַרומיקע גרעסערע שטעט מעל, קאַרטאָפל, פּעטס און אַנדערע שפּייזן. ווען עס איז אויסגעבראָכן די מלחמה מיט די באָלשע־וויקעס האָט די פּוילישע רעגירונג אַרעסטירט די פיר בונדישע ראַטמענער — מלך טאָדע־לעס, שטאָקהאַמער, אַברהם טיבער און יצחק משה חייא (גייער). צוליב דעם וואַקסנדיקן טעראָר פון דער פּוילישער מאַכט זיינען אַ טייל פון די אָנפירער געצוואונגען געווען צו אַנטלויפן. איך בין געווען איינער פון זיי און איך בין צוזאַמען מיט מיין פאַמיליע אַוועק קיין אַמעריקע און בין דעם 17טן אָק־טאָבער 1920 אָנגעקומען קיין דעטראָיט, צו מיין ברודער.

אָבער דער באַדן פאַר יידישער קולטור און געזעלשאַפטלעכע אַרבעט אין גאָמבין איז שוין געווען צעאַקערט. דורך דער גאַנצער צייט, ביז צום אויסברוך פון צווייטן וועלט־קריג, זענען מיר געשטאַנען אין כסדרדיקער פאַרבינדונג מיט די חברים און פריינט אין

אונדזער שטאָט. די פּאָליטישע און קולטור־טעטיקייטן האָבן זיר שטאַרק צעוואַקסן. דאָס יידישע גאָמבין איז געוואָרן איינער פון די פּונקטן, צו וועלכן עס האָבן געצויגן פּראָמינענטע יידישע פּאָליטישע פירער און רעדנער. עס זיינען אַדורכגעפירט געוואָרן רעפעראַטן און דיסקוסיעס, קאָנצערטן און



די לערערין סאָניע טשעמעלינסקאַ (אין צענטער) ווען זי איז באַפרייט געוואָרן פון טורמע אין גאָמבין. לעבן איר זיצט חבר עמנואל נאָוואָגרודסקי.

קינסטלערישע אויפירונגען. די יוגנט האָט געדורשט נאָך וויסן און די יידישע אָרגאַניזאַציעס פון אַלע פּאָליטישע שאַטירונגען, האָבן געזאָרגט, אַז די דורשט נאָך וויסן און דער הונגער נאָך געזעלשאַפטלעכע טעטיקייט זאָל ווערן געשטילט. אַלע ווי אומעטום — ווי די הונדערטער יידישע שטעט און שטעטלעך אין פּוילן, איז אויך גאָמבין מיטגעריסן געוואָרן מיט דער גרויסן שטראָם פון אַ קולטור־טעטיקייט, וואָס האָט באַרייכערט יעדן איינעם, וואָס האָט געגאַרט נאָך גייסטיקע באַפרידיקונג. עס זענען געווען אַזעלכע, וואָס האָבן גערופן גאָמבין מיטן נאָמען „קליין־וואַרשע” אַזוי אינטענסיוו איז געווען דאָס יידישע געזעלשאַפטלעכע לעבן.

דאָס האָט אַזוי געדויערט ביז צום אויסברוך פון צווייטן וועלט־קריג, ווען איבער דעם אידנטום פון גאַנץ פּוילן האָט זיך אַראָפּגעלאָזט דער נאַצישער מלאך המות.

חיים רעיפל

# געזעלשאַפטלעכע אַרבעט



חיים רעיפל

**א**ין דעם ווייטערדיקן קאַפּיטל זכרונות פון חיים רעיפל (וועלכער האָט געהייסן אין גאָמבין חימל שאַכער), קומט צום אויסדרוק די ברייטע און פאַרצווייגטע טעטיקייט פון יידישע געזעלשאַפטלעכע אינסטיטוציעס צווישן די צווי וועלט־מלחמות.

***

דער פאָטער מיינער, פנחס שאַכער, האָט זיין גאַנץ לעבן זיך פאַרנומען מיט אַרבעט לטובת הכלל. ווען איך בין נאָך געווען אַ קינד, פלעגט ער מיך מיטנעמען אין חדרים און תלמוד־תורות, וואו ער האָט אָנגעפירט מיט אַן אַרבעט פון שאַפן פאַר די אָרעמע תלמידים זייער שכר־לימוד און פון באַזאָרגן זיי מיט מלבושים. מען האָט אויך געטיילט צווישן די קינדער ברויט מיט הערינג. און טאָמער האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז עמעצער פון די אָרעמע קינדער האָט געהאַט גרעסערע פעאיקייטן צום לערנען, האָט מען אים געשאַפן מעגלעכקייטן ער זאָל קאָנען געניסן פון העכערע לימודים.

אין דער דאָזיקער הילף־אַרבעט פאַר אָרעמע תלמידים זיינען געווען אַקטיוו, אַחוץ מיין פאָטער, אויך נטע פעלצנמאַכער און יחזקאל בלאַכאַזש.

איך דערמאָן עס דאָ ווי אַ מין אַריינפיר צו אַ קאַפּיטל וועגן געזעלשאַפטלעכער אַרבעט אין אונדזער שטאָט. גאָמבינער יידן האָבן שטענדיק געהאַט אָפענע אויגן — און אָפענע הערצער — צו דער נויט פון זייערע אָרעמע יידישע שכנים און עס איז נישט געווען קיין פאַל, ווען אַן אָרעם יידיש קינד אָדער אַן אָרעמע יידישע פאַמיליע, זאָל נישט געניסן פון דער וואַרעמקייט פון זייערע מער פאַרמעגלעכע ברידער.

די הילף־אַרבעט האָט זיך אַנטוויקלט שטופנווייז. אָנגעהויבן האָט זי זיך אויף אַ גאַנץ פרימיטיוון אופן, פון אַ גרופּע גאָמבינער בעל־הבתים, וואָס האָבן אויף זייער פשוטן שטייגער אַרויסגעהאָלפן יחידים אין דער צייט פון אַ נויט. שפּעטער איז די הילף געוואָרן וואָס אַמאָל מער אָרגאַניזירט. עס איז געשאַפן געוואָרן אַ מין הכנסת אורחים, אין אַ שטוב, וואָס האָט זיך געפינען איבער דער מקווה. נאָך שפּעטער איז אין אַ גאָר גרויסער שטוב, וואָס מען וואָלט שוין אפשר געקאָנט אָנרופן זאַל און וואָס האָט זיך געפינען הינטערן בית־מדרש, געעפנט אַ ביקור חולים. דער ביקור חולים איז אויסגעהאַלטן געוואָרן פון אַ 40 ביז 50 גאָמבינער יידן. די אַרבעט פון בקור חולים איז באַשטאַנען אין גיין צו קראַנקע איבער די שטובן און באַזאָרגן זיי מיט שפּייז און דער עיקר — מיט באַצאָלן דעם אַפּטייקער פאַר די נייטיקע מעדיצינען.



קינדערהיים מיט דער לערערין רייזל זשיכלינסקי

דאָס כאַראַקטעריסטישע דערביי איז, וואָס דאָס נויטיקע געלט האָט מען גע־שאַפן אויפן אַלטן און „טראַדיציאָנעלן" יידישן אופן: מען איז פשוט געגאַנגען יעדן פרייטיק איבער די הייזער און גאַמבינער יידן האָבן נישט אָפּגעזאָגט. די טירן זיינען געשטאַנען ברייט אָפן פאַר די אָרומגייענ־דיקע זאַמלערס און מען האָט זיי אויסגע־טיילט די „באַשטייערונגען". אַ צווייטער „קוואַל" פון „הכנסה" זיינען געווען די נדרים, וואָס יידן האָבן געמאַכט אין שול ביים אויפרופן צו דער תורה. דאָ האָט מען אַ טייל פון די נדרים באַשטימט פאַר דעם ביקור חולים.

דער ביקור חולים האָט יעדעס יאָר איינגעאָרדנט אַ גרויסן קידוש. דאָס איז געמאַכט געוואָר יעדן שמיני עצרת און מען פלעגט איינלאַדן די „פּני" פון שטעטל — נישט בלויז אַלע מיטגלידער, נאָר אויך דעם רב מיט די כלי קודש.

די הילף־אַרבעט האָט נאָך אָבער אַליך געטראָגן די פאָרמען פון צופעליקייט. ווייל צוליב דעם, וואָס די איינקונפטן זיינען נישט געווען קיין סטאַבילע, ווייל זיי זיינען גע־ווען אָפּהענגיק פון נדרים און פון „גיין איבער די הייזער", איז אויך די אויס־געטיילטע הילף געווען אַ נישט שטענדיקע און אַ צופעליקע. עס האָט גענומען לאַנגע יאָרן ביז די דאָזיקע גוטהאַרציקע אָבער אַמאָטאָרישע טעטיקייט האָט אָנגענומען דאָס געשטאַלט פון אַן אמתדיקער, פּלאַ־נירטער געזעלשאַפטלעכער אַרבעט. און דאָס פאַקטישע יאָר פון דער אַנטשטייאונג פון אַן אָרגאַניזירטער טעטיקייט איז גע־ווען דאָס יאָר 1915.

דאָס איז געווען אין ערשטן יאָר פון דער ערשטער וועלט־מלחמה. דער קריג האָט אַ טרייסל געטאָן מיט דער שטאָט קודם כל עקאָנאָמיש. נעכטיקע גבירים זיי־נען געוואָרן אָרעמעלייט און נעכטיקע אָרעמעלייט זיינען געוואָרן נאָך אָרעמער. צוליב דעם פראָנט צווישן די דייטשן און

רוסן, איז גאָמבין אָפּגעריסן געוואָרן פון אַ גרויסער טייל שטחים, מיט וועלכע גאָמבינער הענדלער און בעל־מלאכות זיינען געווען פאַרבינדן. דער קריזיס איז דעמאָלט געווען אַזאַ, אַז עס האָט שוין נישט געקאָנט גענוג זיין דאָס אַרומגיין איבער די הייזער און זאַמלען פאַר די נויט־באַדערפטיקע. עס איז איצט נייטיק געווען אַ גרעסערע קערפּערשאַפט, וואָס זאָל זאָרגן וועגן די נויטן און — די באַדינגונגען האָבן גורם געווען, אַז עס איז דעמאָלט אויפגעשטעלט געוואָרן די ערשטע גאָמבינער הילף־אינסטיטוציע, וואָס האָט געהייסן „יוגנט־הילף־פאַראיין". צו די גרינדער האָבן געהערט: מלך טאַדעלעס, אבא וואָלמאַן, יאָסל יאָרליכט און איך. די פאָנדן פון הילף־פאַראיין זיינען פון אָנהייב געשאַפן געוואָרן דורך באַשטייערונגען, וואָס זיינען גענומען געוואָרן פון אייגענע, מער פאַרמעגלעכע באַלעבאַטים, אָבער באַלד ווי דער קריג האָט זיך געענדיקט און ווען עס האָט זיך געעפנט די ברייטע וועלט, האָט אָנגעהויבן צו קומען, צום ערשטן מאָל, הילף פון אַמעריקע.

ווייל דאָ דאַרף טאַקע דערמאָנט ווערן, אַז אין צווישנצייט איז אין אַמעריקע אַנטשטאַנען די סאָסייעטי פון גאָמבינער יידן, און זיי האָבן זיך גוט אָפּגעגעבן אַ דין וחשבון, אַז די מלחמה וועט אַדורכפירן אַן עקאָנאָמישע איבערקערעניש אין דער שטאָט, וואָס וועט זיך נויטיקן אין באַלדיקע מאַטעריעלע הילף. איינער פון די אָנפירער פון די גאָמבינער לאַנדסלייט אין די פאַראייניקטע שטאַטן איז געווען דער ברודער מיינער סעם רעיפל, וועלכער איז טאַקע באַלד, נאָכדעם ווי דער קריג האָט זיך געענדיקט, אַליין אַראָפּגעקומען קיין גאָמבין און האָט מיט זיך מיטגעברענגט אַ באַדייטנדיקע געלט־סומע.

דערווייל האָט זיך אין גאָמבין גופא געשאַפן אַ קאָמיטעט פון יידן וואָס זייערע קינדער האָבן נאָך פאַרן קריג אויסגע־



וואַנדערט קיין אַמעריקע. דער קאָמיטעט פון די דאָזיקע יידן איז באַשטאַנען פון יחזקאל האָלצמאַן, יעקב לייב זשיכלינסקי, הערש נתן זשאָלנאָ, אברהמל טיבער און פּנחס שאַכער (מיין פאָטער). די אויפגאַבע פון דאָזיקן קאָמיטעט איז געווען פונאַנ־דערצוטיילן די באַקומענע געלטער. אַ גרויסע טייל פונעם געלט איז געגאַנגען פאַר מלבושים און שפּייז פאַר די סאַמע נויט־באַדערפטיקע.

דאָס יאָר 1922 איז געווען אַ גאָר וויכטיקע דאַטע אין געזעלשאַפטלעכן לעבן פון יידישן גאָמבין. אין דאָזיקן יאָר איז קיין גאָמבין געקומען צו פאָרן פון אַמע־ריקע דער אויסגעוואַנדערטער גאָמבינער ייד, אַברהם יצחק מאַקס און ער האָט מיט זיך נישט בלויז מיטגעברענגט אַ סומע געלט, נאָר אויך אַ דערמוטיקונג, אַז עס זאָל מיטן דאָזיקן געלט (און אויך מיט אַ סומע, וועלכע ער האָט אַליין צוגעגעבן), געשאַפן ווערן עפּעס ממשותדיקס. און דאָס ממשותדיקע איז געווען — די אַנטשטיי־אונג פון דער „פאָלקס־באַנק”.ביים שאַפן די פאָלקס־באַנק זיינען געווען אַקטיוו: אברהמל זאמאש, אברהם לייב גיבס, מלך טאַדעלעס, אַברהמל טיבער, מיין פאָטער פּנחס שאַכער, יחזקאל האָלצמאַן און נאָך איינִיקע, וועמענס נעמען איך קאָן מיך איצט לײדער נישט דערמאָנען.

די פאָלקס־באַנק האָט זיך אָבער גע־שטיצט נישט בלויז אויף די געלטער, וועלכע מען האָט באַקומען פון גאָמבינער יידן אין אַמעריקע, נאָר אַ געוויסע סומע האָט אויך צוגעגעבן דער אַמעריקאַנער



**די גאָמבינער שפּאָר און לײַ־קאַסע** (פון יאָר 1913), **פאַרוואַלטונג**

פון רעכטס צו לינקס: אויבערשטע רייע: אַברהם זאַמושץ, מלך טאדעליס, לואי פיליפּס (פּאָטשעכאַ) מיטלסטע רייע: פייוול באָרענשטיין, הירש יעקב ווראָבעל, שמעון קראָט משה גליקזעליגער, אברהם שלמה פּלאָנסקי, אַברהם פריד, יאַנקל האָדעס. אונטערשטע רייע: העניך זשורקאָווסקי, מרדכי שוואַרצ־בערג, נח טייפעלד, אַברהם וואָלפאָוויטש, ישראל ראָזען, יוסף גיפּס. אונטן לינקס: לייבל דראכמאַן.



**פאַרוואַלטונג פון גמילות חסדים־קאַסע אין גאָמבין, גערופן אין יאָר 1921**

זיצנדיק פון רעכטס: מ. זיידעמאַן, ה. נ. זשאָלנע, פנחס שאַכער, א. טיבער, שעקערקאַ, ס. רעיפעל, דעלעגאַט פון אַמעריקע, ש. באָרענשטיין, מ. צעלעמענסקי, ח. האָלצמאַן, שטייענדיק: ס. האָלצמאַן, פ. י. פינקלעשטיין, באַומאַן, א. ה. ווורובעל, מ. לאַסקי.

דזשאָינט, וואָס איז געווען טעטיק אין פוילן.

די פאָלקס־באַנק האָט געשפּילט אַ גרויסע ראָלע אין לעבן פון די גאָמבינער יידן צווישן ביידע וועלט־מלחמות. די אויפגאַבע פון דער פאָלקס־באַנק איז געווען אַרויסצוגעבן הלוואות. דאָס איז געווען די גרויסע מעלה פון דער וויכטיקער און נוצלעכער אינסטיטוציע. די פאָלקס־באַנק האָט אָבער אַרויסגעגעבן די הלוואות בלויז צו אַזעלכע, וואָס האָבן געקאָנט צושטעלן געהעריקע זשיראַנטן און וואָס זיינען געווען אימשטאַנד פאַר די הלוואות צו צאָלן אַ געוויסן פראָצענט. דאָס האָט דערפירט דערצו, אַז פון דער פאָלקס־באַנק האָט געקאָנט געניסן בלויז אַ געוויסע קאַטעגאָריע פון דער באַפעלקערונג, דער עיקר דער שטאַנד פון די סוחרים.

דאָס האָט אָבער נישט געלייזט די פראַגע פון די אַנדערע יידן, פון די אָרעמערע און פון די בעלי־מלאכות, וועלכע זיינען נישט געווען אימשטאַנד אויסצופילן די באַדינגונגען. דעריבער איז אין יאָר 1913 געשען נאָך אַ זאַך, וואָס איז ווידעראַמאָל געווען אַ גאָר וויכטיקע דאַטע אין גאָמבינער געזעלשאַפטלעכן לעבן: עס איז געגרינדעט געוואָרן אַ האַנטווערקער־פאַראיין, וואָס האָט געדאַרפט זאָרגן פאַר די פראָפעסיאָנעלע און מאַטעריעלע אינטערעסן פון די בעלי־מלאכות: שניידערס, שוסטערס, בעקערס, היטלמאַכערס און סתם אָרעמע יידן. ביים אָרגאַניזירן דעם האַנטווערקער־פאַראיין זיינען געווען אַקטיוו: חיים לוריע, מאיר לאַסקי, וואָלף לאַסקי, זלמן באָל, הערשל פינקל, יונה ביבערגאַל און איך.

דער האַנטווערקער ־ פאַראיין האָט אָבער, נישט געקוקט אויף זיין נוצלעכער טעטיקייט, נישט געקאָנט דערפילן אַלץ, אין וואָס די מיטגלידער האָבן זיך גענויטיקט. דער פאַראיין איז געווען נוצלעך ביים אויסגלייכן סיכסוכים, ביים זאָרגן דערפאַר, עס זאָל אויסגעבעסערט ווערן די לאַגע פון די אַרבעטנדיקע, עס איז אָבער אין פיל פאַלן נויטיק געווען ממשותדיקע פינאַנסיעלע שטיצע. צוליב דעם, וואָס די „פאָלקס־באַנק” האָט צוליב די פריער דערמאָנטע סיבות נישט געקאָנט דאָס דערפילן, איז געבוירן געוואָרן אַ געדאַנק, אַז



אַ גרופּע רעליף־טוער מיט אַ שליח פֿון אַמעריקע, אַברהם מאַקס

מען דאַרף שאַפֿן אַ צווייטע, אַ באַזונדערע באַנק פֿאַר בעלי־מלאכות און ווייניקער פֿאַרמעגלעכע און סתם אָרעמע יידן. און דער געדאַנק איז געוואָרן פֿאַרווירקלעכט.

דאָס איז געווען אין יאָר 1927 — און אויך די דאָזיקע דאַטע איז אַ וויכטיקע פֿון יידישן גאָמבין פֿון צווישן די צוויי וועלט־מלחמות. אין יענעם יאָר איז געקומען פֿון אַמעריקע דער גאָמבינער לאַנדסמאַן, שוי־מאַן מיט זיין פֿרוי, וועלכער האָט אויך, ווי יעדער פֿריערדיקער אַמעריקאַנער־גאָמבי־נער באַזוכער געבראַנגט אַ געוויסע סומע געלט. אין יענער צייט איז ביי יחזקאל האָלצמאַן אין שטוב פֿאָרגעקומען די גרינ־דונג־פֿאַרזאַמלונג פֿון אַ גמילת־חסדים־קאַסע.

די גרינדער פֿון דער גמילת־חסדים זיינען געווען: אברהמל טיבער, חיים לייב באָרנשטיין, יצחק שעקערקאַ, אַברהם חיים וורובעל און פּנחס שאַכער. דער ציל פֿון דער גמילת־חסדים־קאַסע איז געווען קודם כל צו באָרגן געלט אינגאַנצן אָן שום פּראָ־צענטער און אַחוץ דעם האָט מען געקאָנט דאָס געבאָרגטע געלט אויסצאָלן אין פֿאַר־לויף פֿון אַ געוויסער צייט. פֿון אָנהייב זיינען די הלוואות געווען קליינע, אָבער מיט דער צייט האָבן זיי זיך גענומען שטור־פּנווייז פֿאַרגרעסערן. האַרט פֿאַרן צווייטן וועלט־קריג האָט די באַנק אויסגעטיילט הלוואות צו 300 זלאָטעס, וואָס דאָס איז געווען אַ גאַנץ שיינע סומע אין יענע באַ־דינגונגען.

די גמילת־חסדים האָט אויך — פּונקט ווי די פֿאָלקס־באַנק — גענומען אירע פֿאָנדן פֿון געלטער, וואָס זיינען איינגע־פֿלאָסן פֿון דער אַמעריקאַנער גאָמבינער סאָסייעטי און פֿון די געלטער פֿון דזשאָינט.

אין יאָר 1930, ווען מיין פֿאָטער איז געשטאָרבן, בין איך צוקאָאָפּטירט געוואָרן צום קאָמיטעט אויף זיין אָרט.

דער קאָמיטעט פֿון דער גמילת־חסדים קאַסע האָט יעדע וואָך אָפּגעהאַלטן אַ זיצונג. איך וויל דאָ, אין דאָזיקן זייער קורצן אי־בערבליק פֿון יידיש־געזעלשאַפֿטלעכע טע־טיקייט אין גאָמבין, דערמאָנען די מיט־גלידער פֿון לעצטן קאָמיטעט פֿון דער

גמילת־חסדים קאַסע: א. טיבער, שעקערקא, באָרנשטיין, וורובל, חיים לוריע, מאיר לאַסקי, הערש מיידעד און חיים שאַכער.

דער קאָמיטעט איז געשטאַנען אין כסדרדיקן קאָנטאַקט מיט אַמעריקע און יעדע צוויי חדשים איז אָפּגעשיקט געוואָרן קיין ניו־יאָרק אַן אויספירלעכער באַריכט. (סעקרעטאַרן זיינען געווען: אברהמל טיבער און מאיר זיידעמאַן, אַן אומגעהויער איבערגעגעבענער און געטרייער ייד, וועלכער האָט נישט געוואָלט פאַר דער אַרבעט זיינער קיין שום באַלוינונג.)

די געזעלשאַפטלעכע אַרבעט אין גאָמבין איז געווען זייער אַן אַנטוויקלטע. נישט געקוקט אויף דעם, וואָס אונדזער שטעטל איז געווען קליין און איז געווען כמעט ווי איזאָלירט פון אַרומיקע שטעטלעך און שטעט, וואָלט עס אָבער געקאָנט דינען ווי אַ מוסטער פאַר יעדן געשיכטע־שרייבער פון דער אַזוי גערופענער „שטעטל“־טעמע, ווי אַ יידישער ישוב, אין וועלכן יעדער איינער איז געווען ענג פאַרבינדן מיטן צווייטן און ענג פאַראינטערעסירט אין צווייטן. דער עיקר־שטריך איז געווען דאָס, וואָס מען האָט נישט געלעבט פאַר זיך, נאָר מען האָט געלעבט אויך פאַר יענעם, וואָס יעדער ייד איז געווען אַ טייל פון כלל. די פּאָר ווערטער, וואָס איך האָב דאָ אָנגעשריבן און אין וועלכע איך האָב בלויז דערמאָנט די פילאַנטראָפּישע אַרבעט אין יידישן גאָמבין, זיינען נישט מער ווי אַ קליינע טייל פון דער גאַנצער און לאַנגיאָריקער אַרבעט. די לעצטע מלחמה, דער גרויסער חורבן, האָט אַ סוף געמאַכט צו גאָמבין, צו די לעבעדיקע יידן און אויך צו די דאָקומענטן. אין די שׂרפות פון דער שטאָט זיינען אויך אַוועק די ביכער, די אַקטן און די פּנקסים פון די אַלע געזעלשאַפטלעכע אינסטיטוציעס.

זאָלן די דאָזיקע פּאָר שורות דערמאָנען כאָטש די דאָזיקע ווימלדיקע טעטיקייטן פון די גאָמבינער יידישע כלל־טוער. זאָל אויך אויף אַזאַ אופן דערהאַלטן ווערן דער שאָטן פון דעם, וואָס איז געווען אַזאַ לעבעדיקער באַשטאַנד־טייל פון די גאָמבינער יידן און וואָס האָט געטיילט דעם אימהדיקן גורל פון דעם כלל.

---

מיכל ראָזנבלום

# גאָמבין און אירע רבנים

אַ סך שטעט און שטעטלעך אין פוילן זיינען באַרימט געוואָרן איבער דער יידישער וועלט צוליב דער גרויסקייט פון זייערע רבנים, משכילים, שרייבער, מענטשן פון גייסט אָדער צוליב זייערע פּאָליטישע



מגן אברהם

טוער. אונדזער גאָמבין איז אַמאָל באַרימט געוואָרן איבער דער וועלט צוליב אירן אַ בן עיר, דעם גאון און פוסק, רב אַברהם אבלי ס״גל, ז״ל, מחבר פון באַוואוסטן פירוש אויפן שלחן ערוך, „אורח חיים״, מיטן נאָמען „מגן אַברהם״.

דער אָריגינעלער נאָמען פונם מחבר איז געווען „נר ישראל״, נאָר צוליב געוויסע סיבות האָט זיין זון ר׳ חיים סגל מיט דער הסכמה פון די גרויסע רבנים פון „ועד ד׳ אַרצות״ אין לובלין, געענדערט דעם נאָמען פון „נר ישראל״ אויף „מגן אַברהם״.

דער מגן אַברהם שרייבט אַלע מאָל זיין נאָמען, אַברהם אַבלי בן הקדוש ר׳ חיים ס״גל מגומבין.

פון זיין פאָטער ר׳ חיים ס״גל ז״ל וויסן מיר זעער ווייניק, מיר וויסן אָבער יאָ פון די כראָניקער פון זיין צייט, אַז ער איז אומגעקומען אויף קידוש השם, פון כמעלניצקיס קאָזאַקן. זיין גרויסער זון, אַבּ־רהם אַבלי בן הקדוש ר׳ חיים ס״גל איז דעמאָלט אַלט געווען 9 יאָר.

„דער מגן אַברהם״ איז געבוירן געוואָרן אין גאָמבין אין יאָר 1635 און איז נפטר געוואָרן אין קאַליש, אין 1683. (אויספיר־ליכער שרייבן מיר וועגן אים אויף אַ באַ־זונדער אָרט).

די שפּעטערדיקע רבנים אַ הונדערט יאָר נאָך דעם „מגן אַברהם״ זיינען געווען: ר׳ אַלכסנדר יהודה ליב דער מחבר פון ספר „מדרש כתובה״ אויף דער מסכתא כתובות



הרב יהודה לייב זלאָטניק

גרויסער פאָרמאַט ווי אַ ש״ס גמרא 300 גרויסע זייטן רש״י כתב.

נאָך אים איז געווען רב אין גאָמבין, ניט זייער לאַנג, דער זייער באַוואוסטער גאון ר׳ ישראל יהושע טרונק, וועלכער איז אויפגענומען געוואָרן פון גאָמבין קיין קוטנאָ, באַוואוסט אונטערן נאָמען ר׳ יהושעלע קוטנער דער מחבר פון די רבנישע ספרים: ווי „ישועות ישראל״ אויף חושן משפט, „ישועת מלכו״ — שאלות ותשובות אויף „אַרבעל שלחן ערוך״. „יבין שמועה״, און נאָך ספרים.

נאָך ר׳ יהושעלע קוטנער איז געווען רב אַ לאַנגע צייט ר׳ שמחהלע גאָמבינער, אַזוי האָט מען אים גערופן. ער איז דער אויטאָר פון ספר „רמזי אש״ אַ פירוש אויפן „תנא דבי אליהו״ ער איז געווען אַ קאָצקער און גערער חסיד.

נאָך דעם רב ר׳ שמחהלע גאָמבינער, איז געווען אַ לאַנגע צייט רב ר׳ נתן נטע נאַטאַנאָוויטש, ער איז געווען באַוואוסט אַלס אַ גרויסער למדן און גערער חסיד, זיינע אייניקלעך זיינען געווען די באַוואוסטע גבירים אין וואַרשע די ברידער מאַזור. די קינדער פון הרב מאיר מאַזור, נעשיווער רב. איינער פון די ברידער אליהו מאַזור איז אין די ענדע דרייסיקער יאָרן פאַר דער מלחמה געווען פרעזעס פון דער יידישער קהילה אין וואַרשע. יעצט איז ער אין ישראל, פון די גרעסטע סוחרים אין די דימאַנטן בראַנזשע.



הרב נתן נטע נוטקעוויטש

נאָך דעם רב ר׳ נתן נטע נאַטאַנאָוויטש, איז אָנגעקומען אַלס רב דער באַוואוסטער רב ר׳ יהודה ליב זלאָטניק, וועלכער איז געווען פאָפולער אין פוילן אונטערן נאָמען „דער גאָמבינער רב זלאָטניק״ אַלס גרויסער עסקן און רעדנער. ער איז געווען פון די ערשטע גרינדער פון דער מזרחי אָרגאַניזאַציע, און שפּעטער פון דער אַלגעמיינער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע, ער איז באַקאַנט מיט זיין פען נאָמען „יהודה עלזעט״. אונטער דעם נאָמען האָט ער פאַרעפנטלעך זיין בוך „דער וואונדער אוצר פון דער יידישער שפראַך״ און אַ גרויסע אַרבעט אונטערן נאָמען „אידישע מנהגים״ און „ספר רשובות״ רעדאַגירט פון אַ. דרויאַנוב, און אייניקע ספרים א״נ „בראשית במליצה העברית״ געדרוקט אין ישראל. רב זלאָטניק איז געווען גאָמבינער רב אַרום 10 יאָר ביז דעם יאָר תרפ״א 1921. האָט ער פאַרלאָזט פוילן קיין קאַנאַדע. און איז דאָרטן געוואָרן גענעראַל סעקרעטאַר פון דער ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע, שפּעטער איז ער איינגעלאַדן געוואָרן פון די יידישע קהילות אין סאַוט אַפריקע ווי דער לייטער פון חינוך־וועזן און האָט פיל אויפגעטאָן פאַר דעם העברעאישן חינוך אין סאַוט אַפריקע, פון אַפריקע איז ער געקומען קיין ישראל, און איז געווען פיל יאָרן טעטיק שריפטשטעלעריש, און האָט פאַרעפנטלעכט חשובע אַרבעטן אין דעם וויסנשאַפטלעכן זשורנאַל „ידע העם״; ער האָט אויך פון צייט צו צייט געשריבן אין דער טעגלעכער צייטונג „הצופה״.

( דער שרייבער (ג) פון די שורות געדענקט, ווען ער איז נאָך געווען אַ קליין יינגל די ערשטע יאָרן ווען הרב י. ל. זלאָט־

ניק איז אָנגעקומען קיין גאָמבין; די חסי־דים זיינען גאָרניט געווען צופרידן; אַ פאַקט איז, אַז זיי האָבן שווער געאַרבעט ער זאָל נישט דערוויילט ווערן; און ווען דער רב י. ל. זלאַטניק איז יאָ אויסדערוויילט געוואָרן מיט אַ גרויסער מערהייט שטימען, האָבן די חסידים זיך געווענדעט קיין גאָס־טינין (די פּאָוויאַט שטאָט צו וועלכער גאָמבין האָט באַלאַנגט) מיט דער טענה אַז די וואַלן זיינען ניט געווען „גלאַט כשר״. און דער פּאָוויאַטאָווער נאַטשאַלניק האָט פאַר־אָרדנט נייע וואַלן. ביי דער שטרענגער אויפזיכט און השגחה פון דער רעגירונג. ביי די צווייטע וואַלן האָט דער רב געוואונען מיט נאָך אַ גרעסערער מערהייט, עס איז אַדורך אַ קורצע צייט, און דער רב האָט געקראָגן די אָנערקענונג אויך פון די חסי־דים, זיי האָבן געזען זיין איבערגעבענקייט צו דער קהילה בכלל ובפרט.

נאָך דעם ווי הרב י. ל. זלאַטניק האָט פאַרלאָזט פוילן, איז געקומען הרב ר׳ נתן נטע נוטקעוויץ, נאָך אים איז אויפגענומען געוואָרן הרב אונגער, דער זון פון דעם באַ־וואוסטן מורה הוראה פון וולאָצלאַוועק, ער איז געווען דער לעצטער רב ביז דעם חורבן; ווי עס ווערט דערציילט האָבן די נאַציס דעם רב אונגער, צוגעבונדן צו דעם עק פון אַ לויפנדיק פערד און אַזוי אַרום איז דער רב אויסגעגאַנגען. ה׳ ינקום דמו צוזאַמען מיט אַלע יידישע קרבנות.

## לומדים און חסידים אין גאָמבין

גאָמבין איז נישט געווען אַזוי חסידיש ווי אירע שכנישע שטעטלעך זשיכלין, אָדער גאָסטינין, וואו עס האָט געלעבט דער רב און צדיק ר׳ יחיאל מאיר ליפשיץ ז״ל, באַ־וואוסט אַלס דער גאָסטינינער צדיק. זיין איינפלוס איז געווען גרויס אויך אין גאָמ־בין, צו אים זיינען געפאָרן, ניט בלויז חסי־דים, צו הערן תורה און חסידות. נאָר אויך פאָלק מענטשן, אַפילו מתנגדים, קעגנער פון חסידות און חסידים, און דער גאָסטי־נינער צדיק האָט אויף אַלע בקשות, און מחלות, געהייסן זאָגן תהילים בציבור, און ביחידות. דער גאָסטינינער צדיק איז געווען זייער פּאָפּולער אין גאָמבין, שלום אַש האָט אין זיין גרויס ווערק, „דער תהילים ייד״. געשילדערט דעם גאָסטינינער צדיק ר׳ יחיאל מאיר״ ז״ל. שלום אַש אַליין איז גע־ווען פון דער נאָענטער שטאָט קוטנאָ, שלום אַש האָט אויך אין זיין באַוואוסטן בוך „דאָס שטעטל״ באַשריבן גאָמבינער טיפּן, ווי ר׳ „יחזקאל גאָמבינער״ ר׳ „שלמה נגיד״ און אַנדערע.

ווי די חסידים זיינען געווען ווייניק אין גאָמבין, זיינען זיי אָבער געווען די לומדים מופלגים, די בני תורה אין שטעטל, נאָך מיט הונדערט יאָר צוריק איז אין גאָמבין געווען באַרימט „דער קליינער ר׳ אַברהם״. ער איז געווען באַוואוסט אין דער חסידי־שער וועלט אין קאָצק — און אין גער. דער באַקאַנטער נגיד אין יענער צייט ר׳ פייוול אוירבאַך איז געווען דער שווער פון ר׳ מנחם מ. לאַנדאַ, וועלכן מען האָט אין גאָמ־בין גערופן ר׳ מענדיל רבי. ר׳ מענדיל רבי איז געווען דער זון פון רבי וואָלף סטריקעווער, ר׳ וואָלף איז געווען דער זון פון טשעכאָנאָווער גאון און צדיק ר׳ אַברהם לאַנדאַ ז״ל.

ר׳ פייוול אוירבאַך איז אין זיין צייט געווען דער גביר און נדבן ביי די חסידים אין קאָצק, און אין גער.

די חסידים אין גאָמבין האָט מיט אַ 40—50 יאָר צוריק, ניט אַלעמאָל געהאַט זייער אייגן חסידים־שטיבל, שבת האָבן זיי געדאַוונט אין שטאָטישן בית המדרש, נאָכן דאַוונענען פון די בעלי בתים, אַרום 10 אין דער פרי. די חסידים זיינען געקומען אין בית המדרש זייער פרי, און האָבן געלערנט בשעת די בעלי בתים האָבן געדאַוונט, דאָס האָט פיל מאָל אַרויסגערופן מחלוקות־ן, די בעלי בתים האָבן געזאָגט אַז די חסידים מיט זייער לערנען שטערן זיי אין דאַוונען... ווען עס איז געקומען צו גרעסערע מחלו־קתן האָבן די חסידים געדונגען אַ שטיבל פאַר זיך.

פון די פאַרשיידענע חסידים, זיינען די גערער חסידים געווען די שאַרפסטע לומ־דים. נאָך די גערער חסידים זיינען געווען די אַלעקסאַנדערער, ראַדזימינער, און אַנ־דערע, די לומדים און אויך בעלי הוראה מוסמכים זיינען געווען: דער שטאָט רב ר׳ נתן נטע ז״ל ר׳ בנימין מורה הוראה, דער גרויסער גמרא מלמד ר׳ ירחמיאל גאָלד־שמיד, און זיין זון ר׳ זלמן, ר׳ בונים מנשה לובינסקי, ר׳ העניך ראָזענבלום ר׳ גדליה נח, ר׳ לייבל שטאָלצמאַן, ר׳ הערשל — דער איידעם פון ר׳ יוסל כאַיעק. צו די באַלעבאַטישע חסידים, אָנגעזען אין שטאָט אַלס בני תורה, און חשובע סוחרים האָבן געהערט ר׳ חיים לוקסענבערג, י. שיקאָרקע, ר׳ יוסל לוקסענבערג, ר׳ לייזער וויגדאָראָ־וויץ, און זיין זון ר׳ יעקב וויגדאָראָוויץ; ר׳ יוסל כאַיעק, זיין ברודער ר׳ משה מענדיל כאַיעק, ר׳ לייזער משה טיבער, ר׳ יחזקאל ראָזענבלום, ר׳ יוסף מענכע און זיין פון משה מענכע, ר׳ מענדיל טעמערזאָן, און זיין זון אבא, ר׳ אַברהם אליה סאָכטשעווסקי, ר׳ חיים יוסף עיילי, ר׳ ישראל שוחט, ר׳ לייבוש חזן און שוחט, ר׳ יוסף דוד קלאָפּמאַן שוחט וועלכער, איז אַוועק און איז געוואָרן שוחט אין געגנף שווייץ. ר׳ מרדכי יאָרליכט, יעקב גרינבוים, ר׳ מנדיל שטשטווינסקי, און נאָך אַנדערע.

זאָל דאָ דערמאָנט ווערן עזריאל יהודה עטינגער דער זון פון אַלטן מורה הוראָה מ. עטינגער, ער איז געווען, דער אייביקער אָפּאָנענט און מתנגד, געגן די חסידים. ער איז געווען אַ בן תורה, און משכיל געפירט זיך רעליגיעז.

דער שרייבער פון די שורות איז גע־בוירן געוואָרן אין גאָמבין און האָט פאַר־בראַכט דאָרט זיין פריע יוגנד. ער איז אַוועק פון גאָמבין ביי 14 יאָר אַלט מיט זיין מש־פּחה קיין לאָדז. אָט די אַלע אויבנדערמאָנטע ערלעכע חשובע יידן געדענקט ער מיט יראַת הכבוד.

ע. פינקענשטיין, ישראל

# דאָס רעליגיעזע לעבן

איך וויל דאָ בלויז איבערגעבן עטלעכע מאָמענטן פון דעם רעליגיעזן לעבן אין יידישן גאָמבין.

מיין פאָטער פישל יונה פינקענשטיין, ז״ל, האָט אַוועקגעגעבן אַ גאַנץ הויז פאַר אַן אָרטאָדאָקסישע שולע, וואו עס האָט געלערנט אַ גרויסע טייל גאָמבינער קינדער. די גאַנצע גאָמבינער יוגנט, וועלכע האָבן איבערגעלעבט דעם בלוטיקן מבול און זיינען שוין אַליין טאַטעס פון דערוואַקסענע קינדער, געדענקען אַוודאי דאָס חדר ביי פישל יונה.

אין דעם זעלבן הויז האָט זיך געפינען די יידיש־רעליגיעזע פאַרטיי „אגודה". דאָרט זיינען פאָרגעקומען די פאַרזאַמלונגען מיט די רעפעראַטן. די אַרבעט פון דער אגודה איז געווען אַ זייער פאַרשפרייטע און האָט אַרומגענומען אַ סך געביטן. עס וואָלט דאָ זיכער געווען אויפן אָרט צו דערמאָנען די אַלע טעטיקייטן פון דער „אגודה", די טעטיקייטן אויף די פאַרשיידענע געביטן פון רעליגיעזן לעבן. ליידער האָבן זיך נישט אויפגעהאַלטן קיין דאָקומענטן, זיי זיינען אַלע אַוועק מיט די פלאַמען און מיטן אַש.

איך וויל דאָ כאָטש, לזכרון, דערמאָנען אַ פאָר נעמען פון אַקטיווע יידישע רעליגיעזע טוער צווישן ביידע וועלט־מלחמות:

פרעזעס פון דער „אגודה" איז געווען מיין פאָטער, פישל יונה. ער איז פון דער „אגודה" באַשטימט געוואָרן אין שטאָט־ראַט, אין דעם אַזוי גערופענעם געזעלשאַפטלעכן ראַט און ער איז אויך געווען אין דער פאַרוואַלטונג פון דער גמילת־חסדים קאַסע, גבאי פון דער חברה קדישא, חברה תהילים און ביקור חולים.

יצחק שעקערקע איז געווען איינער פון די חשובסטע גאָמבינער בעלי־הבתים און בעלי צדקה. אויך ער איז געווען אַ גאָר טעטיקער עסקן אין די אַלע אויסגערעכנטע אינסטיטוציעס.

הערש לייב שעקערקע איז געווען איינער פון די טעטיקסטע טוער אין דער „אגודה", אַ ראַטמאַן און אויך אַ געוויסע צייט אַ לאַווניק אין גאָמבינער שטאָט־ראַט.

אַן אַקטיווער רעליגיעזער טוער איז געווען גדליה נח שלאַנג, אַ ייד אַ גרויסער למדן, וועלכער איז מיט לייב און לעבן געווען איבערגעגעבן דעם ענין פון רעליגיעזער דערציאונג פון יונגן דור.

אַ ייד מיט אַ פילנדיקן האַרץ, וואָס האָט זיך מקריב געווען פאַר דעם רעליגיעזן יידנטום איז געווען משה צעלעמענסקי. ער איז געווען אַן אַקטיווער און אָנפירנדיקער מיטגליד אין אַלע רעליגיעז־יידישע אינסטיטוציעס.

איך וואָלט מיך דאָ געוואָלט באַזונדער אָפּשטעלן אויף דעם געשטאַלט פון חיים לייב באָרנשטיין, וועלכער איז געשטאַנען אין שפּיץ פון אַ ריי רעליגיעזע אינסטיטוציעס. ער האָט למשל אָנגעפירט און איז געווען דאָס האַרץ און די נשמה פון „בית לחם", וואָס האָט זיך פאַרנומען מיט באַזאָרגן די גאָמבינער יידישע אָרעמקייט מיט לעבנס־מיטלען אויף אַלע שבתים און יום־טובים. עס האָט נישט איין מאָל געטראָפן, אַז ווען עס איז נישט געווען קיין געלט, האָט ער געדעקט די אויסגאַבן פון זיין אייגענער טאַש.

אַזוי ווי אין אַלע יידישע שטעט און שטעטלעך האָט דאָס רעליגיעזע לעבן אויך ביי אונדז אין גאָמבין געשפּילט אַ גרויסע ראָלע ביים אויפהאַלטן דעם יידישן קיום און ביים פאַרזיכערן דעם המשך.

יעקב צעלעמענסקי

# מײַנע בונדישע יאָרן אין גאָמבין

איך בין געקומען קיין גאָמבין ווי אַ דרײַצן־יעריק ייִנגל און דאָרט האָב איך פֿאַרברענגט מײַנע שענסטע און ראָמאַנטישסטע יאָרן; דאָרט האָב איך אויסגעפֿורעמט מײַן לעבן, דערוואָרבן מײַן וויסן, באַהאַפֿטן



**יעקב צעלעמענסקי מיט זײַן זון בראָנעק**
געפֿאַלן אַלס פֿליִער אין דער סיני־אַקציע, 1956.

ד״ך מיט די סאָציאַליסטישע אידעאַלן. ביזן הײַנטיקן טאָג שעפּ איך פֿון די אַלע וואונדערלעכע קוואַלן, וואָס האָבן מיר אין די טראַגישסטע יאָרן פֿון חורבן געגעבן אַזוי פֿיל אויסדויער און גלויבן.

בעת איך גרייט מיך דאָ איבערצוגעבן אַ פּאָר פֿון מײַנע דערינערונגען פֿון די גאָמבינער יאָרן, ווערן מיר די אויגן פֿאַרלאָפֿן מיט טרערן. ווי דורך אַ ווײַטן און בלוטיקן נעפּל זע איך דאָס טײַערע ייִדישע שטעטל, וואָס איז געוואָרן פֿאַרשניטן מיט אַזאַ אַכזריות און צוזאַמען מיטן שטעטל אַלע מײַנע טײַערסטע און נאָענטסטע. דער טאַטע, די שוועסטער, די ברידער, צוזאַמען זייערע פֿרויען און מענער און קינדער צוזאַמען מיט דער גרויסער משפּחה, פֿעטערס, מומעס, קינדער, אַלע אומגעקומענע אויף קידוש השם.

**
*

אין דער צײַט פֿון דער ערשטער וועלט־מלחמה ווען פּוילן איז געווען אָקופּירט פֿון די דײַטשן, ווען אין די ייִדישע היימען אין וואַרשע האָט געבושעוועט אַ בייזער הונגער מיט קראַנקהייטן און מיט טויט, זײַנען אויך בײַ אונדז אין שטוב געשטאָרבן צוויי פֿון מײַנע ייִנגסטע ברידער. די עלטערן מײַנע האָבן דעמאָלט באַשלאָסן אַריבערצוקלײַבן זיך אין מוטערס שטעטל, קיין גאָמבין. מיר זײַנען געווען דעמאָלט אַ פֿאַמיליע פֿון 10 נפֿשות, טאַטע־מאַמע און אַ געזינדל פֿון 8 קינדער. דאָס אָנקומען קיין גאָמבין איז געווען פֿאַר מיר אַ גאָר גרויסע איבערלעבעניש. צום ערשטן מאָל נאָך דער שטיקעניש פֿון די אָרעמע וואַרשעווער גאַסן האָב איך דערפֿילט, וואָס דאָס הייסט אַזוינס פֿרישע און פֿרײַע לופֿט, לופֿט פֿון וואונדערלעכע פֿעלדער מיט תבואה און פֿון שמעקעדיקע וועלדער פֿון סאָסנעס. אַרום דעם שטעטל האָט זיך געשלענגלט אַ פֿליסיק וואַסער, וואו פֿרויען האָבן געוואַשן וועש און דאָס געפּעס.

אַרום דעם שטאָטישן מאַרק האָבן ייִדן געהאַט זייערע הײַזער און געוועלבער אין די געסלעך, אויף די זאַמדן, זײַנען געשטאַנען הילצערנע, אײַנגעהויקערטע הײַזקעס; כאַטקעס מיט מאָך אויף די דעכער. גאָמבין איז

געווען ווי אַן אָפּגעשניטן אינדזעלע, ווייט
פון אַ באַן־ליניע. צו דער נאָענטסטער באַן־
סטאַנציע, אין זשיכלין, האָט מען זיך גע־
דאַרפט שלעפּן אין אַ פערד־און־וואָגן. צו
די אַרומיקע שטעטלעך, ווי פּלאָצק, ווישאָ־
גראַד אָדער וולאָצלאַוועק, איז מען געפאָרן
מיט דער ווייסל. ערשט שפּעטער איז גאָמ־
בין פאַרבונדן געוואָרן מיט וואַרשע מיט
אויטאָבוסן.

אויך פון גאָמבין ווי פון אַנדערע שטעט
און שטעטלעך, האָבן די דייטשן בעת דער
ערשטער וועלט־מלחמה, אַרויסגעפירט די
תבואות מיט די לעבנס־מיטלען, וואָס האָט
אַרויסגערופן אַ הונגער, דער עיקר ביי די
מער אָרעמע שיכטן. יידישע האַרעפּאַשנע
מענטשן האָבן שווער און ביטער געמוזט
אַרבעטן אויף פּרנסה און אָפטמאָל האָבן
קינדער פון 10 יאָר געמוזט אַרויסהעלפן אין
די טעגלעכע מאַזאַליעס. אין יענע יאָרן איז
געקומען דער „דזשאָינט" מיט זיין הילף
פון שפּייז און פון מלבושים, וואָס האָט אַביסל
לייכטער געמאַכט דאָס לעבן פון דער
יידישער באַפעלקערונג.

אָבער אויף אָט דעם קליינעם, איזאָ־
לירטן און מיט אָרעמקייט־געשלאָגענעם
אינדזל האָט געבליט און געדייעט אַ פאַר־
צווייגט גייסטיק יידיש לעבן, אַ געזעלשאַפט־
לעכע און קולטורעלע טעטיקייט, אַ כסדר־
דיקער וואוקס פון פּאָליטישע גרופּן און
פּאַרטייען פון אַלע ריכטונגען. צווישן די
אַלע ריכטונגען האָט געשפּילט אַ גרויסע
ראָלע דער „בונד". בחורים און מיידלעך
האָבן מיט גרויס באַגייסטערונג אויפגענומען
די שיינע אידעאַלן פון פרייהייט און פון
מענטשלעכקייט, אויף די לאַנגע שפּאַצירן אי־
בער די פעלדער און וועלדער, האָט מען גע־
פירט דעבאַטעס, האָט מען זיך געאַמפּערט
וועגן בונדיזם און ציוניזם, וועגן פּראָבלע־
מען פון קריג און פרידן, פון אָרעם און
פון רייך, פון גערעכטיקייט און פון יושר.
די פּרץ־ביבליאָטעק, וועלכע איז פריער
געווען אומלעגאַל, איז אַרויף אויף דער
אויבערפלאַך און האָט זיך איבערגעטראָגן
אין צענטער פון דער שטאָט, אין הויז פון
די שטאַלצמאַנס, אין אַ שיינעם לאָקאַל און
מיט אַ גרויסן לייען־זאַל. די פּרץ־ביבליאָ־
טעק איז מיט דער צייט געוואָרן איינע פון
די פּאָפּולערסטע קולטור־אינסטיטוציעס אין
גאָמבין. די מיטגלידער און די אַקטיווע
טוער זיינען געקומען פון פאַרשיידענע שיכטן,
פון די אָרעמע שטובן „אויף די זאַמדן",
וואו עס האָבן געוואוינט די באַלמעלאָכעס,
מאַרק־הענדלער און אַרבעטער ביז פון די
נגידישע משפּחות און רייכע היימען. די
ביבליאָטעק האָט שפּעטער געציילט 5 טויזנט
ביכער — יידישע, העברעאישע און פּוילי־
שע. זי איז געווען נישט בלויז די גרעסטע
און רייכסטע ביבליאָטעק אין גאָמבין, נאָר
אויך פון אַלע אַרומיקע שטעטלעך. די חב־
רים, וועלכע האָבן אָפּגעגעבן זייער צייט און
ענערגיע פאַר דער ביבליאָטעק, זיינען גע־
ווען: שרה גאָלדע פרענקעל (היינט אין
אַמעריקע); ליבער ליזערשטיין (היינט אין
בראַזיל), שלמה וואָלמאַן, משה אורבאַך און
יחזקאל האָדעס. (אַלע דריי אומגעקומען). אין
דער ביבליאָטעק זיינען פאַרגעקומען קעסטל־
אָוונטן אויף געזעלשאַפטלעכע און ליטע־
ראַרישע טעמעס. אָפטמאָל האָט מען אַראָפּ־
געבראַכט רעדנער, ווי: וויקטאָר שולמאַן,
מלך ראַוויטש, ישראל ליכטענשטיין, נאָטאַן
שאַפּראַן, לוריע (אַ גאָמבינער וועלכער איז
אומגעקומען אין רוסלאַנד).

עס זיינען אויך געשאַפן געוואָרן קורסן
צו לערנען יידיש — לייענען און שרייבן; און
אַ קורס עספּעראַנטאָ (דער לערער איז גע־
ווען חיים קערבער, היינט אין פּאַריז).

גאָמבין האָט אויך, פּונקט ווי פיל אַנ־
דערע יידישע שטעט און שטעטלעך, געהאַט
אַן אַמאַטאָרן גרופּע. איינער פון די אַקטיווע
קולטור־טוער, חבר חיים לוריע, האָט אַ חוץ
אַ גרויסע קענטשאַפט פון יידישער און אַל־
געמיינער ליטעראַטור, געהאַט אַ שוישפּי־
לערישן טאַלאַנט און איז אויך געווען גע־
בענטשט מיט פייאיקייטן פון אַ רעזשיסער.
ער האָט אָרגאַניזירט אַ גרופּע, וואָס האָט
מיט דער צייט אויפגעפירט ערנסטע פּיעסן;
„גאָט מענטש און טייוול" פון יעקב גאָר־
דין; סטרינדבערגס „פאָטער"; שלום



**קאָמיטעט פון בונד**

פון רעכטס צו לינקס:

יהזקאל האדיס, בלומע לידערשטיין, שמואל באָרענשטיין, הענעך גאָלדשמיט, שרה־גאָלדע פרענקעל, יצחק משה כייא, שלמה אַדלער.

עליכםס „דאָס גרויסע געווינס"; גאָלדפאַדנס „שולמית", הירשביינס „די נבלה" און אויך דראַמעס פון אַרציבאַשעוו, פּזשיבישעווסקי און פיל אַנדערע. יעדע פאָרשטעלונג פון דער אַמאַטאָרן גרופּע איז געווען אַ גרויסער יום טוב פאַרן שטעטל און איז עטלעכע מאָל געוואָרן איבערגעחזרט. אין די שפּעטערדיקע יאָרן איז רעזשיסער געווען חיים סענדער זאַנדמאַן פון גאָסטינין. (היינט — אין ישראל). די הכנסות פון די טעאַטער־פאָר־שטעלונגען זיינען געגאַנגען פאַר די קולטור־אַקטיוויטעטן און פאַר שפּייז־פּראָדוקטן פאַר דער קינדער־היים.

אַ באַזונדער אָרט אין יידישן קולטור לעבן פון גאָמבין האָט פאַרנומען דער כאָר, וועלכער איז אויך געשאַפן געוואָרן ביי דער ביבליאָטעק, דיריגענט פון כאָר איז געווען לייזער פינקעלשטיין, וועלכער האָט נאָך אין עלטער פון 11 יאָר אַרויסגעוויזן פייאיקייטן פון אַ מנגן אַלס משורר ביים שטאָטישן חזן. אין די שפּעטערדיקע יאָרן האָט ער זיך אויסגעלערנט שרייבן מוזיק. דער כאָר איז געווען איינע פון די דער־פאָלגרייכסטע קולטור־אינסטיטוציעס אין גאָמבין. דער רעפּערטואַר פון כאָר זיינען מייסטנס געווען יידישע פאָלקס־לידער און אויך געזאַנגען פון קלאַסישן רעפּערטואַר. יעדער מאָל ווען דער כאָר האָט געגעבן אַ קאָנצערט, איז דאָס טעאַטער געווען איבער־פולט. דער כאָר איז געווען פּאָפּולער נישט בלויז אין גאָמבין, נאָר אויך אין די אַרו־מיקע שטעטלעך. ער האָט באַקומען איינלאַ־דונגען אַרויסצוטרעטן אין די פאָלקס־שולן אין גאָמבין און אין די שטעטלעך בשכנות. אין די לעצטע פאָר יאָר, פאַרן אויסברוך פון דער צווייטער וועלט מלחמה איז אונ־דזער כאָר־דיריגענט לייזער פינקלשטיין גע־ווען אַנגאַזשירט אַלס חזן אין דער גרויסער

„דייטשער” שול פון טשענסטאָכאָוו. דאָרט איז ער אויך אין די חורבן־יאָרן אומגעקו־מען.

ווען פוילן איז געוואָרן אומאָפּהענגיק האָט זיך אין גאָמבין געגרינדעט אַ שניי־דער־פאַראיין, וואָס איז געווען אַן אָפּטיי־לונג פון דער וואַרשעווער באַקלייד־צענטראַ־לע. אין דעם פאַראיין האָבן זיך אויך אָנ־געשלאָסן שוסטער, קאַמאַשן־שטעפּער, בע־קער־אַרבעטער און דינסטמיידלעך. עס האָט זיך דעמאָלט אָנגעהויבן אַ צייט פון אַקציעס און סטרייקן פאַר בעסערע באַדינגונגען, בעסערע אַרבעט־שעהן און אַ מער מענטש־לעכע באַציאונג מצד די מייסטערס, וועלכע האָבן געמוזט אָנערקענען דעם פאַראיין. אַפילו זין און טעכטער פון די מייסטערס האָבן זיך אָנגעשלאָסן אין פאַראיין און האָבן אַ סך מאָל מיטגעסטרייקט מיט די אַרבע־טער. קעגן זייערע עלטערן. דער פאַראיין האָט געהאַט אַן אייגענעם לאָקאַל מיט אַ באַצאָלטן סעקרעטאַר, דעם חבר משה אור־באַך. צו דער ערשטער פאַרוואַלטונג האָבן געהערט די חברים: יחזקאל האָדעס, שמחה כייאה (היינט אין אַמעריקע — סידני גייער), מאיר זעליק קערבער, לוצעק מיידאַט, אַב־ראַם זשיכלינסקי, דבורה ליזערשטיין, און ש. ווינטער. פון די יוגנטלעכע — מרים ליי־צענשטיין. ביים פאַראיין זיינען אָרגאַניזירט געוואָרן אָוונט־קורסן פון לערנען לייענען און שרייבן יידיש און פויליש.

דעם ערשטן מאַי 1920 האָט דער פאַר־איין פון בונד צוזאַמען מיט דער פּ.פּ.ס. אָר־גאַניזירט אַ דעמאָנסטראַציע, וואָס האָט מאַר־שירט פון שטאָטישן מאַרק איבער די גאָמ־בינער גאַסן מיט רויטע פענער דאָס האָט אינם שטעטל געמאַכט אַן אומגעהויערן רו־שם.

דער „בונד” איז געווען די איינציקע פּאָ־ליטישע אָרגאַניזאַציע, וואָס האָט ביי די וואַל־מיטינגען צום שטאָט־ראַט און צום סיים, אָפּגעהאַלטן מיטינגען אויפן שטאָטישן מאַרק פּלאַץ. אין 1920, ווען עס זיינען אי־בער גאַנץ פוילן פאָרגעקומען אַרעסטן פון בונדיסטן, וועלכע מען האָט אַוועקגעשיקט אין אַ לאַגער נעבן קראָקע, זיינען אויך אין גאָמבין געוואָרן אַרעסטירט דער בונדישער ראַטמאַן מלך טאַדעליס, דער פאָרזיצער פון פאַראיין יחזקאל האָדעס מיט זיין ברודער און שמחה כייא.

***

מיין פאָטער איז געווען אַ שטרענג אָרטאָדאָקסישער ייד און אַזוי איז אויך גע־ווען מיין גאַנצע גאָמבינער משפּחה, מיינע פעטערס און מומעס מיט זייערע קינדער.



אַ קרייז אויפן נאָמען פון ענגעלס, — רעפערענט — הענעך גאָלדשמיט.

אָבער מיין עלטסטער ברודער יאָסל איז שוין אין וואַרשע געווען אַ בונדיסט און אַן אַקטיווער מיטגליד אין טעקסטיל־פאַראיין. ער איז געווען דער ערשטער אין אונזער פאַמיליע וואָס האָט אויסגעטוישט רעליגיע אויף סאָציאַליסטישע אידעאַלן אין דער צייט, ווען ער האָט נאָך געטראָגן אַ לאַנגע קאַפּאָטע, מיט אַ יידיש היטעלע און שטיוועלעך. אין גאָמבין איז ער געוואָרן אַקטיוו אין דער ביבליאָטעק און סופלאָר אין טעאַטער.

ער האָט אָנגעהויבן אַריינצוברענגען ביכער אין שטוב אַריין: ער האָט צום ערשטן מאָל זיך אָנגעטאָן „קורץ" — אַן אָנצוג מיט אַ קורצער מאַרינאַרקע. ווען מיין פאָטער האָט דאָס צום ערשטן מאָל דערזען האָט ער דאָס אָנצוג מיט כעס אַרויסגעוואָרפן דורכן פענצטער: ביי מיר אין הויז וועסטו אַזוי נישט גיין!... אָבער מיין ברודער האָט געוואוסט, אַז ער וועט מוזן פאַר זיינע איבערצייגונגען ליידן און ער האָט געליטן, ער האָט אויסגעטרעטן דעם וועג פאַר אַלע זיינע ברידער און שוועסטער — אַלע האָבן מיט דער צייט געהערט צום בונד". צוליב מיין ברודער האָב איך דערפילט אַ נייגיר צו לייענען יידישע ביכער און צייטונגען, וועלכע ער האָט אַהיימגעברענגט. און כאָטש איך האָב נאָך דערמאָלט געלערנט ביי מיין זיידן, איז אָבער דער באַגער מיינער געווען וואָס אַמאָל שטאַרקער די ביבליאָטעק. איך בין דאָרט אַרויף איינמאָל אין אָוונט, ווען עס איז שוין געווען פינצטער. איך בין געבליבן שטיין אַ צעטומלטער. ווען איך האָב דערזען, ווי הברה איז געזעסן אַרום די טישן און האָט געלייענט אָדער געשמועסט וועגן ביכער. דאָרט האָב איך צום ערשטן מאָל דערהערט די נעמען: מאַרקס, ענגעלס, הירש לעקערט, מעדעם... צום מיינסטן האָבן מיך געלאָקט די ווערטער, אַז: „שבת גייען מיר אין וואַלד אַריין אויף אַ „מאַסאוואוקע". איך בין דעמאָלט אַ גאַנצע נאַכט נישט געשלאָפן. איך האָב דעמאָלט באַשלאָסן, אַז איך מוז וועגן דעם רעדן מיט מיין ברודער. ער מוז מיך מיטנעמען אין וואַלד אַריין. דער צוזאַמענקום אין וואַלד האָט מיך באַרוישט — עס זיינען דאָרט געווען די גאָמבינער בחורים און מיידלעך, די אָרעמע, די האָרעפּאַשנע, די אַרבעטער — אָבער זיי האָבן אַלע געשטראַלט. איך האָב זייער ווייניק פאַרשטאַנען פון דעם וואָס מען האָט גערעדט, אָבער איך בין געווען אינגאַנצן באַהערשט פון יענער שטימונג.

פון דעמאָלט אָן האָב איך מער נישט גערוט ביז איך בין געוואָרן אַ מיטגליד פון אַ קרייז. דאָס איז געווען דער שענסטער טאָג פון מיין לעבן, דער דערהויבנער טאָג פון מיין יוגנט. דאָס איז געווען אין יאָר 1919.

צוגעטיילט האָט מען מיך צום קרייז אויפן נאָמען פון הירש לעקערט. די קרייזן זיינען געווען ווי סעמינאַר־קלאַסן, יעדער נאָמען פון אַ קרייז האָט באַדייט אַ העכערע שטופע.

אין יענער צייט בין איך געוואָרן אַ לערן־יינגל ביים שניידער־מייסטער קוקוריזע. אין זיין קליינעם שטיבל און קיכל האָט ער געפירט אַ קליידער־שניידעריי. ער האָט געהאַט אַ טאָכטער ביילע רחל מיט אַ קינד. ווי אַלע לערן־יינגלעך האָב איך געדאַרפט העלפן אין דער הויז־אַרבעט. זומער בין איך מיט דער גאַנצער פאַמיליע מיטגעפאָרן אין אַ סאָד אַריין, וועלכן דער „מייסטער" האָט געדונגען פאַרן זומער. איך האָב זיי געהאָלפן רייסן די פרוכטן, די עפּל, באַרנעס און פלוימען און שפּעטער מיטפאָרן אויף די מערק און העלפן פאַרקויפן. אין זייער היים איז געווען אַ ציג. צו מיינע אַרבעטן האָט געהערט אַרויסטראָגן עסן



פאַרוואַלטונג פון שניידער־פאַראיין.

סאַר דער ציג און האַלטן דאָס קינד, דאָס איז געווען מיין אַנהייב פון לערנען שניי־דעריי. מיט דער צייט בין איך געוואָרן אַ מיטגליד אין פאַראיין.

דער יוגנט־בונד „צוקונפט" איז געווען מער ווי אַ פּאָליטישע אָרגאַניזאַציע. ער האָט אויך אַרומגענומען אַלע געביטן פון פּערזענלעכן לעבן, דעם קוק אויף דער וועלט, די פּערזענלעכע ערלעכקייט און מאָ־ראַל. אַ סך מאָל האָט געטראָפן, אַז די יוגנט, באַהויכטע און באַגייסטערטע מיט זייערע סאָציאַליסטישע אידעאַלן האָט אויך אַריינ־געצויגן די עלטערן. אַ סך פון דער גאַמ־בינער יוגנט האָבן גענומען שפּילן אַ וויכ־טיקע ראָלע אין געזעלשאַפטלעכן לעבן פון שטעטל. צום ערשטן יוגנט קאָמיטעט פון „בונד" האָבן געהערט: חנה טאַטאַרקע, רו־דע גאָסטינסקי, יחזקאל האַדעס, בלומע לי־זערשטיין (היינט אין בראַזיל) און הינדעלע זאַיאַנץ. אַלע פיר זיינען אומגעקומען אין די כעלמנאָ גאַז־קאַמערן.

מיינע וואָכעדיקע טעג זיינען טאַקע גע־ווען וואָכעדיק: פול מיט אַרבעט און דאגות — אָבער מיינע יום־טובים, זיינען געווען די שעהן, די אָוונטן און די טעג, ווען איך בין אַריינגעקומען אין דער ביבליאָטעק אין יוגנט־קלוב, אויף די קרייזן; ווען מיר זיינען געגאַנגען אויף אונדזערע אָפטע שפּאַצירן אין וואַלד, ווען מיר האָבן זיך באַטייליקט אין אונדזערע אויספלוגן און פאַרוויילונגען. די דאָזיקע טעג האָבן אונדז אַרומגענומען מיט פרייד. מיר האָבן זיך געפילט דערהויבן, ווען עס זיינען געקומען צו אונדז פון וואַר־שע די פירער פון „צוקונפט" מיט רעפעראַ־טן: יאָשקע ליפשיץ, לעאָן אָלער, פנחס שוואַרץ, שלום הערץ און אַנדערע.

אַ גרויסע פרייד אין לעבן האָבן אַריינ־געטראָגן די נאָענטע חברשאַפטן מיט נאָענטע און אינטימע פריינד. איינע פון זיין איז געווען אַברהמלע פינקעלשטיין, וועלכער איז שפּעטער אַוועק קיין דייטשלאַנד און געוואָרן אַ דאָקטאָר. ער איז דערנאָך אומגעקומען אין טרעבלינקע. מיין צווייטער אינטימער חבר איז געווען יאַנקעלע זשיכלינסקי, ער איז אַוועק קיין אַמעריקע, היינט איז ער דער פּאַרזיצער פון דער גאַמבינער סאָסייטי. אַ דריטער — דוד מלך בזשעזשינסקי — היינט אין אַמעריקע. אַ פערטער — אַבראַם זשיכ־לינסקי, איצט אין פּאַריז... מיין גאַנצע פרייע צייט האָב איך אָוועקגעגעבן דער באַ־



**דריי יוגנט־פריינט פאַרלאָזן גאָמבין אין 1922**

דר. אַבראַם פינקלשטיין — צו זיין שטודירן; יאַנקעלע זשיכלינסקי (היינט דזשעק זיקלין, פּרע־זידענט פון גאָמבינער סאָסייטי אין ניו־יאָרק, קיין אַמעריקע); יעקב צעלעמענסקי — קיין וואַרשע; פערטער איז אַבראַם זשיכלינסקי, היינט אין פּאַריז.

וועגונג. איך וועל קיינמאָל נישט פאַרגעסן, ווי מען האָט מיך צום ערשטן מאָל באַ־שטימט צו געזעגענען דעם חבר יצחק משה כייאה צו זיין אָפּפאָרן קיין אַמעריקע מיט זיין פרוי, חברטע ברכה. איך האָב זיי זע־זעגענט אין נאָמען פון יוגנט־בונד „צו־קונפט". דאָס איז געווען מיין ערשטער רעד־נערישער אַרויסטריט... יצחק משה כייאה איז געווען מיין ערשטער לערער פון „בונד" אויף מיין קרייז „הירש לעקערט" און ער איז פאַרבליבן ביזן היינטיקן טאָג אַ גע־טרייער בונדיסט אין שיקאַגאָ. (היינט רופט ער זיך מאָריס גייער). ער איז געווען דער ערשטער בונדישער ראַטמאַן, ער איז געווען אַרומגערינגלט מיט ליבע פון זיינע חברים און מיט רעספּעקט פון זיינע קעגנער. ער איז געווען אַקטיוו אין אַלע ווינקלען פון גאָמבינער יידישן געזעלשאַפטלעכן לעבן, ספּעציעל האָט ער געווידמעט אַ סך פון

זיין ענערגיע דער קינדערהיים זיין פרוי, די חברטע ברכה איז געווען איינע פון די אַקטיוויסטע אויפן געביט פון קולטור־אַר־בעט און האָט געשפילט אַ באַזונדערע ראָלע ביים אָרגאַניזירן דעם דראַמאַטישן קרייז. זי האָט זיך אויך באַטייליקט אין אַ סך פאַר־שטעלונגען.

אין יאָר 1924 האָב איך פאַרלאָזט מיין שטעטל גאַמבין און בין צוריקגעקומען קיין וואַרשע. אָבער מיין גאַנץ לעבן האָב איך געטראָגן אין מיר די דערהויבענע און באַ־גייסטערטע טעג פון מיין ערשטער יוגנט. דאָס האָט מיר אויך געגעבן כוח און גלויבן אַפילו אין די פינצטערסטע טעג פון דער נאַצי־אָקופּאַציע, וועלכע איך האָב געשיל־דערט אין מיין בוך „מיטן פאַרשניטענעם פּאָלק".

איך ווידמע מיינע קורצע דערינערונגען דער אידעאַליסטישער יוגנט פון „גאַמבין", וואָס האָט אַזוי געטריי געדינט די סאָציאַ־ליסטישע אידעאַלן און וואָס איז אַזוי טראַ־גיש געוואָרן פאַרשניטן. און אויך מיין פאָ־טער משה, מיין מוטער שיינע בינע, מיינע שוועסטער, ברידער און זייערע קינדער. און מיין ליבסטן און טייערן זון בראָנעק, וועל־כער איז געפאַלן ווי אַ פליער אין דער סיני־אַקציע, אין ישראל, אין 1956.



ל. וואָלמאַן

# „סקיף“ אין גאָמבין

אין יאָר 1926 האָט זיך אין וואַרשע, אויפֿן איניציאַטיוו פון צענטראַל־קאָמיטעט פון „בונד“ געשאַפן אַ קינדער־אָרגאַניזאַציע מיטן נאָמען סאָציאַליסטישער קינדער־פאַרבאַנד, פאַרקירצט: „סקיף“. מיט אַ יאָר שפּעטער האָט דער גאָמבינער „בונד“ צוזאַמען מיטן יוגנט־בונד „צוקונפט“ באַשלאָסן צו שאַפן אַזאַ „סקיף“־אָרגאַניזאַציע אין גאָמבין. דער אָרגאַניזיר־קאָמיטעט איז באַשטאַנען פון די חברים יאָסל קאָהן, משה פרענקעל און לייביש וואַלמאַן. די ערשטע אַרבעט איז באַשטאַנען אין צוזאַמענרופן אַ גרופּע שול־קינדער פון דער פּאָווּשעכנער שולע ווי אויך אַ גרופּע ייִנגלעך און מיידלעך, וואָס האָבן צוליב מאַטעריעלע סיבות געמוזט איבעררייסן דאָס לערנען אין שולע און לערנען זיך אַ פאַך.

איך דערמאָן מיך גוט דעם ערשטן צוזאַמענטרעף מיט די קינדער. מיר האָבן זיי דערקלערט די באַדייטונג פון דער אָרגאַניזאַציע און דעם ציל פון גרינדן אַ „סקיף“ און צו שאַפן אַן אָרט, וואו זיי זאָלן זיך קאָנען אויסלעבן, וואו זיי זאָלן דערצויגן ווערן ווי באַוואוסטזיניקע מענטשן, וואו זיי זאָלן זיך באַקענען מיט די וויכטיקע פראַגן פון לעבן. דער „סקיף“ איז אויך געווען אַן אינסטיטוציע מיט אַ זעלבסט־פאַרוואַלטונג פון די קינדער אַליין און אין פּראָגראַם פון דער אַרבעט זיינען אויך אַריינגעגאַנגען פאַרווייַלונג, געזאַנג און ספּאָרט.

דער ערשטער צוזאַמענטרעף איז געווען זייער אַ געלונגענער. די קינדער זיינען געווען באַגייסטערט פון די פּלענער און כמעט אַלע פאַרזאַמלטע זיינען געוואָרן מיטגלידער פון דער ניי־געשאַפענער אָרגאַניזאַציע.

די קינדער האָבן שפּעטער פאַרשפּרייט די נייעס איבער גאָמבין, אַז דער „בונד“ האָט געשאַפן אַ זעלבסטשטענדיקע קינדער־אָרגאַניזאַציע. אין פאַרלויף פון אַ גאָר קורצער צייט האָט די מיטגלידערשאַפט זיך שטאַרק פאַרגרעסערט. דער „סקיף“ איז



אַ גרופּע פון סאָציאַליסטישן קינדער־פאַרבאַנד „סקיף“. אין צענטער דער רעפערענט לייביש וואָלמאַן.



יוגנט־בונד צוקונפט־קרייז „מאַרקס", רעפערענט ד"ר אַברהמלע פינקעלשטיין.

געוואָרן די גרעסטע קינדער־אָרגאַניזאַציע אין שטעטל.

מיר האָבן זיך איינגעטיילט אין גרופּן און האָבן אָנגעהויבן צו פירן אַ ברייט־פאַרצווייגטע קולטור־אַרבעט צווישן די קינדער. מיר האָבן פּרובירט צו שאַפן, מיט דער הילף פון פון דער חברטע פריידל פינקלשטיין אַ מאַנדאַלין־אָרקעסטער. דער אינסטרוקטאָר פון דער גאָמבינער ספּאָרט־אָרגאַניזאַציע, חבר אַבראַם פרענקעל, האָט מיט די קינדער אַדורכגעפירט ספּאָרט־איבונגען. אַ באַזונדערע פריידיקע איבער־לעבונג פאַר די קינדער זיינען געווען די אויספלוגן אין די גאָמבינער וועלדער און אויך אין די אַרומיקע דערפער. דער ציל איז געווען צו באַקענען די קינדער מיט דער שיינקייט פון דער נאַטור און אַז צווישן די קינדער אַליין זאָל אין דער צייט פון די אויספלוגן זיך אַנטוויקלען אַ גרע־סערע חברשאַפט און אַ געפיל פון משפּחה־דיקייט. יעדער אויספלוג איז פאַר די קינ־דער געווען אַ גרויסער יום־טוב און זיי פלעגן וואַרטן מיט גרויס אומגעדולד אַ גאַנצע וואָך אויפן אָנגעקומען פון שבת, ווען עס זיינען פאָרגעקומען די אויספלוגן.

אויף די אויספלוגן פלעגן מיר מיט די קינדער אַדורכפירן פאַרשיידענע שפּילע־רייען, טענץ און אויך שמועסן אויף פאַר־שיידענע אַקטועלע טעמעס. צום סוף פון טאָג פלעגן מיר מאַכן אינמיטן פעלד אַ פייער און זינגען ביז שפּעט אין דער נאַכט. און ערשט דעמאָלט פלעגן מיר מיט גע־זאַנג צוריקמאַרשירן אין שטעטל אַריין.

אין יאָר 1928, אויב דער זכרון פאַר־פירט מיך נישט, איז אין די וועלדער אַרום גאָמבין, איינגעאָרדנט געוואָרן אונטער דער אָנפירערשאַפט פון חבר בראָמבערג פון וואַרשע דער ערשטער זומער־לאַגער פון דער צענטראַלע פון „סקיף".

דער זומער־לאַגער איז געווען אַ גאַנ־צע קינדערשע רעפּובליק. די גאַנצע פאַר־וואַלטונג איז געלעגן אין די הענט פון די קינדער, דער מייסטערהאַפטער קינדער־לאַגער האָט אויף אַלע געמאַכט אַ גאָר גרויסן איינדרוק און איז פאַר אַלע געווען אַן אומגעהויערע, פריידיקע איבערלעבונג. די קינדער פון זומער־לאַגער האָבן גע־מאַכט אויספלוגן ביי די ברידער־אָרגאַני־זאַציעס פון שכנותדיקן גאָסטינין און פּלאָצעק. דער לאַגער איז אין 1937 באַזוכט געוואָרן דורך געהויבענע געסט: וויקטאָר אַלטער, שרה שוועבער און אַבראַם סטאָלער.

דער גאָמבינער „סקיף" האָט אויך געהאַט אַ זייער וויכטיקע אָפּטיילונג — אַ חברים־געריכט, וואָס האָט דערליידיקט סיכסוכים צווישן די קינדער.

צווישן די אַלע קינדער־גרופּעס און קינדער־אינסטיטוציעס אין אונדזער שטעטל גאָמבין שיינט אַרויס די סקיף־אָרגאַניזאַציע מיט אַ באַזונדערער ליכט.

רבקה פרענקל האַלפּערן

# ציוניסטישע באַוועגונג



רבקה פרענקל האַלפּערן אין ישראל

פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה, איז די ציוניסטישע באַוועגונג (ווי אַלע אַנדערע פּאָליטישע אָרגאַניזאַציעס) געווען פאַרבאָטן אין רוסלאַנד און אין פּוילן. אַלץ וואָס ס'איז געטאָן געוואָרן, איז געווען פאַרמאַסקירט מיט נעמען פון סאָציאַלער אָדער פילאַנטראָפּישער טעטיקייט. ערשט אין סוף פון די מלחמה־יאָרן, ווען פּוילן איז אָקופּירט געוואָרן דורך די דייטשן און עסטרייכער און דער פראָנט האָט זיך דערווייטערט פון פּוילן, האָט זיך אָנגעהויבן אַ ברייטע ציוניסטישע טעטיקייט אין פּוילן. די דעקלאַראַציע פאַר בילדן אַ יידישע נאַציאָנאַלע היים אין ארץ־ישראל — די אַזוי גערופענע „באַלפור־דעקלאַראַציע" — האָט אַרויסגערופן אַ גרויסן ענטוזיאַזם פאַר ציוניסטישע טעטיקייט אין גאַנץ פּוילן. דאָס זעלבע איז געשען אויך אין גאַמבין. די קליינע צאָל ציוניסטישע אַקטיוויסטן אין שטעטל, האָט אויסגעברייטערט זייער אַרבעט ביים פאַרשפּרייטן דעם שקל, ביים זאַמלען געלט פאַרן נאַציאָנאַלן פאָנד און ביים איינאָרדענען פאַרטראָגן אויף נאַציאָנאַלע און ציוניסטישע טעמעס. ס'איז געגרינדעט געוואָרן אַ קינדער־גאָרטן און אַ שולע אין דער העברעאישער שפּראַך, אויך קורסן פון העברעאיש פאַר דערוואַקסענע און אַנדערע קולטורעלע אַרבעט מיט אַ נאַציאָנאַלן אינהאַלט.

אין 1920 ווען עס זיינען אָנגעקומען די ידיעות פון ארץ־ישראל, אַז יוסף טרומפּעלדאָר און זיינע חברים זיינען געפאַלן ביי דער פאַרטיידיקונג פון תל־חי, האָט זיך אָנגעהויבן אַ גרויסע פּאַראינטערעסירונג פאַר עליה קיין ארץ־ישראל. אין גאַמבין — ווי אין אַנדערע ערטער אין פּוילן — האָבן אָנגעהויבן יוגנט־גרופּן צו טראַכטן און צו גרייטן זיך צו עליה קיין ארץ־ישראל.

איך געדענק, אַז קורץ פאַר מיין אָפּפאָרן קיין ארץ־ישראל, בין איך געווען אין „פּאַלעסטינע־אַמט" אין וואַרשע, אַז מען האָט געהערט, אַז איך בין פון גאַמבין, האָט מען מיך אויפגענומען מיטן גרעסטן כבוד. אַלע האָבן געזאָגט, אַז גאַמבין האָט גרויסע פאַרדינסטן פאַר דער ציוניסטישער אַרבעט, אַזוי איז טאַקע ווירקלעך געווען. די גאַמבינער ציוניסטן האָבן אויסגעפּילט אַלע אויפגאַבן, וועלכע מען האָט אויף זיי אַרויפגעלייגט, מיט דער גרעסטער פאַראַנטוואָרטלעכקייט. אַ דאַנק אַ קליינע גרופּע איבערגעגעבענע ציוניסטן, וועלכע זיינען געשטאַנען אין דער שפּיץ פון דער טעטיקייט, האָט זיך איינגעגעבן צוצוציען אַ גרויסער טייל פון דער יוגנט, וועלכע האָט אין יענע טעג אָנגעהויבן זיך צו דערווייטערן פון יידיש נאַציאָנאַלע ווערטן.


קאָמיטעט פון קרן היסוד

***

איך וועל זיך באַמיען צו דערמאָנען די אַלע, וועלכע זיינען געבליבן אין מיין זכרון. דער ערשטער און וויכטיקסטער איז געווען דער רב זלאָטניק ז״ל, וועלכער האָט מיט זיין הויכער און גייסטרייכער פּערזענ־לעכקייט משפּיע געווען אויף אַ גאַנצן דור גאָמבינער יידן. גלייך נאָך זיין אָנקומען קיין גאָמבין, האָט זיך אָנגעהויבן אַן אמתער נאַציאָנאַלער רענעסאַנס. עס זיינען אויפגע־שטעלט געוואָרן דער קינדער־גאָרטן און די שולע „בית יהודה״, וואָס אין זיי איז דער־צויגן געוואָרן אַ דור פון חלוצים — די גרעסטע טייל פון זיי לעבן אין די קיבוצים און שטעט פון ישראל. זיינע דרשות אין שול האָבן געווירקט אויף ברייטערע שיכטן און זיי דערנענטערט צו דעם ציוניסטישן געדאַנק און ציוניסטישער טעטיקייט.

***

איינער פון די וויכטיקסטע טוערס, וועלכער איז געשטאַנען אין דער שפּיץ פון דער ציוניסטישער אַרבעט, איז געווען אַברהם זאַמאָשטש ז״ל (אומגעקומען אין טרעבלינקע), ער האָט געטראָגן — אין יענע יאָרן — דעם גאַנצן עול פון דער אַרבעט, ער האָט מפקיר געווען זיינע פּריוואַטע אינ־טערעסן, אַפילו די גאָר וויכטיקסטע ווי בויען אַ פאַמיליע־לעבן (ס׳איז אַרומגעגאַנגען אַן אַנעקדאָט, אַז ער האָט חתונה געהאַט מיט דעם ציוניזם).

***

צוזאַמען מיט די אויבנדערמאָנטע איז כדאַי צו דערמאָנען די פּרוקטבאַרע מיט־אַרבעט פון הרב נוטקעוויטש, די ברודער טאַדעליס (אלימלך און אברהמלע), אברהם פּראַוודא, אברהם חיים זשיכלינסקי און משה גליקזעליגער, מיינע נאָענטע חברות רבקה־לאה אָפּאָטאָווסקי און שיינדל זשיכ־לינסקי (און נאָך אַ סך אַנדערע, וועלכע כ׳געדענק נישט זייערע נעמען; זיי זיינען אַלע אומגעקומען אין קאָנינער לאַגער), וועל־כע האָבן געווידמעט אַ גרויסן טייל פון זייער צייט פאַר דער ציוניסטישער טעטיקייט.

***

איך וויל נאָך דאָ דערמאָנען — צו לענגערע יאָר — אונדזער פריינד יחיאל כאַייעק, וועלכער לעבט אין ישראל, יצחק עיילי אין קאַנאַדע, וועלכער זוידמעט אַ סך צייט פאַר געזעלשאַפטלעכע און סאָציאַלע אַרבעט אין מאָנטרעאַל, און איז שטאַרק טעטיק אין אַלע קאַמפּיינס פאַר ישראל. אויך זיי האָבן געשענקט נישט ווייניק פון

זייער צייט און ענערגיע פאַר דער ציוניסטישער טעטיקייט אין גאָמבין. באַזונדערס וויל איך דערפילן אַן אָנגעגעמען



איינער פון די ציוניסטישע טוער און סעקרעטאַר פון די פאָלקס־באַנק, א. זאַמאָשטש.

חוב און דערמאָנען, דעם איבערגעגעבענעם ליבן לערער יעקב גאזשאלקא, וועלכער האָט פאַרשפרייט תורה אין דער העברעאישער שולע און אין די קורסן פאַר דערוואַקסענע. אַ סך פון זיינע תלמידים אין ישראל געדענקען און שעצן אים זייער. דער לערער גאזשאלקא, וועלכער האָט עולה געווען קיין ישראל אין די דרייסיקער יאָרן (איז באַקאַנט אין ישראל אונטער דעם נאָמען יעקב גורא׳לי), האָט נאָך אַ סך יאָרן איבערגעגעבענער אַרבעט פאַר דעם ירושלימער אוניווערסיטעט, אָנגעשריבן 3 וויכטיקע ראָמאַנען, אַ טרילאָגיע פון יידישן לעבן אין פוילן. אויך ער האָט בייגעשטייערט נישט קיין קליינעם חלק צו דעם נאַציאָנאַלן רענעסאַנס אין גאָמבין.

***

„אחרון, אחרון חביב" אונדזער טייערער פריינד לואי פיליפס (פאטשעכא) אין דעטראָיט, וועלכער האָט אָנגעהויבן צו זיין טעטיק אין דער דעמערונג־תקופה פון דער ציוניסטישער באַוועגונג, האָט זיך איבערגעגעבן מיט לייב און לעבן דער ציוניסטישער אַרבעט, ביז דעם טאָג ווען ער האָט פאַרלאָזט גאָמבין. היינט איז לואי פיליפס טעטיק אויף אַלע געביטן, וועלכע האָבן אַ שייכות מיט דעם אָנדענק פון גאָמבין, און איז גלייכצייטיק טעטיק אין אַלע אַרבעטן פאַר ישראל.

צום סוף וויל איך באַטאָנען, אַז אַ דאַנק דער געבענטשטער אַרבעט פון די אויבנדערמאָנטע וועטעראַנען, לעבן איצט אין ישראל הונדערטער פון די איבערגעבליבענע גאָמבינער יידן.

גבעתיים, ישראל, יאַנואַר, 1968.



קינדער־היים, גן־ילדים ביי דער תרבות־שול

פון רעכטס: מ. גליקזעליגער, הרב נ. נ. נוטקעוויטש, א. ל. גיפס, מ. טאדעליס.

לואיס פיליפס פּאַטשעכאַ, דעטראָיט

# דער סאַמע אָנהייב פון דער ציוניסטישער באַוועגונג


לואיס פיליפּס פּאַטשעכאַ

מען קאָן נישט צוגיין צו געבן אַ היסטאָרישן איבערבליק איבער דער ציוניסטישער באַוועגונג אין גאָמבין אָן אַ געוויסע נאָסטאַלגיע. דאָס איז געווען אַן עפּאָכע פון גלויבן, האָפנונג און פרייד.

דאָס גרינדן פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע איז פאָרגעקומען גאָר ספּאָנטאַניש דורך אַ גרופּע פריינד, וועלכע האָבן אַלעמאָל דערפון געחלומט. אין יאָר 1909 איז מיין שוואָגער, מרדכי שוואַרצבערג, געקומען זיך באַזעצן אין גאָמבין. ער איז געקומען פון פּלאָצק. מיט זיין קומען האָט זיך אָנגעהויבן צו אָרגאַניזירן דער ציוניזם אין גאָמבין.

מיין שוואָגערס נאָענטער שכן איז געווען משה גליקזעליקער. זיי האָבן זיך גאָר נאָענט באַפריינדעט פון ערשטן טאָג פון זייער באַגעגעניש. צווישן זייערע נאָענטע זיינען אויך געווען אַברהמעלע זאַמושץ, מלך טאָדעליס און זיין יינגערער ברודער אַברהמעלע און אויך אַנדערע. עס איז אויך געקומען באַגריסן די נייע תושבים יצחק וואָלפּאָוויטש.

איך דערמאָן מיך דעם שטאַרקן איינדרוק, וואָס יצחק וואָלפּאָוויטש האָט אויף מיר געמאַכט. ער איז שוין דעמאָלט געווען אויסגעצייכנט באַהאַוונט אין די העבּרעאישע פּובליקאַציעס און זשורנאַלן. ער איז געווען בקי אין דער פּוילישער ליטעראַטור. ער איז געווען אַ מענטש פון אַ ברייטן וויסן און קולטור.

מיטן אָנקומען פון שוואַרצבערגן קיין גאָמבין איז דאָס הויז זיינס געוואָרן אַ בית ועד לחכמים. אַ ייד אַ בן תורה האָט ער פאַרמאָגט אין זיך אַ גרויסע מאָס איידלקייט. ער האָט באַווירקט די צוהערער מיט זיין לאָגיק און הומאָר. ער איז געווען אַליין אַ משכיל און האָט געשטאַמט פון אַ גזע משכילים, פון רבנים מזרחים און חובבי ציון. זיין זיידע, דער באַוואוסטער ליפּינער רב, י. ש. שוואַרצבערג, זצ״ל, איז נאָך אין די לעצטע יאָרן פון פאַרגאַנגענעם יאָרהונדערט געווען אַן אַקטיווער מזרחי. דאָס זעלבע קאָן אויך געזאָגט ווערן וועגן זיין פעטער ש. ב. שוואַרצבערג, דער שפּעטערדיקער רעדאַקטאָר פון „נר המרכזי״ אין ניו יאָרק. דאָס זיינען געווען די גייסטיקע אוצרות, וועלכע מרדכי שוואַרצבערג האָט מיטגעבראַכט קיין גאָמבין.

דער שטענדיק־גוטמוטיקער שכן זייערער, משה גליקזעליקער, אַ האָרעפּאַשנער

ייד מיט אײדעלע מידות, אַ ייד, וועלכער איז תמיד געווען נייגעריק צו האָבן אַ וואָרט תורה — ציוניסטישע, חסידישע אָדער סאָציאַליסטישע — האָט זיך פּלוצים, אין זײַן שכנס הויז, באַגעגנט מיט מענטשן, מיט וועלכע ער האָט זיך געקאָנט גײַסטיק און חבריש אויסלעבן.

צו דער חברותא האָט אויך געהערט דער ייִנגערער פון זיי, אַברהמעלע זאַמושץ, וועלכער איז געווען אַן אָפטער אַרײַנגייער אין שוואַרצבערגס געוועלב. ער איז גוט געווען באַהאַוונט אין דער העברעאישער ליטעראַטור און פלעגט פאַר די אַנדערע אויסטייטשן די נביאים, אַ. מאַפּו, אחד העם, ביאַליק, און, פאַרשטייט זיך, דעם באַשאַפער פון ציוניזם, ד״ר הערצל.

די צייטונגען, וועלכע שוואַרצבערג האָט אַבאָנירט, בפרט די הצפירה, זײַנען געווען אַ קוואַל פון תורה פאַר די צוהערער. אין דער צייט, ווען דער באַלעבאָס איז געווען פאַרנומען און זיך געמוזט באַשעפטיקן מיט אַ קונה, דעמאָלט האָט זאַמושץ איבערגענומען. ער האָט פאַרטייטשט די קלוגע, אייגנאַרטיקע פעליעטאָנען, מיט וועלכע די „הצפירה״ איז געווען אָנגעפּיקעוועט; נחום סאָקאָלאָווס אַרטיקלען און די באַוואוסטע „אור היות פורחות״ פון דוד פרישמאַן, וועלכע האָבן געשפּרודלט מיט אַ רחבותדיקן העברעאיש. זאַמושץ האָט זיך געפילט ווי אַ פיש אין וואַסער, ווען ער האָט פאַרטייטשט און אויסגעטייטשט פאַרן עולם די דאָזיקע אַרטיקלען מיט זײַן צוגאַנג.

צו יענער ערשטער גרופּע ציונים האָט באַלאַנגט מלך טאָדעליס, אָדער ווי מ׳האָט אים גערופן: מלך, יאַנקעלע מלך׳ס — צו מאַכן זיכער, אַז ער איז נישט דער אַנדערער מלך טאָדעליס, וועלכער איז געווען פון דער בונדישער באַוועגונג.

מלכן, מיט זײַן שיינער געשטאַלט און הילוך, האָט מען געקענט רופן בן־מלך. ער איז געווען באַליבט ביי אַלעמען — תמיד גוטמוטיק און מיט אַ שמייכל, ער איז קיינמאָל נישט געווען אין דער אָפּאָזיציע. ווען מ׳האָט דערמאָנט ארץ־ישראל, האָט ער גלייך אָנגעהויבן צו זוכן אין דער מאַפּע, וועלכע ער האָט שטענדיק מיט זיך געטראָגן, כדי צו געפינען דאָס „פּינטעלע״.

אויך זײַן ברודער אַברהמעלע טאָדעליס איז געוואָרן צוגעצויגן צו דער באַוועגונג, און געהאָלפן מיט אַלץ וואָס ער האָט געקענט. ביידע ברידער, — הויך, שיין, מיט שוואַרצע האָר — האָבן אויסגעזען ווי אמתע „בני־מלכים״...

צו דעם געזעמל פון פריינד האָט געפלעגט אַרײַנקומען דער תלמודיסט און שאַרפער קאָפּ, תאמל מענכע, דער זון פונם חסיד יוסף מענכע. ער האָט זיך דאָ געפונען ווי אין דער היים צווישן אַנשי שלומנו, אָבער ער האָט געהאַט זײַן אייגענעם דרך וועגן דעם ציוניסטישן אידעאַל, און נישט געהאַט אין זיך דעם דראַנג צו ווערן מיטגעריסן מיטן שטראָם. ער האָט געהאַט הנאה תמיד אַרײַנצוּוואַרפן אַ ציטאַט פון דער גמרא, ש״ס, פּוסקים און שטענדיק געהאַט גרייט אַ פּאַסיקן פּסוק וועגן יעדן ענין וואָס מ׳האָט באַהאַנדלט. ער איז געווען אַ סימפּאַטיקער פון דער ציוניסטישער באַוועגונג, אָבער ער איז נישט געווען אַקטיוו אין דער אָרגאַניזאַציע־אַרבעט. אויף אַלע פאָרשלאַגן האָט ער געהאַט איין ענטפער: מ׳עט זען...

ביי מרדכי שוואַרצבערגן אין הויז, האָט דער עולם באַשלאָסן צו רופן אַן אַסיפה פון אַלע סימפּאַטיקער, כדי צו אָרגאַניזירן אַ ציוניסטישן קרייז. מ׳דאַרף האָבן אין זינען, אַז דאַן האָט מען זיך געמוזט שטאַרק היטן פאַר אַ בייז אויג״...

איינמאָל, אַ שבת־צו־נאַכטס, איז זיך צונויפגעקומען ביי שוואַרצבערגן אַ גרעסערע צאָל פריינט, און נאָך לאַנגע וויכּוחים האָט מען באַשלאָסן, אַז מען זאָל דאַוונען שבתים ביי משה גליקזעליגער. עס זאָל הייסן, אַז מיר זײַנען אַ חברה בני ציון (נישט אָפיציעל נאָמען) און אויף אַזאַ אופן קענען אָנגיין מיט אַקטיוויטעטן, כדי נישט אויפצורייסן די אויגן. אַז מיר זײַנען אַ פּאָליטישע פאַרטיי אָדער אָרגאַניזאַציע. מיט דעם האָט זיך אָנגעהויבן אַ נייע תקופה אין ציונות אין גאָמבין.

מיטן פאַרגרעסערן זיך פון דער אָרגאַניזאַציע, דורך צוקריגן נייע מיטגלידער, איז אַרויפגעשוואומען די פראַגע וועגן אַ דירה. מ'האָט אומלעגאַל פאַרקויפט שקלים, פאַרטיילט פושקעס, געזאַמלט אויף שמחות און פאַרשפרייט די העברעאיש זשורנאַלן.

אָבער אַזוי ווי קיין דירה איז נאָך דאַן נישט געווען בנמצא, האָט מען אויסגענוצט די דירות פון שוואַרצבערג און גליקזעליגער, וועלכע זיינען געווען ווי אַלע דירות אויפן מאַרק: אין פראָנט דאָס געוועלב און הינטערשטן טייל די וואוינונג. ווי אַזוי מיר אַלע האָבן זיך דאָרט „פאַמיעשטשעט" קען איך מיר עד היום נישט פאָרשטעלן. די ליבע און איידעלע פרוי פון משה גליקזעליגער האָט שוין געזאָרגט, אַז עס זאָלן זיין פאַר אַלעמען שטולן, אָדער סתם אַן אָרט זיך צוצוזעצן.

קיין ספּעציעלן בעל־תפילה האָט נאָך דאָס ציוניסטישע שטיבל דאַן נישט געהאַט. יעדער איינער האָט געקענט „שטיין ביים עמוד". אָבער ס'האָבן זיך פאָרט אויסגעצייכנט איניקע, וועלכע האָבן געהאַט די זכיה צו אַזאַ כבוד. אָפטמאָל איז עס טאַקע געווען עליע בראון אָדער מיין פאָטער.

די אַנטוויקלונג פון דער ציוניסטישער באַוועגונג אין גאָמבין איז געגאַנגען מיט אַ שנעלן טעמפּאָ, בפרט ווען ס'איז געקומען צו די וואַלן פאַר אַ רב אין גאָמבין אין יאָר 1911. די קליינע גרופּע, מיט מרדכי שוואַרצבערגן בראש, האָט אָרום זיך געשאַפן אַ שטאַב מיט אָנהענגער צו אַרבעטן און קריגן די גרעסטע צאָל שטימען ווי מעגלעך פאַר הרב יהודה ליב זלאָטניק, וועלכן די חסידים האָבן נישט געוואָלט צולאָזן אַלס רב פון גאָמבין.

שוואַרצבערגס דירה איז פאַוואַנדלט געוואָרן אין אַ „גענעראַל־שטאַב". דאָרט זיינען צוגעגרייט געוואָרן די דעבאַטן צו די קומענדיקע וואַלן. אַפילו דער שווער פון הרב זלאָטניק, מ. קאַלישער פון פּלאָצק, האָט געהאַט זיין אַכסניה ביי שוואַרצבערגן אין הויז, אין דער צייט פון די וואַלן. עס איז געווען דעם שווערס חלום, אַז זיין איידעם זאָל קריגן די ערשטע כסא רבנות אין אַזאַ היפּש פאַרגעשריטענער שטאָט ווי גאָמבין.

דער קאַמף איז געוואונען געוואָרן און הרב י. ל. זלאָטניק איז געוואָרן רב פון גאָמבין. ס'איז געווען אַ שיינער, וואַרעמער זומער־טאָג, ווען די פני העיר, מיט די ציונים בראש, זיינען אים אַנטקעגנגעפאָרן אַ פאַר ווייאָרסט אויפן פּלאָצקער שאָסיי, מקבל פנים צו זיין הרב זלאָטניק. צווישן די מיוחסים זיינען שוין געווען: מיין פאָטער, מרדכי שוואַרצבערג, יצחק וואָלפאָוויטש, ישראל ראָזען, הענעך זשורקאָווסקי, אַברהם פּלאָנסקי, אַברהם פריד, שמואל ליב וואָלמאַן, נח טייפעלד, און צווישן זיי די יינגסטע — לייבל דראַכמאַן און איך, וועלכער בין קוים געווען בר־מצוה, אָבער שוין אַנגעזאַפּט מיט דעם גאולה־אידעאַל.

ביז 1911 האָבן די ציוניסטן נישט געהאַט קיין מעגלעכקייט צו פּראַווען אַ שמחה אויף אַ גרעסערן מאַסשטאַב. ראשית, האָבן מיר נישט געהאַט קיין זאַל, אָדער אַ גרויסע דירה, ווייל צו אונדזער קרייז האָבן נישט באַלאַנגט די גבירים; והשנית, וואָלט דאָס צוגעצויגן די אויפמערקזאַמקייט פון אַ „פּרעמד" אויג...

איך האָב דאַן פאַרגעשלאָגן מיינע עלטערן, אַז אין אונדזער הויז זאָל מען פּראַווען דעם נאָענטסטן חנוכה־אָוונט. כ'האָב נישט געדאַרפט לאַנג וואַרטן אויף אַ תשובה. כהרף עין האָט מיין פאָטער געזאָגט: אַדרבא, מיטן שענסטן כבוד!...

ווען איך האָב די בשורה אַנגעזאָגט דעם וועד, איז געוואָרן אַ קאָכעניש און אַ גערודער: ס'טייטש, ווי אַזוי קען מען פאַרלאַנגען פון ראובן פּאָטשעכאָ אַזאַ „ברייטקייט"? ער איז דאָך דער באַוואוסטער רוסישער פּאָדריאַטשיק, וועמען מיר טאָרן חלילה נישט גורם זיין קיין צער... אָבער מיין פאָטער האָט אויף דעם געענטפערט: מאַכט זיך גרייט פאַר אַ חנוכה־אָוונט, און זאָל דער ערשטער ציוניסטישער יום־טוב זיין ביי אונדז אין הויז!

דער פייערלעכער אָוונט האָט זיך געעפנט מיט „התקוה", שוואַרצבערג האָט גע־

האַלטן אַ רעפּעראַט, און ס'האָבן זיך געהערט לידער: ירושלים, ציון־ציון מיין הייליק לאַנד; שבתדיקע און יום־טובדיקע לידער: וואָלף און חנהלע גרין האָבן געזונגען דועטן און דער עולם האָט זיי באַשאָנקען מיט היל־כיקע אַפּלאָדעסמענטן.

צווישן דער יונגוואַרג אין זאַל געדענק איך די פאָלגנדע, וועלכע האָבן שוין דאַן באַ־לאַנגט צום ציוניסטישן קרייז, אָדער סימ־פּאַטיזירט מיט דער באַוועגונג: אַהרן ווייפע, לייבוש דעם שוחטס טאָכטער צביה, אַבא וואַלמאַן, זיגמונד שטאָלצמאַן, אידל טיבער, יצחק פליישמאַן. איך געדענק, אַז ווען דער פּראָגראַם איז שוין געווען אין גאַנג, האָט זיך באַוויזן שמואל ליב וואַלמאַן. ער איז אויפגענומען געוואָרן מיט אַ בראַוואָ־פּאַט־שעריי. כאָטש ער האָט נישט באַלאַנגט צום ברייטן קרייז, האָט ער אָבער געהאַט דורך־אױך פאַר אַלץ וואָס איז פּראָגרעס און קול־טור.

דער יום־טוב איז אַוועק און סע האָבן זיך אָנגעהויבן די וואָכעדיקע טעג. איך פּערזענלעך האָב קיין סך זיך נישט געקענט אָפּגעבן מיט די טעטיקייטן פון אינדזער אָרגאַניזאַציע, ווייל איך בין צוריקגעגאַנגען צו מיין שטודיום. אָבער דאָך האָב איך גע־האָלפן מיט אַלץ וואָס כ'בין געווען אימ־שטאַנד צו טאָן.

די ציוניסטיש אָרגאַניזאַציע האָט זיך אָנגעהויבן אינטערעסירן אין אַנדערע אַנ־שטאַלטן און גענומען אַן אָנטייל אין טעטי־קייטן לטובת דעם נאַציאָנאַל־ציוניסטישן עלעמענט.

צווישן אַנדערע האָט זיך שטאַרק אַנט־וויקלט די שפּאָר־און לייַ־קאַסע, וועלכע איז געוואָרן אַ פאָלקס־אינסטיטוציע. שוואַרצ־בערג האָט איבערגענומען די בוכהאַלטעריע פון דער קאַסע און איך בין געוואָרן זיין געהילף. די קאַסע וועלכע איז געוואָרן אַן אָרגאַנישער טייל פון דער יידישער באַ־פעלקערונג אין גאָמבין, איז געווען אַ דע־מאָקראַטישע אינסטיטוציע, צו וועלכער עס האָבן באַלאַנגט אַלע קלאַסן: בעלי מלאָכות, סוחרים, האַנטוערקער א. אַ.

אין מיין זכרון זיינען פאַרבליבן די זי־צונגען פון דער פאַרוואַלטונג, וואו יעדער פון די מיטגלידער האָט רעאַגירט אויף זיין שטייגער, ווען מ'האָט פאַרהאַנדלט איין מאָל



**אַקטיווע טוער פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע**

אויבערשטע שורה: פון רעכטס צו לינקס: יעקב גאזאלקא (דער לערער), אַברהם זאַמאָשטש, שרה יעשענאָוויטש, אלימלך טאַדעליס, לאַנדינסקי (לערער) רבקה־לאה אָפּאַטאָווסקי. די צווייטע שורה: אַברהם פראַוודאָ, מאָטקע חאַייעק, חיה ליבע קאראסעק, רבקה פרענקעל, יחיאל חאייעק.

אַ וואָך די הלוואות. איך געדענק, למשל, דעם אידעלן פּיוועלע באַרנשטיין (דעם שניידער), ווי יעדעס מאָל, ווען עס איז אָנגענומען געוואָרן זיינער אַ פֿאָרשלאָג צו פֿאַרגרעסערן די הלוואה, בפרט צו אַ סאָ־דאָווניק, האָבן זיינע אויגן אויפגעלויכטן מיט פרייד.

אַ דאַנק מיין אַרבעט אין דער קאַסע האָב איך געקענט פּערזענלעך כמעט יעדן איינעם, וועלכער האָט געהאַט עסקים אין דער קאַסע, און געוואוסט אַלע זייערעליידן און פריידן. מיט דעם אויסנאַם פון אפשר 50 משפּחות, האָבן אַלע געגאָסן פון דער קאַסע: געזאַמלט אָדער געבאָרגט געלט.

דער מיטגליד פון דער פאַרוואַלטונג, אַברהם וואָלפאָוויטש, האָט דורך זיין באַ־קאַנטשאַפט און איינפלוס צוגעצויגן אַ גע־ווויסע צאָל רייכע דייטשן פון דער אומגעגנט, וועלכע האָבן אַריינגעלייגט אין דער קאַסע גרויסע סומען געלט, פון טויזנט רובל און מערער. דאָס איז געווען גאָר אַ גרויס געווינס און האָט געהאָלפן אַנטוויקלען די שפּאָר־און ליי־קאַסע. כאָטש ס'האָט עקסיס־טירט אין גאָמבין אַ פּוילישע שפּאָר־און ליי־קאַסע (זיי האָבן זיך גערופן „די ערשטע" און אונדזערע — „די צווייטע" גאָמבינער שפּאָר־און ליי־קאַסע. כאָטש ס'האָט עקזיס־געהאַט גאָר אַ סך צוטרוי צו דער יידישער.

די קאַסע איז באַשטאַנען פון אַ פאַר־וואַלטונג, אַ ראַט און אַ רעוויזיאָנס־קאָמיטעט. די פירער און עסקנים פון דער קאַסע זיינען געווען איבערגעגעבן צו דער אינסטיטוציע בלב ונפש און דורך דעם פיל בייגעטראָגן צום לעבן פון דער יידישער באַפעלקערונג אין גאָמבין.



**זליג אטינגער** (קיבוץ עברון, ישראל)

# חלוצים

אַ שטעטל — טויזנטער אַזעלכענע קאַנסטו טרעפן. דאָרט איז געוועזן מיין קינדהייט מיין יוגנט... מיין שטעטל גאַמבין. איך זע דיך יעצט אַזוי ווי אַרויס פון אַ בילד פון מאַרק שאַגאַל. קרומע הייזער, בלויע — גרויע מיט דעם אַלטן בית־עולם.

אין דער לופט שוועבט איר, גרינע, ברוינע יידן.

אָרעמקייט, אַ לעבן אָן תכלית, אָן צוקונפט. מיר פילן ווי דאָס לעבן ווערט פון טאָג צו טאָג שווערער, ענגער. זיינען מיר געגאַנגען אין די שיינע גאַמבינער וועלדער. אייניקע מיט גלויבן אין מענטש אין קאָלעקטיוו. אונטער דעם אָרעם האָבן מיר געשלעפט די „פלאַמען" פון בזשאָזאָווסקי. מיר האָבן געזעען פאַר זיך מענטשן וואָס זיינען געגאַנגען אין פאָלק און האָבן זיך נישט געשראָקן פאַר ליידן און קרבנות. מיר האָבן געלערנט דעם באַראָכאָוויזם, מאַרקסיזם און הערצל, וואָס האָבן אונדז געלערנט פאַרשטיין די יידישע ווירקלעכקייט. צו גיין אין פאָלק און צו רופן: „קומו ונעלה ציון".

אַזוי האָבן מיר זיך אָרגאַניזירט אין „השומר הצעיר" „החלוץ" אין דער יוגנט באַוועגונג. מיר האָבן געזוכט אַנדערש זיך אויסצולעבן, צו געפינען אַ נייעם גייסטיקן אינהאַלט זיך אַרויסצורייסן צו אַן אַנדער לעבן. מיר האָבן געלערנט און געאַרבעט ביי דעם נאַפּט לעמפל ביז שפּעט אין דער נאַכט צו באַקומען אַ בעסערע אַנונג וועגן דער וועלט.

פיל זיינען געגאַנגען נאָך דער רעוואָלוציאָנעלע פּראָזעלאָגיע פון די קאָמוניסטן, פיל נאָך דעם ברענעדיקן פּאַטאָס פון „בונד".

מיר האָבן געלייענט און געזויגן פון דעם רענעסאַנס פון די יידישע קולטור, פון פּרץ, פון מענדעלע, פון ביאַליק און דאָרט האָבן מיר געפונען דעם וועג צו ציוניסטישער טעטיקייט, און שפּעטער צו ארץ ישראל.

אין די אָוונטן זיינען מיר געגאַנגען אויף די טראָטואַרן אַרום דעם מאַרק אַרום דער פּלומפּ. פון איין זייט די רעמיזע, דער מאַגיסטראַט, און דער קאָשצאָל, און דער גרויסער זייגער ביי שפּיעוואַקן. די פענצטער, קראָמען, געוועלבער. אַראָפּ אַ ביסל ווייטער — די שיינע האַלצערנע שול, דער פּראַכט און גאַווה פון אונדזער שטעטל. דער בית המדרש, בית המרחץ, די שול־גאַס.

יום־טובים אין שטעטל. דער יום־כיפור— כל נדרי; „היום הרת עולם", די מיסטישיקייט, עס ציטערט דאָס געוויסן פון דער וועלט. פּסח, דער שיינער יום טוב, פול מיט טראַדיציע — די שיינע ניגונים, געמישט מיט רעוואָלוציאָנערע האַרציקע פאָלקס מעלאָדיעס, צי חלוצישע לידער. יציאת מצרים — „מעבדות לחרות" און די גרעסטע ברכה „לשנה הבאה בירושלים".

אַ חתונה אין שטעטל. אַ שמחה מיט מוזיק. עס איז פריילעך, מען טאַנצט און מען וויינט פון פרייד. מען זאָל זוכה זיין צו האָבן נחת פון קינדער... אַ לוויה. אַ געוויין, אַ געיאָמער. די לאַנגע שוואַרצע דעפּילאַדע צום בית־עולם. דער רבי קומט אין שטעטל! אין די גאַסן טאַנצט מען מיט אַ ספר תורה. זומער, — לעטניקעס, פריידן און ליידן, — אַלט יונג, ליכט און שאָטן. סוחרים, בעל מלאכות, וואַרשטאַטן, ביבליאָ־

טעקן, אָרגאַניזאַציעס. ספּאָרט, פוטבאָל, דראַ־מאַטישע קרייזן „אַזעף“ ווער קען אייך אַלע דערמאָנען...

אָבער דאָרטן ווייט ביים וואַלד, אין די שומרישע „איזבע“ — דאָרט זיינען געוועזן די גרויסע אָוונטן, פיל מיט אינהאַלט, מיט יוגנט לערע טרוימען, אויך אָוונטן פון באַנ־קעטן ווען מיר האָבן באַגלייט חברים חלו־צים עולה צו זיין, און היינט זיינען זיי אין ישראל לעבן דאָ דאָס לעבן, די וועלכן זיי האָבן געשטרעבט, אַ לעבן וואָס איז פריי און שטאָלץ.

די פּאָר ווערטער, ווי אַ פּאָר בלומען, באַגאָסן מיט טרערן, אויף די מצבה פון מיין שטעטל, פאַר מיינע טייערע און נאָענסטע...



די אָרגאַניזאַציע פון החלוץ

אברהם אטינגר (כפר מנחם, ישראל)

# השומר הצעיר

אין 1923 האָבן זיך אָנגעהויבן פאָרמירן די ערשטע גרופּן פון השומר־הצעיר. ס׳רוב זיינען דאָס געווען יינגלעך וואָס האָבן געלערנט אין די „תרבות" שולע און מיידלעך פון די יידישע פאָלקס שולע.



**אַ סעמינאַר־גרופּע פון שומר הצעיר**
שטייענדיק פון רעכטס: פּ. סאָכאַטשעווסקי, י. ליזאַק, ח. זשאַלנאַ. קניענדיק: ב. בער, א. עטינגער. זיצנדיק: מ. גליקזעליגער, ח. זיידעמאַן, מ. סטופּאַי, ח. קערבער.

טראָץ דעם וואָס ביי די ציוניסטישע אָר־גאַניזאַציע זיינען אויך געווען יוגנטלעכע וואָס האָבן געפירט אַ קולטורעלע און גע־זעלשאַפטלעכע אַרבעט, האָט דאָס אונדז נישט באַפרידיקט און מיר האָבן געזוכט אַ אַנ־דערע פאָרם פון טעטיקייט.

נישט וויסנדיק אַ סך וועגן די אידעָ־אָלאָגיע פון השומר־הצעיר האָט אונדז אָבער געצויגן צו זיין זעלבסשטענדיק, נאָך מער האָט אונדז אימפּאָנירט די סקאַוטישע פאָרם פון דער נייער באַוועגונג.

אַ גרויסע השפעה האָט געהאַט, צו ערשט די נאָענטע פלאַצקער אָרגאַניזאַציע און שפּעטער די זשיכלינער מיט וועמען מיר זיינען געקומען אין קאָנטאַקט דורך געגנזייטיקע באַזוכן.

דער אָנהייב איז געווען קבוצות וועלכע האָבן געלייענט דעם „יזכור־בוך" צום אָנ־דענק די געפאַלענע שומרים אין א״י, שמועסן, יידישע היסטאָרישע אדג״ל, דאָס וויכטיקסטע זיינען געווען די סקאַוטישע איבונגען און שפּיל און אַ סך געזאַנג.

כ׳דערמאָן זיך דעם ערשטן אויפטריט פון די נייע אָרגאַניזאַציע, מיט די פאָר־שטעלונג „צו דעם ווייטן לאַנד" פון יעקב פאַט, אין די צייט האָבן מיר זיך פאַר־בונדן מיט דער צענטראַלע פון „השומר־הצעיר (ההנהגה־הראשית).

אין 1925 האָבן מיר זיך פאַראייניקט מיט דער אָרגאַניזאַציע השומר־טרומפלדור וועלכע האָט עקזיסטירט אין גאָמבין. דאָס זיינען געווען נאָר יינגלעך. דער קן איז גע־וואַקסן, און מען האָט אָרגאַניזירט יינגערע שיכטן לויט דעם מוסטער פון אַנדערע קנים.

איינס פון די שוועריקייטן וואָס האָבן געשטערט די נאָרמאַלע ענטוויקלונג, איז געווען די פראַגע פון אַ לאָקאַל, אַ „איזבע", זומער צייט האָט דאָס נישט געשטערט. גאָמבין איז געבענטשט מיט וועלדער און די טעטיקייט פון קן האָט זיך געפירט אויף דער „שויס פון די נאַטור". ווינטער איז געווען שווערער, צו דינגען אַ לאָקאַל האָט געפעלט געלט און אויך אַ רעגירונגס דערלויבעניש. כ׳דערמאָן זיך די ערשטע „איזבע" ביי דעם דייטשן צעמענטאַזש נאָענט צום וואַלד. מיט

טרויער פון נאָסטאַלגיע דערמאָן איך מיך אין די הייסע דיסקוסיעס וועגן פאָלק און גאולה, וועגן פּראָבלעמען פון די גרויסע וועלט, וועגן רעכט און אומרעכט, און דאָס אַלץ האָט זיך געענדיקט מיט פייערדיקע האָראַס און מיט געזאַנג פון יונגע שומרים און שומרות.

דער רוב מנין פון קן איז געווען אַרבעטער יוגנט. דער דאָרשט צום וויסן איז געווען גרויס. און נישט בלויז סקאַוטישע שפּילן האָבן אונדז באַשעפטיקט. ברייט איז געווען די זעלבסבילדונג טעטיקייט, סיי אין גרופּן און נאָך מער אינדיווידועלע לערע, אין פּראָסטיקע ווינטער נעכט ביי אַ נאַפט לעמפּל, אָדער אין פאַרטאָגיקע זומער שעהן, פלעגן אַ סך, אַ סך לערנען און לייענען. עס האָבן אונדז אינטערעסירט ענינים פון באַציאונגען צווישן מענטשן, די פראַגן פון יידישן פאָלק און פון ייד אַלס פּרט, די לאַגע פון יידישן אַרבעטער אין צוזאַמענהאַנג מיט די פּראָבלעמען פון אַרבעטער קלאַס אין דער גאָרער וועלט. און דער עיקר — דער טרוים פון אַ קאָלעקטיוון לעבן אין קבוץ אין ארץ־ישראל.

די אַמביציע פון די גרינדער פון קן איז געוואַקסן און מען האָט זיך אָנגעהויבן גרייטן צו עליה. דער ערשטער עטאַפּ איז געווען די הכשרה. די ערשטע גרופּע איז אַרויס נאָך דאָמבראָוויצע און צוריקקומענדיק האָבן זיי מיטגעבראַכט נייע ווערטן, געוואוינהייטן און וויסן וועלכע האָבן געדינט ווי אַ מוסטער פאַר די יונגע שומרים.

זומער האָט מען איינגעאָרדנט קאָלאָניעס. מען איז אַרויס פון די דושנע קליינע הייזקעס און געלעבט צוויי וואָכן אין וועלדער, אָדער ביים ברעג פון דער ווייסל. די טעג און נעכט זיינען פול געווען מיט געזאַנג מיט סקאַוטישע איבונגען און שפּילן. דאָס אַלץ אָנגעפירט דורך די יוגנטלעכע אַליין. אַ גאַנץ יאָר האָט מען זיך געגרייט מען האָט איינגעאָרדנט זאַמלונגען, בלימל־טעג אימפּרעזעס, ווייל דאָס וויכטיקסטע איז געווען די פראַגע פון „בודזשעט“, אָבער סוף כל סוף זיינען אַלע געפאָרן. טראָץ דעם וואָס טאַטע מאַמע האָט נישט איינמאָל געשטערט מורא האָבנדיק, אַז עס זאָל נישט וואָס פּאַסירן מיט די קינדער.

אַ גרויסער טאָג אין שטעטל איז געווען דער צוריקקער פון דער קאָלאָניע. דער



**אַ גרופּע שומר הצעיר**

ערשטע ריי פון רעכטס: מ. זיידעמאַן, פ. ביבערגאַל, וואָידעסלאַווסקי. צווייטע ריי: מאַקאָווער, ג. געלבאַרט (זיידעמאַן), פ. באָל, ד. טיבער. שטייען: ע. זיידעמאַן, ג. רוסאַק (פון פלאָצק), מ. געלבאַרס.

מאַרש איבער די גאַסן, פריש און אָפּגעברענט פון דער זומער זון, האָבן פּאַראַדירט די קליינע און גרויסע שומרים.

די לאַגע אין שטעטל איז נישט געווען פייגלדיק, דער מצב פון פּוילישן יודנטום אין די צייט, איז געווען שווער און האָפנונגסלאָז, אָבער אין דער „איזבא“ (לאָקאַל) האָט געאָטעמט מיט יוגנטלעכע באַגייסטערונג מיט שפּילן און געזאַנג. מען האָט איינגעאָרדנט ליטעראַרישע שמועסן, אידעאָלאָגישע דיסקוסיעס, פּערוויילונגען, זומער־אויספלוגן אין די גאָמבינער וועלדער און שפּאַצירן צווישן ווייס שניי באַדעקטע סאָסנעס אין ווינטער.

מיט דעם וואוקס פון די השומר־הצעיר באַוועגונג אין גאָמבין, איז אויך געוואַקסן די ציוניסטישע טעטיקייט פון אירע מיט־

גלידער, מיר זיינען געווען טעטיק אין קרן־קיימת, החלוץ, ליגע פאַר אַרבעטנדע א״י אדג״ל.

אין 1929, זיינען נייע גרופּן אַוועק אויף הכשרה. די יינגערע האָבן איבערגענומען די לייטונג פון קן, פול מיט גלייבן און



אַ גרופּע פון השומר הצעיר

איבערגעבענהייט. מנהלים (אינסטרוקטאָרן) וואָס האָבן געלערנט די פּראָבלעמען פון יוגנט ערציאונג זעצן פאָר די טעטיקייט פון די עלטערע מנהלים.

די ערשטע עולם־גרופּע איז עולה קיין ארץ ישראל, אין האַרבסט 1930. צוליב דעם מאַנגל אין סערטיפיקאַטן האָט בלויז עולה געווען אַ באַגרענצטע צאָל.

דער קן האָט זיך דערווייל נאָך מען צע־וואַקסן, די קליינע כפירים זיינען געוואָרן קשישים. און אין די אַסיפות פון קן האָבן אָנטייל גענומען לאַנגע רייען, אויסגעשטעלט לויט די גדודים און קבוצות מיט די פיל־פאַרביקע פענדלעך, אָנגעטאָן אין שומרישע אוניפאָרם, זינגענדיק דעם הימן פון די באַ־וועגונג „תחזקנה״, „ואנו עולים״, איז גע־וואַקסן דער גלויבן אַז אַלע וועלן דערגרייכן דעם אויסגעטרוימטן אידעאַל.

ביז דער וועלט מלחמה זיינען פיל עולה געווען. אָבער נאָך מער זיינען געבליבן און האָבן דורכגעמאַכט דעם מאַרטירער וועג פון לייד און פּיין, און האָבן נישט זוכה געווען צו פאַרווירקלעכן זייער לעבנס אידעאַל.

איר קאָנט איצט געפינען גאָמבינער שומ־רים אין פאַרשיידענע קבוצים, שטעט און דערפער אין ישראל. ווי אַ סך פאַרשפּרייטע איבער לענדער. אָבער אַלע טראָגן אַ גע־דעכטניש פון גאָמבינער קן, דעם זכרון פון אונדזערע שענסטע יוגנט יאָרן.

כפר מנחם, ערה״ש תש״ז.

**בעלאַ טיבער־ציפּריס** (ישראל)

# איך פאָר פון גאָמבין קיין ישראל

נאָך דריי יאָר הכשרה, איז סוף כל סוף געקומען די צייט צו פאַרלאָזן פוילן, צו רעאַליזירן מיינע טרוימען פון פיל יאָרן.

דעם 26סטן יולי 1939, האָב איך פאַרלאָזט דאָס הויז פון מיינע עלטערן אין מיין שטעטעלע.

דעם זעלבן טאָג בין איך זייער פרי אַרויס אויפן באַלקאָן פון אונדזער וואוינונג און זיך אַרומגעקוקט אַרום מיין הויז און געוואָלט נאָך דאָס לעצטע מאָל זען אַלץ וואָס איז מיר אַזוי נאָענט און טייער געווען.

עס איז געווען אַ הערלעכער זומער פרימאָרגן. די זון איז שוין הויך אויפגעגאַנגען און אירע גאָלדענע שטראַלן האָבן זיך צוגאָסן אויף דער אַלטער וואונדערבאַרער גאָמבינער שול, וועלכע איז שוין עטלעכע הונדערט יאָר אַלט געווען. אַרום דער שול איז געווען אַ צוים מיט פיל־פאַרביקע זומער־בלומען. דאָרטן, אין דעם מקום הקודש, האָבן פיל דורות פון אונדזער משפחה, טאָג טעגלעך מתפלל געווען. אויך מיר די יונגע חברה האָבן מיט פאַרגעניגן זיך אַריינגעכאַפּט צו הערן דעם חזן כל נדרי, שופר בלאָזן און הקפות. די שול איז געווען דער שטאָלץ פון דער גאָמבינער יידישער קהילה.

מיין פאָטער און שוועסטערן רופן מיך: „עס ווערט שפּעט, דו וועסט פאַרשפּעטיקן!״ איך נעם אַרום מיט מיינע אַלע חושים די היים אין וועלכע איך האָב זיך דערצויגן און די שטאָט וואָס איז געווען אַזוי גאַסטפריינטלעך אין האָט געשמט פון איר הכנסת־אורחים.

איך פאַרלאָז מיין אַלטע היים....

אַרומגערינגלט מיט דער גאַנצער משפּחה, חברים אין שכנים, דערנעטערן מיר זיך צום מאַרק. היינט פאַרלאָזן מיר גאָמבין, אַ גרופּע חלוצים, אויף דעם וועג נאָך ארץ־ישראל. אַרום דעם מאַרק האָט זיך פאַרזאַמלט אַ גרויסער עולם, אונדזערע פאַמיליעס, חברים, פריינט יוגנט, און עלטערע יידן אין די לאַנגע קאַפּאָטעס מיט די טליתים, נאָך די פרימאָרגן תפילות. — „וואו פאָרט איר קינדער?״ פרעגן זיי אונדז. — „נאָך ארץ־ישראל״ ענטפערן מיר. ״פאָרט געזונטערהייט און זייט מצליח! גריסט אונדזער הייליק לאַנד און די הייליקע שטאָט ירושלים״...

מען געזעגנט זיך... איינער קען זיך פון דעם אַנדערן נישט אָפּרייסן... אַלע האָבן טרערן אין די אויגן... דער אויטאָ רירט זיך שוין, מיר פאַרלאָזן גאָמבין.

די לעצטע קושן און דריקן פון מיינע טייערסטע, ווער ווייסט צו מיר וועלן זיך נאָך זען...

די לעצטע ווערטער: „פאָרט געזונטערהייט! שרייבט! בלייבט געזונט!״...

איך וואַרף די לעצטע בליקן אויף אונדזער הויז, אויף די גאַסן, די פּלאָמפּ אין מיטן מאַרק, אויף אַלץ. מיר פאָרן.

דורך דעם פענצטער, מיט אויגן פול מיט טרערן זע איך צום לעצטן מאָל אונדזער שטעטל גאָמבין. די יידן אין די שוואַרצע היטלעך, די יידישע קינדער, די גאַסן אויף וועלכע איך קען יעדן שטיין. מיר פאָרן פאַרביי דעם מאַגיסטראַט, דעם קאָשציאָל, אָט פאָרן מיר שוין פאַרביי די יידישע שולע

אין וועלכער איך האָב מיין בילדונג באַקו־מען. ס׳דאַכט זיך מיר, אַז איך הער דעם גלאָק אויף די לעקציעס, איך הער דאָס שרייען און לאַכן פון די יידישע קינדער און פון די האַרציקע לערערס־דערציער...



אַברהמלע טיבער, געזעלשאַפטלעכער טוער און סעקרעטאַר פון גמילת חסדים קאַסע.

מיר פאָרן ווייטער, מיר זיינען איצט אין דער קריסטלעכער געגנט, די יידישע פרויען מיט די קרוגן מילך שיקן אונדז די לעצטע גרוסן: „גאָט מיט אייך, פאָרט געזונטערהייט!״ מיר פאָרן. איך זע נאָך דעם שפּיץ פון די קאָשציאָל״... און לאַנגזאַם, לאַנגזאַם פאַרלאָזן מיר אונדזער שטאָט גאָמ־בין. עס פאַרשווינדן די לעצטע קאָנטורן... גאָמבין איז פאַרשוואונדן... דאָס האַרץ איז פאַרקלעמט, די טרערן גיסן זיך פון מיינע אויגן, איך קען נישט אַרויסברענגען קיין וואָרט .

אין יענעם טאָג, האָב איך מיין אומ־פאַרגעסלעכע משפחה און אַלע, וואָס זיינען מיר טייער געווען צום לעצטן מאָל געזען.

סידניי גייער (שמחה חייא), דעטראָיט

# די יידישע ביבליאָטעק



סידניי גייער

אין אָנהייב פון איצטיקן יאָרהונדערט האָט אַ גרופּע בחורים און מיידלעך, וואָס האָבן באַלאַנגט צו דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג, געלייגט דעם פונדאַמענט פון אַ יידישער ביבליאָטעק. זיי האָבן גוט געוואוסט, אַז אין יענער צייט איז דאָס געווען אַ געוואַגטער שריט. זיי האָבן גוט געוואוסט, מיט וואָס פאַראַ שוועריקייטן דאָס וועט זיין פאַרבונדן — פּאָליטישער און מאַטעריעלער. אָבער זיי האָבן געוואָגט און זייער חלום איז מקוים געוואָרן.

זיי האָבן אָנגעהויבן צו זאַמלען ביכער, אָבער עס האָט זיך באַלד אַרויסגעוויזן, אַז דאָס איז נישט דאָס וויכטיקסטע; אַז ערשט איצט האָבן זיך אָנגעהויבן די פּראָבלעמען. און דאָס הויפּט־פּראָבלעם איז געווען: וואו האַלט מען די ביכער? און וואו נעמט מען געלט צו קויפן נייע? צום גליק האָבן די אידעע געשטיצט אַ פּאָר רייכערע זין און טעכטער. מען האָט אויך געשאַפן געלט אויף פאַרשיידענע אונטערנעמונגען און אַפּילו אַליין געטאָן שווערע אַרבעט, כדי דאָס געלט צו פאַדינען. עס זיינען געווען אַזעלכע, וואָס זיינען אַרומגעגאַנגען איבער די יידישע יאַטקעס און האָבן געזאַמלט ביינער. זיי האָבן די ביינער פאַרקויפט און פאַרן געלט געקויפט ביכער.

דאָס האָט אַזוי געדויערט אַ לענגערע צייט — אַ שיינע פּאָר יאָר. איצט איז געקומען די פראַגע — וואו היט מען אָפּ די ביכער? ווייל נישט אַלע עלטערן האָבן דערלויבט אַז זייערע קינדער זאָלן אַריינעמען די ביכער אין שטוב אַריין, ווייל אין יענער צייט זיינען פיל ביכער געווען טריפה־פּסול. מען האָט דעריבער די ביכער געמוזט איבערטראָגן פון איין אָרט אויף אַן אַנדערן, ווען עס איז געקומען די צייט פון דער ערשטער וועלט־מלחמה, ווען די דייטשן האָבן פאַרטריבן די רוסן און זיינען פאָרגעקומען אַ סך ענדערונגען. דאָס, וואָס מען האָט פריער נישט געטאָרט, האָט מען איצט געמעגט און עס איז געקומען די צייט, ווען מיר האָבן באַקומען אַ דערלויבניש צו עפענען אַ ביבליאָטעק אין גאָמבין.

די פראַגע איז איצט געווען — וואו און ווער?

אויף דער קוטנער גאַס האָט געוואוינט אַ שוסטער מיטן נאָמען הערשט מאַנטשיק, מען האָט אים גערופן דער „קוטנער שוסטער". עס איז אויך געווען אַ שניידער־וואַרשטאַט פון חיים לוריע בשותפות מיט

יוסף לאַסקי.ביידע האָבן געגעבן אַ דער־לויבעניש צו עפענען די ביבליאָטעק ביי זיי. איך אַליין האָב אין יענער צייט גע־אַרבעט אין שניידער־וואַרשטאַט און האָב דאָרט געלערנט די מלאָכה. איך האָב טאַקע



משה אורבאַך, „דעם רבינס אייניקל", סעקרעטאַר פון דער גראָסער־ביבליאָטעק און פון אַרבעטער־פאַראיין.

צוגעהאָלפן צו שלעפן די קאַסטנס מיט בי־כער און צו מאַכן פּאָליצעס.

אַ סך מיטגעהאָלפן האָט העניך גאָלד־שמידט, יצחק משה חייא, ש. אַדלער, טאַדע־ליס, ברכה וואָלמאַן, ש. סוכאַווועצקאַ און פיל אַנדערע, וועמענס נעמען איך געדענק שוין נישט.

די אַרבעט איז אָנגעגאַנגען מיט גרויס דערפאָלג. אין קורצן איז אָבער די צאָל לייענער אַזוי געוואַקסן, און די צוויי וואַר־שטאַטן זיינען געוואָרן צו קליין און מען האָט אָנגעהויבן צו טראַכטן וועגן אַ שענערן און גרעסערן פּלאַץ.

און אויך דער חלום איז מקוים גע־וואָרן אין אַ גרויסער קאַמעניצע פון דער שטאָט, אינמיטן מאַרק. דער לאָקאַל איז געווען ליכטיק און שיין. דאָס איז געווען נישט בלויז אַ ליי־ביבליאָטעק, עס איז דאָרט אויך געווען אַ זאַל צו לייענען ביכער, וואו מען האָט געקענט קומען און פילן זיך ווי ביי זיך אין דער היים.

אויף די ווענט זיינען אויפגעהאַנגען גע־וואָרן בילדער פון יידישע שרייבער און אַרום דעם גרויסן לאַנגן טיש זיינען שטענ־דיק געזעסן פיל מיטגלידער און געלייענט.

די צאָל ביכער האָט געהאַלטן אין איין וואַקסן. די ביבליאָטעק האָט אויך געפירט אַ געזעלשאַפטלעכע טעטיקייט, עס זיינען פאָרגעקומען פאָרלעזונגען און רעפעראַטן, עס זיינען איינגעאָרדנט געוואָרן קעסטל־אָוונטן. אַרום דער ביבליאָטעק האָט זיך גע־גרינדעט אַ דראַמאַטישער קרייז.

איך בין די גאַנצע צייט, ביז צו מיין אָפּפאָרן קיין אַמעריקע, געווען אַ מיטגליד און געהאָלפן מאַטעריאַל דעם וויכטיקן גאָמ־בינער קולטור־אינסטיטוציע.



פאַרוואַלטונג פון כאָר ביי דער גראָסער־ביבילאָטעק. שטייענדיק פון רעכטס : דיריגענט לייזער פינקעלשטיין.

שמחה חייא

# דער דראַמאַטישער קרייז

אין אָנהייב פון איצטיקן יאָרהונדערט איז אין פוילישע שטעט און שטעטלעך שטאַרק פּאָפּולער געוואָרן יידיש טעאַטער. אין אַ סך שטעטלעך האָט מען געגרינדעט



**פאַרוואַלטונג פון ערשטן דראַמאַטישן קרייז, 1910. זיצנדיק פון רעכטס: יאָסל שקלאַווער, הערשל לורשינסקי, רעזשיסער חיים לוריע, יצחק משה כוואַגייער, לייבל דראָכמאַן. שטייענדיק: הענעך גאָלדשמיד.**

דראַמאַטישע קרייזן. גאָמבין, וואו עס האָט שוין עקסיסטירט אַ פיינע ביבליאָטעק, איז נישט געבליבן הינטערשטעליק און אַ גרופּע אַקטיווע, און פייאיקע טוער האָבן געשאַפן אַזאַ קרייז ביי דער ביבליאָטעק טאַקע. מיט דער צייט איז די דראַמאַטישע גאָמבינער גרופּע געוואָרן איינע פון די פּאָפּולערע אַמאַטאָרן־קרייזן אין דער געגנט.

די ערשטע שוועריקייט, וועלכע מען האָט געדאַרפט בייקומען, איז געווען דער זאַל, ער איז נישט געווען באַקוועם און נישט גענוג גרויס אַריינצונעמען אַ גרעסערן עולם. אָבער די איבערגעגעבנקייט פון די גרינדער און פון די מיטגלידער האָט באַוויזן איבערצוקומען אַ סך שוועריקייטן און מיט דער צייט האָט מען דערגרייכט גאָר וויכטיקע צילן.

דער רעזשיסער פון דראַמאַטישן קרייז איז געווען חיים לוריע. ער איז געווען אַ פעאיקער און האָט זיך אויסגעצייכנט אין פיל ראָלן, וועלכע ער האָט געשפּילט אַליין און האָט געהאָלפן אַנדערע אַנטוויקלען זייער טאַלאַנט. ער איז אויך געווען איינער פון די לערער פון די אָוונט קורסן אין גאָמבין.

אַ סך צייט פאַר דער דראַמאַטישע גרופּע האָבן אָפּגעגעבן הערשל טייפעלד, יצחק משה חייא מיט זיין פרוי ברכה, וועלכע זיינען אין יאָר 1920 אַוועק קיין אַמעריקע. מיט דער טעכנישער אַרבעט האָט לאַנגע יאָרן אָנגעפירט העניך גאָלדשמיט, איך האָב פון אים אַ סך געלערנט. דער פאַרמעגלעכער גאָמבינער ייד הערשל לישינסקי האָט אונז אַ סך צוגעהאָלפן מאַטעריעל. נישט אַלץ איז, נאַטירלעך, צוגעגאַנגען אינ־



**דער ערשטער דראַמאַטישער קרייז אָרגאַניזירט אין יאָר 1910, רעזשיסער חיים לוריע, געשפּילט „קעניג ליר".**

גאַנצן גלאַטיק. אַזוי ווי אומעטום זיינען אויך ביי אונדז געווען עלטערן, וואָס האָבן נישט געוואָלט, אַז זייערע קינדער זאָלן ווערן „אַקטיאָרטשיקעס”. אַזעלכע צרות פון איר פאָטער האָט געהאַט חנה זשיכלינסקאַ. זי איז געווען גאָר פעאיק, אָבער זי האָט פון אָנפאַנג געהאַט אַ היבש ביסל צרות פון איר פאָטער. וועלכער פלעגט אַריינ־קומען הינטער די קוליסן און מאַכן איר סקאַנדאַלן. דער סוף איז געווען, אַז ער האָט פון אָנהייב אויסגעפירט, אָבער שפּע־טער האָט זי זיך אומגעקערט און האָט לאַנגע יאָרן באַשיינט די אַמאַטאָרן־גרופּע מיט איר טאַלאַנט. חנה זשיכלינסקאַ, האָט שפּעטער חתונה געהאַט מיט יאָסל צעלע־מענסקי, וועלכער איז געווען דער סופלאָר און אויך אַ גוטער ראָליסט אין דראַמאַטישן קרייז.

דער קרייז איז געווען זייער טעטיק ביז צו דער וועלט־מלחמה. דער שטורעם, וועלכער איז דעמאָלט אַריבער איבער דער וועלט, און איבערן יידישן פּוילן, האָט אויך נישט אויסגעמיטן יעדן געביט פון יידישן לעבן אין גאָמבין. אונדזער שטעטל האָט שוין געהאַט איצט אַ פיינעם טעאַטער־זאַל און אַ גרופּע יוגנט, וואָס האָט געצויגן אין טעאַטער און האָט שוין נישט געוואָלט וואַרטן ביז צו דער געלעגנהייט פון אַ יום טוב, נאָר האָט געוואָלט האָבן אַ סטאַביל און אָפט טעאַטער, וואָס זאָל שפּילן רעגולער.

די ביבליאָטעק האָט זיך איצט געפונען אין אַ פאַרגרעסערטן לאָקאַל, האָט געהאַט

טעאַטער **פּאָלאָניאַ** גאמבין.
דראמאטישער קרייז ביי דער ביבליאטעק
פון אלג. ארב. קאאפעראטיוו אין גאמבין.

פראגראם.

שבת ד. 5-XI 1927

# שווער צו זיין א ייד

**א פאלקס־שטיק אין 3 אקטן מיט א פראלאג.**

**פערזאנען:**

| | | |
|---|---|---|
| **דוד שפּירא** | | ה׳ ח. זאנדמאן |
| **שרה** | „ זיין ווייב | ה׳מע ר. גאסטינסקא |
| **בעטי** | זייערע קינדער | „ ז. טייפעלד |
| **סיאמקע** | זייערע קינדער | ה׳ ח. לאנצקי |
| **שנייאורסאן** | א סטודענט | „ ם. וייאנץ |
| **איוואנאוו** | „ | „ ם. וואלמאן |
| **גרינסבערג** | „ | „ ד. בלאוואט |
| **פראטקין** | „ | „ א. שטשאווינסקי |
| **הורוויטץ** | א לערער | „ מ. חייא |
| **קעצעלע** | | „ ש. מאצנע |

**דער עלטסטער** פון זשאנדארמען — ה׳ מ. חייא

סטודענטן, בעטיס חברטעס, זשאנדארן.

רעזשיסער: **ח. זאנדמאן** ═══ סופלאר: **ח. האדיס**

Teatr—POLONJA—Gąbin.

**KOŁO DRAMATYCZNE przy BIBLJOTECE**
**Powsz. Spoldz. Robotn. w Gąbinie.**

**PROGRAM**

**Sobota dnia 5-XI-27 roku.**

# „Trudno być żydem"

**Sztuka ludowa w 3-ch aktach z prologiem.**

— **OSOBY:** —

| | | |
|---|---|---|
| Dawid Szpiro | | p. Ch. Zandman |
| Sara | „ jego żona | „ R. Gostyńska |
| Beti | Ich dzieci | „ Z. Tajfeldówna |
| Sjomke | Ich dzieci | „ Ch. Łącki |
| Sznajurson | — student | „ M. Zając |
| Iwanow | „ | „ M. Wolman |
| Grynsberg | „ | „ D. Bławat |
| Fratkin | „ | „ A. Szczawiński |
| Hurwic | — nauczyciel | „ M. Chaja |
| Kecele | | „ S. Mocny |
| Starszy żandarm | | „ M. Chaja |

**Studenci, koleżanki Beti i żandarmy.**

Reżyser—**Ch. Zandman** ═══ Sufler—**Ch. Hodys.**

Druk. Kiper i Taub Płock 316-27



דראַמאַטישער קרייז פון די יוגנט ביי דער גראָסער־ביבליאָטעק. ערשטער פון רעכטס, רעזשיסאָר פּ. זאַנדמאַן

מער באַקוועמלעכקייטן און דאָס האָט צוגע־ געבן אַ סך מוט און קוראַש דער טעאַטער גרופּע. אונדזער קרייז האָט אָנגעבונדן קאָנ־ טאַקטן מיט דראַמאַטישע קרייזן פון אַנדערע שטעטלעך. מיר פלעגן פאָרן צוגאַסט צו זיי און זיי פלעגן קומען צו אונדז. איינער פון אונדזער גאָר פייאיקע אַקטיאָרן איז גע־ ווען ש. לאַנדסקי אַן אויסגעצייכנטער כאַ־ ראַקטער־שפּילער. אַ סך צוגעטראָגן מיט זייער טאַלאַנט האָבן: הערשל קאַראַ, מענדל פרענקל און לייזער פינקלשטיין, וועלכער האָט געהאַט אַ וואונדערלעכע שטימע. פינקעלשטיין האָט שפּעטער אָרגאַניזירט אַ כאָר ביים דראַמאַטישן קרייז. פון פאַך איז ער געווען אַ שניידער, אָבער דער דראַנג צו זינגען האָט ביי אים סוף כל סוף גובר גע־ ווען און איז געוואָרן אַ באַרימטער־חזן אין פּוילן און אין דייטשלאַנד. צו די גאָר אַק־ טיווע מיטגלידער פון דראַמאַטישן קרייז האָבן געהערט: יאַקוב צעלעמענסקי, ליפּעק מייצאַט, משה וואָלמאַן, הינדע שוואַרץ, רודע גאָסטינסקאַ, חיה וורובעל, כאַצקל האָדעס, משה אָרבאַך, זעלדע טייפעלד, משה חייא... עס איז מיר ליידער אומעגלעך אויסצורע־ כענען די אַלע וואָס האָבן מיטגעהאָלפן מיט זייער שפּילן, מיט זייער טעכנישער אַרבעט, מיט זייער שטיצע, מיט זייער פלאַם און באַגייסטערונג. אָבער איינס קאָן געזאָגט ווערן: דער דראַמאַטישער קרייז אין גאָמ־ בין איז געווען איינער פון די ליכטיקע פונקטן אין אונדזער שטעטל, אַ ליכטיקער פונקט, וועלכער איז צוזאַמען מיט גאַנץ גאָמבין, אויסגעלאָשן געוואָרן דורך די נאַ־ צישע רוצחים.

וואָלף מאַנטשיק

# ספּאָרט־אָרגאַניזאַציעס

דער וויכטיקסטער ספּאָרט־קלוב ביי אונדז אין גאָמבין איז געווען אָן שום ספק דער „מכבי". עס האָבן אויך עקסיסטירט אַנדערע ספּאָרט־אָרגאַניזאַציעס, ווי „מאָרגנשטערן", „יוטזשניא" און אין שפּעטערדיקן פּעריאָד — „הפּועל גאָמבין", אָבער „מכבי" איז געווען דער אַממייסטן רעפּרעזענטאַטיווער קלוב. ער איז געשאַפן געוואָרן, אויב איך האָב נישט קיין טעות, אין 1921. די גרינדער פון „מכבי" זיינען געווען. אברהמעלע זשיכלינסקי, די זין פון גלאַס, שטאָלצמאַן, טייפעלד, האָלצמאַן, באום און אַנדערע. אין אָנהויב פון זיין עקסיסטענץ האָט „מכבי" געהאַט 2 סעקציעס: פוטבאָל און גימנאַסטישע איבונגען.

די פוטבאָל־סעקציע איז געווען זייער אַ שטאַרקע און איז אויך געווען פּאָפּולער אין דער גאַנצער געגנט. אַחוץ מיטגלידער האָט זי אויך געהאַט אַ סך סימפּאַטיקער און „קיביצער", וואָס האָט אויף יעדן מעטש גאָר הייס אַפּלאָדירט די שפּילער. אין די סאַמע בלי־צייטן פון איר עקסיסטענץ האָט די פוטבאָל־סעקציע פון מכבי געהאַט די פּאָלגענדיקע שפּילער: בנימין זיידעמאַן, שמעיה מאַנטשיק, הערשל שטאָלצמאַן, איגנאַש שטאָלצמאַן, מאָטל פּעלקא, דוד טאובער, אברהמעלע שטאָלצמאַן, ישראל משה זשאלנא, איטשע שרהקעס, דוד האָדעס, אהרן האדעס, זעליק ראכווערגער און שמואליק לושניסקי. רעזערוו־שפּילער זיינען געווען: שמעון טאובער, גרשון קלינגער, מענדל קילבערט, דן טייפעלד, ראובן טייפעלד. פאַרשטייט זיך, אַז מיטן לויף פון די יאָרן האָבן די שפּילער זיך כסדר געביטשט, עס זיינען אָפּגעקומען די עלטערע און עס זיינען צוגעקומען נייע און יונגערע שפּילער. אין שפּעטערדיקן פּעריאָד האָבן זיך באַוויזן אַזעלכע גאָר פעאיקע שפּילער ווי אהרטשע טיבער, דוד זשיכלינסקי, משה האָדעס און מאָניעק לאַסקא. עס האָט אויך אַרויסגעוויזן אַן אמתדיקן טאַלאַנט דער „טויער־היטער" בנימיר חייא. די פוטבאָל־שפּילן זיינען אין יענער צייט געווען אויסשליסלעך אַזוי גערופענע פריינטשאַפטס־מעטשן און ווי אַ ביישפּיל וועל איך דאָ דערמאָנען עטלעכע רעזולטאַטן פון אַזעלכע פריינטשאַפטס־שפּילן:

מכבי האָט אַמאָל געשלאָגן דעם נייעם שטאַרקן פוטבאָל־קלוב „סאָקול־גאָמבין" מיט 3 קעגן זעראָ. דאָס איז געווען אַ נישט־געוויינלעכער נצחון, ווייל אין „סאָקול" האָבן געשפּילט אַזעלכע פּראָפעסיאָנאַלן ווי די ברידער שטעללע, פראַנעק קופּיעצקי און באָלעק מראזעק. נישט געקוקט אויף דער שטאַרקער מאַנשאַפט פון „סאָקול" האָט אָבער „מכבי" אָפּגעהאַלטן אַ זיג און האָט דעמאָלט אַרויסגערופן גרויס פרייד ביי אירע אנהענגער. איך וועל קיינמאָל נישט פאַרגעסן די באַגעגעניש צווישן אונדזער „מכבי" מיטן „מכבי" פון פּלאָצק, דער מעטש איז פאָרגעקומען אויפן שפּיל־פּלאַץ טאַרטאַק גאָמבינסקי. געווינען דעם מעטש האָט אונדזער גאָמבינער „מכבי" מיט 3 קעגן זעראָ. ריכטער פון מעטש איז געווען וואָלפאָוויטש.

אין יאָר 1923 האָט אונדזער „מכבי" פאַרמאָסטן די כוחות מיטן פּוילישן פוטבאָל־קלוב פון פּלאָצק, „סטזשעלעץ". אין ערשטן מעטש האָט געווינען אונדזער „מכבי" מיטן רעזולטאַט 1—3 און אין



דער קאָמיטעט פון ספּאָרט־קלוב „מכבי“.

צווייטן רעוואַנזש־מעטש, וועלכער איז פאָרגעקומען אין דער קריסטלעכער חגא פון „באָזשע טשאַלאָ“, זיינען פאָרגעקומען אַנטיסעמיטישע איבערפאַלן. אונדזער „מכבי“ האָט ביז צום איבעררייס געפירט 1 קעגן זעראָ (דעם גאָל, איך געדענק עס ביז איצט) האָט אַריינגעשאָסן אונדזער אהרן האָדעס. אהרן האָדיס איז געוואָרן שרעקלעך צעשלאָגן און האָט אַ לענגערע צייט נישט געקאָנט זיין טעטיק אין אונדזער דרוזשינע. פון יענער צייט איז „מכבי“ אַ לאַנגע צייט נישט אַרויסגעטרעטן אויפן שפּיל־פעלד פון גאָמבין נאָר האָט געשפּילט אויסשליסלעך אויף דער פּראָווינץ און אין אַנדערע שטעט. אין די שפּעטערדיקע יאָרן איז „מכבי“ אַ לאַנגע צייט געווען אָפּגעשוואַכט צוליב דעם, וואָס די בעסטע שפּילער זיינען „אַרויסגעפאַלן“ און האָט זיך שוין גערעכנט צו די שוואַכערע פוטבאָל־דרוזשינעס אין אונדזער געגנט.

„מכבי“ האָט אויך געהאַט אַ גימנאַסטישע סעקציע, וועלכע איז אָבער נישט געווען קיין גאָר שטאַרקע און האָט זיך נישט געקאָנט פאַרגלייכן, למשל, מיט דער גאָמבינער „יוטזשניא“. דעריבער, ווען עס זיינען פאָרגעקומען גימנאַסטישע אויפטריטן פלעגט די גאָמבינער „מכבי“ איינלאַדן די „מכבי“־קלובן פון פּלאָצק אָדער פון וולאָצלאַוועק.

עס וועט דאָ אויך זיין וויכטיק צו דערמאָנען, אַז דער גאָמבינער „מכבי“ האָט געהאַט אַן אייגענעם בלאָז־אָרקעסטער. דיריגענט איז געווען משה האדיס (דער זון פון יאַנקעלע בחור). דער אָרקעסטער איז אַרויסגעטרעטן אויף פאַרשיידענע קאָנצערטן און וואַלד־פאַרווילונגען אין אונדזער שטעטל.

די וואַלד־פאַרווילונגען זיינען פאָרגעקומען מייסטנטייל אין ל״ג בעומר. איך וועל מיך באַמיען דאָ אויסצורעכענען עטלעכע פון די באַטייליקטע אין אָרקעסטער: עזריאל טאַטאַרקא (געשפּילט אויף קלאָרנעט), מאיר זעליק קערבער (טענאָר), טיבער, זשיכלינסקי, וורובעל.

אין יאָר 1938 איז די פוטבאָל־סעקציע פון „מכבי“ ווידער געוואָרן פאַרשטאַרקט

און האָט גענומען שפּילן אַ וויכטיקע ראָלע. עס איז געלונגען צוצוציען אַ ריי גאָר גוטע שפּילער ווי בנימין חייא, משה גזשיוואָטש, יאָסל בלאַוואָט, שמעון ספּאָדעק, פּיוויש באַל, מאָניעק לאַסקאַ, יעקעלע זשאלנא, מעכעלע בער און פיל אַנדערע. עס איז דאָ ווערט צו דערמאָנען, אַז „מכבי" האָט ביז צום אויסברוך פון צווייטן וועלט־קריג אָפּגעהאַלטן וויכטיקע נצחונות איבער אַ גאַנצע ריי פוטבאָל־קלובן, יידישע און נישט יידישע, פון גאָמבין און פון אַרומיקע שטעט. ווען די נאַציס האָבן אָקופּירט פּוילן, איז אַ קליינע טייל מכבי־שפּילער אַוועק קיין סאָוועט־רוסלאַנד, די גרעסטע טייל איז איבערגעבליבן און האָט געטיילט דעם בלוטיקן גורל פון פּוילישן יידנטום.

פּאַראַלעל מיטן קלוב „מכבי" האָט אַ גרויסע ראָלע אין ספּאָרט־לעבן פון גאָמבין געשפּילט די בונדישע „יוטזשניא". דער קלוב האָט געהאַט צוויי סעקציעס — פוטבאָל און גימנאַסטיק. די גימנאַסטיק־סעקציע איז געווען אַן אויסגעצייכנטע. זי האָט געהאַט עטלעכע נייע גוטע אינסטרוקטאָרן, פון אָנהייב דעם אינסטרוקטאָר קראָי און אין די שפּעטערדיקע יאָרן — אברהם פרענקעל. די גימנאַסטישע סעקציע פון „יוטזשניא" האָט איינגעאָרדנט אָפטע עפנטלעכע אויפטריטן אונטער דער לאָזונג: „אין אַ געזונטן קערפּער — אַ געזונטער גייסט". די לאָזונג פון „יוטזשניא" איז געווען: „פריש־פריי" — שטאַרק־טריי".

די פוטבאָל־דרוזשינע פון „יוטזשניא" האָט געשפּילט דער עיקר פריינטשאַפט־מעטשן. זי איז נישט געווען קיין איבעריק שטאַרקע, אָבער זייער אַן אַמביציעזע. איך געדענק די פאָלגענדיקע נעמען פון די פוטבאָל־שפּילער פון „יוטזשניא": סאָמל שטשערעב, הערש נתן זיידעמאַן, פּיוויש גורקער, שלמה בלאַוואָט, חיים גורקער, זלמן קלינגער, משה שוואַרץ, משה טאָפּיאָל, ישראל סטופּאַי, לאָזער קוטשינסקי.

איך געדענק אַ צוזאַמענטרעף צווישן די צוויי יידישע פוטבאָל־קלובן פון גאָמבין — „מכבי" און „יוטזשניא". דער מעטש האָט זיך פאַרענדיקט מיטן רעזולטאַט 1—3 לטובת „מכבי", וועלכע איז אַרויסגעטרעטן מיט איר שטאַרקסטער מאַנשאַפט.

די מיטגלידער פון דער פוטבאָל־דרוזשינע און פון דער גימנאַסטישער סעקציע פון „יוטזשניא" האָבן אין זייער גאָר גרויסער מערהייט געטיילט דעם גורל פון די גאָמבינער יידן. מיטן אויסנאַם פון אַ פּאָר געציילטע און על פּי נס געראַטעוועטע זיינען זיי אַלע אומגעקומען פון די נאַצישע מאַסן־מערדער.



פאַרוואַלטונג פון אַרבעטער־קלוב „מאָרגנשטערן".

# דער חורבן

דאָס יידישע גאָמבין, וואָס האָט עקסיסטירט הונדערטער יאָרן, איז צוזאַמען מיט אַלע אַנדערע יידישע שטעט און שטעטלעך אין פוילן אומגעברענגט געוואָרן דורך די נאַציס. אויך דאָ האָבן די מערדער אַדורכגעפירט זייער פּלאַן מיט דער זעלבער „רעזשי״ ווי אומעטום — גזירות, טעראָר, מערדערלעכע קלעפּ, כאַפּן אויף אַרבעט, רויבן, איינצלנע מאָרדן, ביז צום איינפירן אַ געטאָ, וואָס איז געווען דער אָנהייב פון דער טאָטאַלער פאַרניכטונג, פון דער דעפּאָרטאַציע אין די טויט־לאַגערן.

בלויז געציילטע זיינען געבליבן לעבן. בלויז איינצלנע אָפּשפּריצונגען פון גאַנצע פאַמיליעס זיינען געראַטעוועט געוואָרן פון דער פאַרניכטונג. אין דעם איצטיקן חורבן־טייל פון גאָמבינער פּנקס גיבן מיר די שילדערונג פון עטלעכע גאָמבינער יידן, וואָס האָבן איבערגעלעבט דעם בלוטיקן מבול.

מיר ווענדן די אויפמערקזאַמקייט פון די לייענער ספּעציעל אויף דעם ברייטערן עדות־זאָגן פון ב. גייער, פון אַברהם זיידעמאַן און פון די ברודער־שוועסטער גרינבוים. זייערע דערציילונגען זיינען ביישפּילן פון טויזנטער אַזעלכע פאַלן ווי אַזוי יידן זיינען געבליבן לעבן אין די באַדינגונגען פון „פאַלנדיקע ווענט״.

ב. גייער איז פאַרשלעפּט געוואָרן דורך די נאַציס קיין אוישוויץ. פון יענער גרויסער „פאַבריק פון טויט״, וואָס עס זיינען אומגעקומען פיר מיליאָן מענטשן, די מערהייט פון זיי יידן, האָבן זיך אָפּגעראַטעוועט בלויז געציילטע. מ. גייער איז געווען איינער פון זיי.

אַברהם זיידעמאַן האָט געהערט צו אַן אַנדערער קאַטעגאָריע געראַטעוועטע. צוזאַמען מיט צענדליקער טויזנטער יידן פון נאַצי־אָקופּירטן פוילן איז ער אַוועק אין די סאָוועטיש־אָקופּירטע געביטן און האָט דאָרט איבערגעלעבט די גרויזאַמע באַדינגונגען פון פאַרשונגען.

גאָר דראַמאַטיש זיינען די דערציילונגען פון דער ברודער־שוועסטער גרינבוים. ביידע האָבן איבערגעלעבט אויף דער אַזוי גערופענע „אַרישער זייט״. גרינבוים, אין באַהאַלטעניש ביי אַ פּויער, און די שוועסטער — ווי אַ פאַרשטעלטע אַריערין. זייער ענדגילטיקע באַגעגעניש, געשילדערט דורך ביידע באַזונדער, איז פון אַ געוואַלדיקער און טראַגישער שפּאַנונג.

קאָנצענטראַציע־לאַגער, „אַרישע זייט״ סאָוועטישע פאַרשיקונג — דאָס איז געווען דער גורל פון די ווייניק־לעבן געבליבענע פוילישע יידן, די שילדערונגען פון גייער די גרינבוימס און זיידעמאַן האָבן נאָך אַ אַנדערע ווערט. זיי גיבן נישט בלויז ד פּיינלעכע מוסטערן פון יידישן „איבער לעבן. אין זייערע דערציילונגען געפינען מי אויך אַ סך איינצלהייטן וועגן די מלחמה טעג אין גאָמבין און אַלע דערמאָנונגען זי אויך פיל נעמען פון גאָמבינער יידן, וועמע דער גורל האָט געפירט צו די הונדערטע נאַצישע טויטן.

רייזל זשיכלינסקי

# לידער

## גאָט האָט פאַרבאַהאַלטן זיין פנים

אַלע וועגן האָבן געפירט צום טויט,
אַלע וועגן.
אַלע ווינטן האָבן געאָטעמט מיט פאַרראַט,
אַלע ווינטן.
אויף אַלע שוועלן האָבן געבילט בייזע הינט,
אויף אַלע שוועלן.
אַלע וואַסערן האָבן אונדז אויסגעלאַכט,
אַלע וואַסערן.
אַלע נעכט זיינען פעט געוואָרן פון אונדזער שרעק,
אַלע נעכט.
און די הימלען זיינען געווען נאַקעט און ליידיק, —
אַלע הימלען.
גאָט האָט פאַרבאַהאַלטן זיין פנים.

## איך וויל נאָך אַמאָל דאָ גיין איבערן גראָז

געווידמעט די 3030 קדושים פון מיין היים־שטעטל גאָמבין, וואָס זיינען אומגעקומען אין די גאַז־קאַמערן פון כעלמנאָ, אין פוילן, אין אַפּריל 1942.

א

איך וויל נאָך אַמאָל דאָ גיין
איבערן גראָז,
און וויינען
פאַר דעם הימל,
און פאַר דעם ווינט,
וואָס ווייעט פאַר מיין פנים.
איך וויל נאָך אַמאָל אויסמעסטן דאָס אומגליק
אויף אָט דעם שטיקל ערד,
וואו ס'איז אַמאָל געווען מיין היים.
די טיר איז נישטאָ,
און די מאַמע —
זי וועט מער נישט אַהיים קומען
אַ פאַרשנייטע,
מיט אַ בלויען קרוג מילך אין דער האַנט
און מיט אַ בלויען פאַרטאָג אין די אויגן.
די פענצטער זיינען נישטאָ,

די זון וועט מער נישט וואַנדערן
פון וואַנט צו וואַנט,
פון ווינקל צו ווינקל,
און אויסצוויבערן מיר
אַ גרינע קאַץ אויף אַ בענקל.
נאָר די ווערבעס ביים טייך זיינען דאָ —
מיין טרער פאַלט אריין אין וואַסער,
און צעשטערט אויף אַ ווייַלע זייער רו.

ב

פאַלן, פאַלן געלע בלעטער.
אַ מעשה בלאָנדזשעט אַרום אויף די וועגן,
אַ מעשה וועגן מענטשן צונויפגעטריבענע אויף אַ פעלד —
עס האָט געגאָסן אַ פרילנגדיקער רעגן.

דריי טויזנט יידן אָן וואַסער, אָן ברויט,
פיר לאַנגע פרילינגדיקע מעת־לעתן.
קליינע קינדער האָבן געוויינט פאַר די שטערן —
זיי האָבן געוואָלט עסן.

פון קינדערישן געוויין זיינען טונקעלער
נישט געוואָרן די וועלדער אַרום.
אָט זיינען זיי, די גרינע וועלדער,
די וועלדער פון גאָמבין.

דער טיפער בלויער הימל
איז נישט אַרפּ מיט אַ פייער פון דער הויך.
אויפן פעלד פיטערן זיך קי,
אַ פאַסטעך בראָט קאַרטאָפל ביים רויך...

וואָס זוך איך נאָך דאָ, אין דעם שטעטל?
עס באַגעגנט מיך די געשטופלטע סטאַשע
זי לעבט, זי שפּאַצירט מיט זעלנער,
זי איז שיכור און נישט געוואַשן.

ג

ווער רופט מיך דאָ אין פעלד?
ווער קען מיך נאָך דאָ, מיין נאָמען?
אַ דאָרן ברענט אין פעלד —
אַ קינד שרייט פון די פלאַמען.

איך טו אויס מיינע שיך און גיי צו,
צום קליינעם זון פון מיין שכן:
זיינע הענטלעך זיינען שוין קויל,
נאָר די אויגן זיינען אָפן...

איך גיי אַוועק פון דיר, שטעטל,
דיינע וועגן זיינען בלוי ווי אַמאָל.
ועסט ווייטער פּראַווען האַרבסטן, ירידים,
און דער טייך וועט פליסן אין טאָל.

יעקב גזשיוואַטש

# חורבן גאָמבין

ביזן יאָר 1939 האָט די יידישע באַפעל־קערונג אין גאָמבין געציילט דריי טויזנט הונדערט נפשות. אינעם שטעטל האָט פול־סירט אַ יידיש געזעלשאַפטלעך און קולטור־לעבן, עס זיינען געווען ביבליאָטעקן, לייען־זאַלן, אַהער פלעגן קומען יידישע שרייבער און קולטור־טוער מיט פאַרלעזונגען און רעפעראַטן.

אַ באַזונדערס גרויסן אָנזען האָט גע־האַט דער דראַמאַטישער קרייז, וועלכן עס האָבן געהאָלפן גרינדן די אַרטיסטן פון „וויקט״, אַדאַם דאָמב און סאָניע אַלטבוים. דער קרייז האָט אויפגעפירט אַ סך ערנסטע פיעסן אין שטעטל און אין דער אַרומיקער געגנט. די רעוואָלוציאָנערע יוגנט האָט גע־פירט אַן אַקטיווע טעטיקייט, אָרגאַניזירט סטרייקן און דעמאָנסטראַציעס. נישט ווי־ניק זיינען געזעסן אין תפיסה אין דער דערנעבנדיקער שטאָט פּלאָצק, אייניקע זיינען פאַרשיקט געוואָרן אין קאַרטוז בערעזער קאָנצענטראַציע־לאַגער.

גאָמבין איז פאַראייביקט געוואָרן אין דער יידישער ליטעראַטור. דער גרויסער שרייבער שלום אַש האָט געווידמעט פאַר זיינע ווערק טעמעס און טיפּן פון דאָרטיקן יידישן לעבן, באַשריבן די שיינע לאַנדשאַפט. י. ל. פּרץ האָט געווידמעט אַלס מאָדעל די אַזוי־גערופענע קונע, וואָס האָט זיך געפונען אין פּאָליש פון דער אָרטיקער שול. גאָמבין האָט געהאַט איינע פון די שענסטע שולן אין פוילן, געבויט אין 18טן יאָרהונדערט, וואָס האָט זיך פאַררעכנט צו די היסטאָרישע אַנטיקן. אָפט פלעגן קומען אויספלוגן פון פאַרשיידענע שטעט אין לאַנד און אפילו פון אויסלאַנד, כדי באַוואונדערן די קינסטלערי־שע האָלץ־שניצערייַ, וואָס האָט זיך געפונען אויף דער מזרח־וואַנט פון דער שול, ווי אויך איר אויסערלעכע שיינקייט.

דער היטלעריסטישער אָקופּאַנט האָט אויף אַן אכזריותדיקן אופן צעשטערט און פאַרשניטן דאָס יידישע לעבן אין גאָמבין. גלייך נאָכן פאַרנעמען אונדזער שטאָט האָבן די היטלעריסטן אַרויסגעגעבן אַ פאַראָרדע־נונג, אַז אַלע יידן זאָלן זיך פאַרזאַמלען אויפן נייעם מאַרק. די רוצחים האָבן דאָן צעשלאָגן דעם גאָמבינער רב און מיט די יידן געמאַכט „גימנאַסטיק״, געצוואונגען צו לויפן, שפּרינגען, פאַלן און דערביי דער־לאַנגט מערדערלעכע קלעפּ. אין דער זעלבער צייט האָבן די פאַשיסטישע וואַנדאַלן אונ־טערגעצונדן די שול און דעם בית־המדרש. ווען די הייזער נעבן דער שול האָבן גענומען ברענען, האָבן די היטלעריסטן געטריבן די יידן פון נייעם מאַרק צו די ברענענדיקע הייזער, געצוואונגען מיט די הוילע הענט אַרויסרייסן טירן, פענצטער און פאָטאָגראַ־פירט די שוידערלעכע סצענעס.

אָנהויב זומער 1942 יאָר זיינען אַוועק־געשיקט געוואָרן אויף אַרבעט אין לאַגער פון קאָנין 600 יידן. פאַרן פאַרלאָזן גאָמבין, האָט דער קאָמענדאַנט האאַג געזאָגט צו די יידן: „איר פאָרט אויף אַרבעט, איר האָט נאָך אַ האָפענונג צו בלייבן לעבן, פאַר די יידן וואָס בלייבן אין גאָמבין, איז דער אומקום אַן אומפאַרמיידלעכער״.

פון די 600 יידן זיינען געבליבן לעבן נישט מער ווי 18.

אין אַ געוויסן טאָג האָבן די היטלע־ריסטן צוזאַמענגענומען אַ פאָר הונדערט יידן און זיי אַפּגעפירט צו דעם בית־עולם פון די קברים. מען האָט זיי גע־צוואונגען אַרויסרייסן מצבות, אַרויסנעמען

מיט די הוילע הענט די מתים און איבער־טראָגן צום פאַרקן פון דעם דערנעבנדיקן קאַטוילישן צווינטער.

אַלס ענטפער פאַר דערהרגענען אַ דייטש, האָבן די היטלעריסטן צוזאַמענגע־נומען אויפן מאַרק די גאַנצע באַפעלקערונג פון גאָמבין, סיי יידן, סיי פּאָלאַקן, כדי זיי זאָלן זיך צוקוקן ווי מען האָט ביים פאַרקן פון קאָשטשאָל דערשאָסן 10 פּאָלאַקן. דאָס זעלבע האָט געהאַט אַן אָרט אין פּאָוויאַ־טאָוון שטעטל גאָסטינין, וואו עס זיינען אויך דערשאָסן געוואָרן 10 פּאָלאַקן.

עטלעכע יידן פון די אַרומיקע שטעט־לעך זשיכלין און גאָסטינין האָבן זיך בגנבה אַריינגעכאַפּט קיין גאָמבין און דערציילט וועגן די גרויזאַמקייטן, וואָס די היטלעריס־טישע רוצחים טוען דאָרט אָפּ, ווען עס זענען געקומען צו לויפן צוויי יידן פונעם שטעטל קויל, נישט ווייט פון טויט־לאַגער אין כעלמנאָ און דערציילט, אַז מען ברענגט דאָרטן אום יידן אין גאַז־אויטאָס. זיי האָבן געפרעגט ביים עלטסטן פון יודנראַט וואָס צו טאָן — אפשר אַנטלויפן אין די אַרומיקע וועלדער זיך אויסבאַהאַלטן, אָדער בכלל אָננעמען וואָסערע עס איז מיטלען — האָט דער לעצטער „באַרואיקט" די יידן און געפּאָדערט פון זיי צו געבן וואָס מער ווערט־זאַכן דעם אָקופּאַנט.

עס איז געקומען דאָס גרויסע אומגליק פון זומער 1942 יאָר. די היטלעריסטישע באַנדיטן האָבן צוזאַמענגעטריבן אַלע יידן: מענער, פרויען און קינדער אויפן פּלאַץ ביים פייערלעשער־טורעם. אַרומגערינגלט דורך באַוואָפנטע פאָלקס־דויטשן, אוקראַאי־נישע און ליטווישע פאַשיסטן, האָט מען געהאַלטן דאָ די יידן דריי טעג און דריי נעכט אונטערן פרייען הימל, אָן עסן, אָן אַ ביסל וואַסער. ווען נפתלי שפּיעוואַקס פרוי האָט געפּרואווט צוגיין צו אַ הייזל בעטן אַ ביסל וואַסער, האָט דער גאָמבינער פאָלקס־דויטש מאאס זי דערשאָסן. (נאָך דער באַ־פרייאונג פון פּוילן איז מאאס געשטאַנען פאַרן פּוילישן געריכט, וואָס האָט אים פאַרמשפּט צום טויט). ערשט אויפן פערטן טאָג זיינען געקומען צו פאָרן גרויסע לאַסט־אויטאָס מיט געסטאַפּאָ־לייט און אונטער אַ האָגל פון קלעפּ האָט מען די אומגליקלעכע יידן געטריבן אין אויטאָס און אַוועקגעפירט אינעם טויט־לאַגער כעלמנאָ.

* * *

אויף אַן ענלעכן אופן איז פאַרשניטן געוואָרן דער ישוב פונעם קליינעם שטעטל אָסטמאָלין, נישט ווייט פון גאָמבין.



נאַציס פייניקן גאָמבינער יידן.

ב. גייער

# איבערגעלעבט אוישוויץ


ב. גייער

אין מערץ 1939 בין איך אַוועק אין דער פּוילישער אַרמיי און איך האָב געדינט אין 21סטן פּולק פּיעכאָטע, אין וואַרשע.

אין יענער צייט איז מיין פאַמיליע געווען צעזייט און צעשפּרייט איבער דער וועלט. מיין פאָטער, דריי ברידער און איין שוועסטער, זיינען געווען אין אַמעריקע. מיין מוטער איז נאָך געשטאָרבן אין 1934. איך האָב געוואוינט אין גאָמבין צוזאַמען מיט מיין עלטערן ברודער יוסף, וועלכער האָט געהאַט אַ פרוי און אַ מיידעלע פון צוויי יאָר.

אין וואַרשעווער פּולק האָב איך געדינט ביזן סוף אויגוסט, ווען עס איז דערקלערט געוואָרן די מאָביליזאַציע און ווען פּוילן האָט זיך געריכט, אַז אין אַ ליאַדע טאָג אָדער שעה, וועט זי אָנגעפאַלן ווערן פון די נאַציישע אַרמייען. דעמאָלט זיינען מיר אַוועקגעשיקט געוואָרן צופוס אין דער ריכטונג פון מלאַווע און פון דער פּרייסישער גרענעץ. גלייך ווי מיר זיינען דאָרט אָנגעקומען איז אויסגעבראָכן דער קריג און מיר האָבן פון יענער רגע אָן נישט געהאַט מער קיין איין מינוט רו. די דייטשן האָבן אונדז באַהאָגלט מיט פייער — פון זייערע עראָפּלאַנען, פון די טאַנקן, פון דער אַרטילעריע און פון זייערע געפּאַנצערטע אויטאָס און מיר, מיט אונדזער פּרימיטיווער באַוואָפענונג, האָבן נישט געקאָנט אויסהאַלטן דעם דרוק פון דעם פייערדיקן גיהנום. אונטער דעם דרוק פון זייער אָנגריף האָבן מיר געהאַלטן אין איין צוריקלויפן און עס איז כמעט נישט פאָרגעקומען קיין איין רעגולערע שלאַכט. זייער פייער האָט אונדז נישט געגעבן קיין אָפּרו נישט בייטאָג און נישט ביינאַכט און מיר זיינען אין גרויס בהלה געלאָפן צוריק אין דער ריכטונג פון יאַבלאָננע און פון וואַרשע, וואו מיר האָבן פאַרנומען פּאָזיציעס ביים אַזוי־גערופענעם „מיעדזעשינער וואַל", אין דער פאַרטיידיקונג פון וואַרשע.

דאָרט זענען מיר געווען ביז צום טאָג, ווען וואַרשע, אָן אַרומגערינגלטע דורך די נאַציישע אַרמייען, און אַ באָמבאַרדירטע, אַ ברענענדיקע, אָן שפּייז און אָן וואַסער, האָט זיך אונטערגעגעבן. די פּוילישע פּולקן, וואָס האָבן פאַרטיידיקט די פּוילישע הויפּטשטאָט, האָבן געמוזט אַוועקלייגן דאָס געווער און מיר זיינען גענומען געוואָרן אין געפאַנגענשאַפט. די דייטשן האָבן אונדז אַריינגעזעצט אין וואַגאָנען און האָבן אונדז גע־



אַ בילד פון גאָמבינער געטאָ.

נומען פירן אויף מערב, אָבער ווען די באַן איז אָנגעקומען קיין קוטנע, בין איך אַרויסגעשפּרונגען פון צוג און האָב גענומען גיין אַהיים, קיין גאָמבין.

קיין גאָמבין בין איך אָנגעקומען חול המועד סוכות. דאָס וועטער איז שוין געווען קאַלט און איך האָב די שטאָט כמעט נישט דערקענט. אַ גרויסע צאָל הייזער איז געווען פאַרניכטעט פון באָמבאַרדירונגען און פון פייער און די יידישע איינוואוינער האָבן זיך געפונען אין קלעם פון אַ רוצחישן טעראָר פון די נאַצישע אָקופּאַנטן. מיין ברודער, וועלכער איז פאַרן קריג געווען דער קאַסירער פון דער פאָלקס־באַנק, איז איצט באַשטימט געוואָרן אַלס פּאָסט־טרעגער פון דער יידישער גמינע. ער איז דעמאָלט געווען פון די געציילטע יידן אין גאָמבין, וועמען די צעיושעטע דייטשן האָבן נישט געשלעפּט אויף אַרבעט, ווי דאָס איז געווען דער גורל פון די גאָמבינער יידן.

אַ האַלב־משוגענער דייטש, זיין נאָמען איז געווען שומאַכער, איז געשטעלט טגעוואָרן אין שפּיץ פון דער דאָזיקער בלוטיקער שפּיל; אים האָט מען איבערגעגעבן דאָס „כאַפּן יידן אויף אַרבעט" און ער האָט עס, צוזאַמען מיט זיינע געהילפן, אַדורכגעפירט אויף אַ רוצחישן אופן. די יידן זיינען געכאַפּט געוואָרן צו רייניקן די שטאָטישע חורבות, דעם מאַרק, די האַלב־פאַרניכטעטע גאַסן און די באַלוינונג פאַר דער קאַטאָרזשנער אַרבעט זיינען געווען מערדערלעכע קלעפּ מיט זידלערייען. גאָמבינער יידן זיינען אויך, אין יענע טעג, געכאַפּט געוואָרן ווי משרתים פאַר דייטשן, וועלכע זיינען געגאַנגען אויף יאַגד אין די אַרומיקע וועלדער, און אויך דאָ איז די באַלוינונג געווען דערנידריקונג און קלעפּ.

אויך מיר איז נישט איין מאָל אויסגעקומען געכאַפּט צו ווערן אויף אַרבעט און צו דערפילן דעם טעם פון די נאַצישע בייטשן און שטעקענעס, ביז אַ געוויסן טאָג, דאָס איז געווען פיר וואָכן נאָך מיין צוריקקומען קיין גאָמבין, איז אַרויס אַ פאַראָרדנונג, אַז אַלע געוועזענע סאָלדאַטן זאָלן זיך שטעלן אין מאַגיסטראַט. מיין ברודער האָט מורא געקראָגן, אַז די דייטשן האָבן אוודאי לגבי די אויסגעדינטע סאָלדאַטן פינצטערע כוונות און ער האָט מיר אָנגעזאָגט, איך זאָל מיך נישט צושטעלן און איך זאָל אַוועק מיך אויסבאַהאַלטן אין וואַרשע. עס איז אונדז געלונגען צו קריגן אַ פּוילישן פערד־און־וואָגן און איך בין אַוועק קיין וואַרשע. דאָרט בין איך אַוועק צו דער פאַמיליע פרידמאַן, אויף פּאַוויע 9. דאָס איז געווען אַ יידישע פאַמיליע פון וואָל־שפּינערס, וואָס האָט אַמאָל געהאַט געוואוינט אין גאָמבין

און מיט ווערמענס זון איך האָב געדינט צוזאַמען אין פּוילישן מיליטער.

אין וואַרשע איז מיט די יידן פאָרגעקומען דאָס זעלבע, וואָס אין אַלע שטעט און שטעטלעך אין פּוילן, דאָס זעלבע רוצחישע ספּעקטאַקל פון „כאַפּן אויף אַרבעט“, פון יסורים, פון פּיין, פון שרעק און פון הונגער. איך האָב צוליב מיין „קריסטלעכן“ אויסזען אויסגעמיטן געכאַפּט צו ווערן אויף אַרבעט. אַ געוויסן טאָג איז מיין ברודער, אַן אומרואיקער וועגן מיין גורל, געקומען צו מיר קיין וואַרשע און האָט מיך צוריקגעברענגט קיין גאָמבין. מיין פּלאַן איז אין יענע טעג געווען נאָכצוטאָן דעם ביישפּיל פון אַ סך טויזנטער אַנדערע יידן און אַוועק אויף מזרח צו דער פּוילישער טייל, וואָס איז אָקופּירט געוואָרן דורך די סאָוויעטן; איך האָב אַפילו געהאַט אַ פּלאַן צו גיין צוזאַמען מיט מיינס אַ חבר פון זשיכלין, אָבער איך בין געווען צופיל צוגעבונדן צו מיין ברודער און צו זיין פאַמיליע, אַז איך זאָל זיך פון אים שיידן אין די איצטיקע סכנותדיקע טעג.

אין גאָמבין האָבן די דייטשן שוין געהאַט איינגעפירט די „יידישע אָפּצייכנונג“, אַ צוגענייטן מגן דוד. איך האָב אָנגעהויבן צו אַרבעטן ביי שניידעריי און אַזוי האָב איך געלעבט אין גאָמבין, צוזאַמען מיט מיין ברודערס פאַמיליע, ביז מערץ 1942. איך וועל דאָ נישט דערציילן וועגן די אַלע פּיינען און יסורים, וואָס איך בין צוזאַמען מיט אַלע גאָמבינער יידן אַדורכגעגאַנגען אין יענע לאַנגע און בלוטיקע חדשים. אונדזער לעבן איז געווען הפקר, איבערגעגעבן אין די הענט פון באַנדיטן און מערדער, אָנגעטוענע אין מונדירן פון ס.ס. און פון דער „וועהרמאַכט“. מען האָט אונדז סיסטעמאַטיש, טאָג ביי טאָג, באַרויבט, געשלאָגן, דערנידעריקט און געפּייניקט. פון אָנהייב האָבן מיר געוואוינט אין אונדזער אַלטער דירה, אויף גאַרבאַרסקע 2, אין אַ הויז, וואָס האָט געהערט צו דער פאַרמלחמהדיקער דייטשער ברויעריי „פּיוואָ אָקאָטשימסקע“. פון דאָרט האָט מען אונדז אַרויסגעטריבן און מיר זיינען אַוועק אין אַן אַנדערער דירה, וואָס איז אָבער באַלד דערנאָך אויך צוגענומען געוואָרן פון אַ דייטש. מיר האָבן זיך צום סוף אַריבערגעקליבן אין אַ צימער, אין אַ הויז, וואָס האָט געהערט צו אַ פּאָלאַק. מיר האָבן דאָרט געוואוינט אין איין צימער, 8 פּערזאָן: איך, מיין ברודער, זיין פרוי און קינד, איר ברודער הערשל סאַנצקי מיט אַ פרוי און קינד און הערשלס שווער, שלמה פרענקעל.

אַ געוויסן טאָג, דאָס איז געווען אין איינעם פון די צוויי טעג ראש השנה, ווען מיר, אַ גרופּע „וועלטלעכע“ יידן, וואָס האָבן פרייוויליק פאַרטרעטן די פרומע, זיינען געשטאַנען ביי דער אַרבעט, בין איך באַגאַנגען אַ „חטא“ — דער בירגערמייסטער האָט געזען, ווי איך האָב געזאָגט אַ פּאָר ווערטער צו אַ דורכגייענדיקן באַקאַנטן פּאָלאַק. פאַר דער דאָזיקער זינד האָט ער מיך גענומען מערדערלעך שלאָגן מיט אַ בייטש און איך האָב געמוזט הויך ציילן די שמיץ. ער האָט מיר דערביי מיטן שטעקן פון דער בייטש אויסגעהאַקט עטלעכע ציין. אינמיטן פון יאָר 1941, ווען נאַצישע אַרמייען האָבן אָנגעהויבן ציען אויף מזרח, צו דער סאָוויעטישער גרעניץ, האָט זיך פאַרשפּרייט אַ קלאַנג, אַז אַ פּאָלאַק האָט געטויט אַ דייטשן סאָלדאַט. קיינער האָט נישט געוואוסט, צי דאָס איז געווען אמת, אָדער צי די דייטשן האָבן אין יענע טעג, ווען זיי האָבן זיך געגרייט צום קריג קעגן די רוסן, נישט באַשלאָסן סתם אַזוי איינצואָרדנען אַ ספּעקטאַקל, וואָס זאָל אַרויפוואַרפן אַ שרעק אויף דער פּוילישער באַפעלקערונג. זיי האָבן יענעם טאָג צוזאַמענגעטריבן אינמיטן פון גאָמבינער מאַרק אַ גרעסערע צאָל פּאָלאַקן, די פירער און די אינטעליגענץ און האָבן זיי פאַרמאַכט אין קאָשציאָל. שפּעטער האָבן זיי באַפוילן, אַז אַלע גאָמבינער איינוואוינער, יידן און פּאָלאַקן, זאָלן זיך פאַרזאַמלען אויפן מאַרק, וואו זיי האָבן איינגעאָרדנט אַן עפנטלעכע עקזעקוציע. זיי האָבן אַרויסגעשלעפּט פון קאָשציאָל 10 פּאָלאַקן, האָבן זיי צוגעשטעלט צו זעק מיט זאַמד און די 10 מענער זיינען דערשאָסן געוואָרן דורך אַ ספּעציעלן פּלוטאָן, וואָס איז געברענגט געוואָרן פון קוטנע. די קערפּערס פון די דערשאָסענע

זיינען געבליבן ליגן אויף דער ערד ביז שפּעט ביינאַכט און ערשט דעמאָלט האָט מען זיי צוגענומען און ערגעץ באַגראָבן. ערשט נאָכן קריג האָט מען געפונען די באַגראָבענע אונטער אַ שאָסיי.

גאָמבין האָט געהערט צו דער טייל פּוילן, וואָס איז געוואָרן איינגעגלידערט אין דייטשן רייך און אויך די פּאָלאַקן האָבן דאָ נישט געלעקט קיין האָניק. אַ געוויסן טאָג איז אַפילו אַ גרויסע צאָל פּאָלאַקן פאַרטריבן געוואָרן פון גאָמבין און מען האָט זיי „אַריבערגעוואָרפן" אין דער „גענעראַלער גובערניע". זייערע הייזער האָט מען איבער־געגעבן צו די פאָלקס־דויטשן. אָבער זייערע צרות זיינען געווען מינימאַלע אין פאַרגלייך מיט די יסורים פון די יידן. און אַחוץ דעם האָבן די פּאָלאַקן — נישט געקוקט אויף זייער אייגענעם גורל — נישט אויפגעהערט צו ברענען מיט שנאה צו זייערע יידישע שכנים.

אין אָנהייב 1942 האָבן מיר אָנגעהויבן צו קריגן די ערשטע בשורות וועגן אומ־ברענגען יידן. עס זיינען געקומען צו לויפן אָפּגעראַטעוועטע יידן פון די אַרומיקע שטעטלעך און זיי האָבן אונדז דערציילט, אַז גאַנצע יידישע קהילות ווערן אַוועקגע־פירט קיין כעלמנאָ, און דאָרט ווערן זיי דערשטיקט מיט גאַז און פאַרברענט. מיר האָבן זיי נישט געגלויבט, קיינער פון אונדז האָט נישט געוואָלט צולאָזן דעם געדאַנק, אַז דאָס קאָן זיין אמת. מיר האָבן נישט גע־גלויבט און האָבן זיי אַפילו נישט געוואָלט אויסהערן. ערשט ווען עס זיינען געקומען אַ פּאָר געראַטעוועטע יידן פון זשיכלין און האָבן איבערגעגעבן, ווי מען האָט אַרויפ־געזעצט די זשיכלינער יידן און מען האָט זיי אַוועקגעפירט מיט וועגענער קיין קרושניע־וויץ, פון דאָרט מיט דער באַן קיין קויל און שפּעטער מיט לאַסט־אויטאָס קיין כעלמנאָ, וואו מען האָט זיי פאַרגאַזט — ערשט דעמאָלט האָט זיך פאַר די אויגן אונדזערע געעפנט דער גאַנצער גרויל, וואָס וואַרט אויך אויף אונדז.

אַרום פורים־צייט האָבן די דייטשן אָנ־געהויבן צו כאַפּן גאָמבינער יידן אין לאַגער אַריין. איך בין געווען צווישן די ערשטע, וועמען מען האָט אַריינגעטריבן אין דער רעמיזע פון די פייערלעשער. ווען מיין ברו־דער האָט דערזען, ווי מען האָט מיך גע־כאַפּט, האָט ער זיך צוגעשטעלט פרייוויליק צוזאַמען מיט זיין שווער. פון דרויסן, פאַר דער רעמיזע, איז געשטאַנען דער דייטשער



פרויען און קינדער אין געטאָ.

פּאָליציאַנט בראַון, מיט וועלכן כ׳האָב מיך אַמאָל געהאַט געחברט ווי אַ ייִנגל און ער האָט אונדז אָפּגעהיטן מיט אַן איסגעצילטן רעוואָלווער. ווען די צאָל געכאַפּטע יידן האָט שוין דערגרייכט אַרום טויזנט, איז אָנגעקומען אַ ציווילער ס. ס. מאַן, וועלכער האָט אויסגעזען אינגאַנצן ווי אַדאָלף אייכמאַן, אַ באַוואָפנטער מיט אַ רעוואָלווער, אָבער אַחוץ דעם האָט ער נאָך געהאַט אַ בייטש און האָט אונדז די גאַנצע צייט מערדערלעך געשלאָגן. דער עיקר האָט ער געשלאָגן די יידן, וועלכע האָבן בעסער אויסגעזען און וועלכע ער האָט גערופן „פאַרברעכער״. דעם גאַנצן חיהשן האַס האָט ער אויסגעלאָזט צום „הויכן משה״, אַ ייד, אַ הויכער, אַ צוואַקסענער און אַ גבר. ער האָט אים געשלאָגן אַזוי לאַנג, ביז דער „הויכער משה״ איז געבליבן ליגן אַ טויטער. פיר יידן, וועלכע האָבן געזאָגט, אַז זיי זיינען קראַנק, האָט ער אַרויסגעפירט הינטער דער רעמיזע און האָט זיי דערשאָסן.

**נאָכן אָפּזיין** אין דער רעמיזע אַ גאַנצע נאַכט, האָבן די דייטשן פאַרטאָג אַרויסגעלאָזט די עלטערע יידן און האָבן זיי געלאָזט אַהיימגיין. די רעשט, אַרומגעשטעלטע מיט גאָמבינער דייטשע און פאָלקסדייטשע פּאָליציי, האָבן זיי צוגעטריבן צו לאַסט־אויטאָס. איך האָב מיך די גאַנצע צייט געהאַלטן מיט מיין ברודער, אָבער ביים אַרויפשטייגן אויף אַ לאַסט־אויטאָ, האָבן אונדז די דייטשן צעטיילט. שפּעטער האָב איך מיך דערוואוסט, אַז דער „יודענראַט״ האָט זיך איינגעשטעלט פאַר מיין ברודער, וועלכער איז געווען דער יידישער פאָסט־טרעגער פון גאָמבין, און מען האָט אים געלאָזט אַהיימגיין.

אונדז האָט מען אַוועקגעפירט אין אַרבעט־לאַגער פון קאָנין, וואו ס׳האָבן זיך אויך געפונען גרופּעס יידן פון סאַניק, פון גאָסטינין און אַ צאָל אַנטלאָפענע פון דער זשיכלינער שחיטה.

## אין לאַגער פון קאָנין

אין לאַגער פון קאָנין בין איך אָפּגעווען איבער אַ יאָר צייט, ביז פרילינג 1943. דאָס איז געווען נישט קיין אַרבעטס־לאַגער נאָר אַ גיהנום. מיר זיינען געשלאָפן אויף הילצערנע פּריטשעס, אָן שטרוי, און מענטשן זיינען געפאַלן ווי די פליגן פון הונגער, פון שרעקלעכער אַרבעט און פון קלעפּ. דער לאַגער האָט זיך געפונען 20 קילאָמעטער פון כעלמנאָ און יעדעס מאָל, ווען עמיצער פון די יידן איז קראַנק געוואָרן אויף אַן אַנשטעקנדיקער קראַנקהייט, האָט מען אַלע יידן פון זיין באַראַק אַוועקגעשיקט קיין כעלמנאָ צום טויט. מיר האָבן געלעבט אין הונגער און שמוץ און זיינען געצוואונגען געווען צו טאָן אַזעלכע שווערע אַרבעטן, אַז אַ סך זיינען געבליבן ליגן אונטער שווערע משאות מיט קלעצער. טאָמער האָט עמיצער זיך צעקאַלעטשעט אַ פוס אָדער אַ האַנט, איז דער וועג זיינער געווען — כעלמנאָ.

די צאָל יידן אין לאַגער איז אָבער נישט געוואָרן קלענער, ווייל אויפן אָרט פון די טויטע האָט מען אַלעמאָל געברענגט פרישע קרבנות פון אַנדערע שטעטלעך אָדער לאַגערן. אַ געוויסן טאָג, ס׳איז געווען אינמיטן ווינטער 1943, האָט מען געכאַפּט 10 יידן, ווי זיי זיינען געגאַנגען צו דער באַן גנבענען אַ פּאָר קאַרטאָפל פון באַן־וואַגאָנען. מען האָט אויסגעשטעלט דעם גאַנצן לאַגער יידן אויף אַ גרויסן פּלאַץ און די נאַציס האָבן זיך געגרייט צו דערשיסן די 10 יידן. דאָס איז זיי אָבער געווען ווייניק. דער דייטשער לאַגער־פירער האָט צו זיך צוגערופן דעם יידישן „עלטסטן״, אַ ייד מיטן נאָמען זייף, וועלכער האָט געהאַט אַן איידעם אין גאָמבין, ער האָט אָבער געהאַט געוואוינט אין דאַנציק. דאָס איז געווען אַ זייער איידעלער מענטש, אַ געלערנטער און אַ תלמודיסט און דער לאַגער־פירער האָט אים צוליב עפּעס אַ קאַפּריז אויסגעקליבן פאַר זיינס אַ געהילף. איצט האָט דער „פירער״ באַפוילן דעם יידישן „עלטסטן״, ער זאָל אויסקלייבן נאָך 20 יידן, וואָס זאָלן דערשאָסן ווערן צוזאַמען מיט די 10. דער ייד האָט זיך אָבער אָפּגעזאָגט דאָס צו טאָן. ער האָט זיך אַוועקגעשטעלט נעבן די צען און האָט געזאָגט:

— אויב איר ווילט אומברענגען נאָך

20, בין איך דער ערשטער פון זיי. קלויבט איך אַליין אויס די איבעריקע.

דער נאַצי איז געווען איבעראַשט. אויף אַזאַ זאַך האָט ער זיך נישט געריכט. דער סוף איז געווען, אַז ער איז געוואָרן „מילד" און מען האָט „בלויז" דערשאָסן די 10 „פאַרברעכער".

איך האָב אין יענער צייט געהאַט געאַרבעט אין אַ שניידער־גרופּע, וואו דער גורל איז געווען אַביסל אַ בעסערער ווי ביי דער פיזישער אַרבעט. אין לאַגער ביי אונדז האָט זיך געפונען דער רב פון סאַניקי, אַהרונזאָן, אַ יונגער און איידעלער מענטש. מיר האָבן אים געראַטעוועט דערמיט, וואָס מיר האָבן אים „געמאַכט" פאַר אַ שוסטער. דער רב האָט געפירט אין געהיים אַ טאָג־בוך, וועלכער איז אָבער ליידער פאַרשוואונדן געוואָרן.

אין לאַגער האָט זיך, אויך אין געהיים, געשאַפן אַ זעלבסטשוץ, וואָס האָט געזאַמלט מעסערס און וואָס האָט באַשלאָסן, אַז ווען עס וועט קומען דער טאָג פון ליקווידירן דאָס לאַגער, זאָל מען זיך נישט לאָזן פירן צום טויט, נאָר מען זאָל אומקומען קעמפנדיק. צווישן דער דייטשער לאַגער־אַדמיניסטראַציע האָט זיך געפונען אַ דייטשער סאָציאַליסט, וועלכער האָט זיך באַצויגן צו אונדז זייער מענטשלעך. ער האָט אונדז, שטרענג געהיים, איבערגעגעבן נייעס פון דער וועלט און איינמאָל האָט ער אונדז דערציילט, אַז יידן אין וואַרשע קעמפן מיט געווער קעגן די דייטשן און אַז אַ צאָל דייטשן איז אַפילו אומגעקומען אין דעם נישט־גלייכן קאַמף. דאָס האָט אָנגעפילט אונדזערע הערצער מיט מוט און מיט אַנטשלאָסנקייט, אַז אויך מיר וועלן פאַרן אומקומען נקמה נעמען אין די באַנדיטן.

און דער טאָג איז טאַקע געקומען. אַ געוויסן פאַרטאָג, ווען אונדזער „פאַרטיע" איז געהאַט אַוועק אויף אַרבעט, האָט ער געזאָגט די איבעריקע יידן, אַז היינט איז דער טאָג פון דעפּאָרטאַציע. ווען די דייטשן האָבן שפּעטער געמאָלדן, אַז עס וועט פאָרקומען אַן „אַנטלויזונג", האָט מען פאַרשטאַנען, אַז דער דייטשער סאָציאַליסט האָט געזאָגט דעם אמת, אַז עס איז געקומען דער סוף.

אונדזער צאָל אין לאַגער האָט נישט באַטראָפן דעמאָלט מער ווי 60. אַלע אַנדערע זיינען אָדער אַוועקגעשיקט געוואָרן צום טויט קיין כעלמנאָ, אָדער זיי זיינען דאָ אומגעקומען פון הונגער, פון קלעפּ, פון קראַנקהייטן אָדער אויף תליות. באַלד נאָכדעם, ווי די דייטשן האָבן געמאָלדן וועגן „אַנטלויזונג", האָבן צוויי יידישע לאַגער־פּאָליציאַנטן אונטערגעצונדן די באָד און אַליין האָבן זיי זיך געהאָנגען. (איינער פון זיי איז געווען אַ גאָמבינער ייד מיטן נאָמען קאַמלאַזש און דער צווייטער איז געווען אַ ייד פון סאָניקי — געצל קלעינאַט). עס האָט זיך אויך געהאָנגען דער „יודען־עלטסטער", פיליפּ קראַנץ. דער דאַנציקער ייד זייף האָט זיך געסמט. עס האָט זיך אויך געסמט אַ יידישער דאָקטאָר קלאפּע, אַ געוועזענער אָפיציר אין דער דייטשער אַרמיי בעת דער ערשטער וועלט־מלחמה, און אויך אַן עלטערער גאָמבינער ייד ניידאָרף. ווען דער גאַנצער לאַגער איז שטיין געבליבן אין פלאַמען, האָט זיך אַריינגעוואָרפן אין פייער מיינס אַ גוטער פריינט, טאַבאַטשניק.

אין דער צייט, ווען דאָס אַלץ האָט זיך אָפּגעשפּילט אין לאַגער, זיינען מיר געווען ביי אונדזערע פאַרשידענע אַרבעטן. איינמיטן טאָג זיינען מיר פּלוצלונג אַרומגערינגלט געוואָרן דורך דייטשער פּאָליציי, וועלכע האָט אונדז צוריקגעפירט אין לאַגער. אַלע געביידעס האָבן געברענט און אויף דער ערד האָבן זיך געוואַלגערט יידישע טויטע. אונדז, די איבערגעבליבענע לעבעדיקע יידן, האָבן די דייטשן אָפּגעהאַלטן אויפן פּלאַץ און שפּעטער האָבן זיי אונדז באַפוילן צוזאַמענצונעמען די מתים. די צאָל טויטע איז געווען 11, מיר זיינען געבליבן נישט מער ווי 49.

מיר האָבן זיך געריכט, אַז באַלד פאַרטאָג וועט מען אונדז אַוועקשיקן קיין כעלמנאָ, אָבער די דייטשן האָבן געהאַט אַנדערע פּלענער. מען האָט אונדז נאָך אָפּגעהאַלטן אין לאַגער עטלעכע וואָכן און כמעט אינגאַנצן נישט געטשעפּעט, אַפילו נישט

פאַרלאַנגט פון אונדז קיין קאַטאָרזשנע אַרבעט. אָבער איין פרימאָרגן, ווען מיר זיינען אַרויס פון די באַראַקן, איז דער לאַגער געווען אַרומגעשטעלט מיט ס.ס. מען האָט אונדז באַפוילן אַלץ איבערצולאָזן און מיטצונעמען בלויז אַ שטיקל ברויט. מען האָט אונדז אַרויפגעטריבן אויף לאַסט־אויטאָס, וועלכע האָבן גענומען פאָרן — אַזוי זיינען מיר אַלע געווען זיכער — קיין כעלמנאָ. אינעווייניק, אין לאַסט־אויטאָ, האָט אַ רב מיט אונדז געזאָגט ווידוי. אויפן ברעג פון אויטאָ זיינען געזעסן עטלעכע דייטשע זעלנער און אַזוי ווי מיר איז שוין געווען אַלץ איינס, האָב איך געזאָגט צו איינעם פון זיי, ער זאָל מיר געבן אַ סיגאַרעט.

צו מיין פאַרוואונדערונג האָט ער אַרויסגענומען אַ שאַכטל און האָט מיר געגעבן צו פאַררויכערן. איך האָב מיך פאַרצויגן און האָב אַוועקגעגעבן דעם סיגאַרעט צו די אַנדערע יידן. איך האָב פאַרשטאַנען, אַז דער דייטשער זעלנער איז נישט אַזאַ רוצח און איך האָב אים געפרעגט:

— וואו פאָרן מיר?

— אויף מזרח — האָט ער געזאָגט — אין שטראָף־לאַגער פון האָהענזאַלץ (אינאָווראָצלאַוו).

און אַזוי איז טאַקע געווען.

ווען מיר זיינען אָנגעקומען קיין האָהענזאַלץ, האָבן מיר גלייך דערפילט, וואָס עס הייסט אַזוינס אַ שטראָף־לאַגער. אין לאַגער האָבן זיך געפונען „זינדיקע" פון אַלע נאַציאָנאַליטעטן — פּאָלאַקן, רוסן, דייטשן, אָבער דער עיקר האָט מען דאָ אַהערגעשלעפּט די לעצטע יידן פון פּאָמערן, כדי זיי פון דאַנען אַוועקצושיקן אין די „פּאַבריקן פון טויט". איינע פון די „צענטראַלע" זאַכן אין לאַגער איז געווען אַ „שוואַרצע וואַנט", ביי וועלכער מען האָט דערשאָסן פאַר יעדן מינדעסטן חטא. דאָ אין לאַגער האָט קיינער נישט געטאָרט גיין, נאָר בלויז לויפן. אין טאָג פון אונדזער אָנקומען האָט מען גערברענגט אַ יינג יידיש פּאָרל, אַ בחור מיט אַ מיידל, וועלכע האָבן זיך געהאַט אויסבאַהאַלטן אויף דער „אַרישער" זייט. דער יינגער ייד האָט געהייסן דוד מאָשקאָוויטש. ער איז פריער געווען אַן „איבערידע" אין אַן אַנדערן לאַגער און די ס.ס. אַליין האָבן אים געהאָלפן קריגן פאַלשע „אַרישע" פּאַפּירן. ווען מען האָט זיי געברענגט אין לאַגער אַריין, האָט מען דעם יונגן ייד אַוועקגעשטעלט אינמיטן פּלאַץ און פוןביידע זייטן האָבן זיך אַוועקגעשטעלט צוויי ס. ס. לייט און זיי האָבן אים גענומען אַזוי שטאַרק שלאָגן מיט שטעקנס, אַז זיי זיינען מיד געוואָרן און מען האָט זיי געמוזט פאַרטרעטן מיט אַנדערע. דער ייד האָט אָבער, על פּי נס, אויסגעהאַלטן די קלעפּ.

צומאָרגנס, עס איז געווען אַ קילער פאַרטאָג, אַרום תשעה באב, האָט מען מיך צוזאַמען מיט אַ גרופּע יידן (און אויך דאָס „אַרישע" פּאָרל) אויסגעשטעלט צו עוואַקואַציע. מען האָט אונדז בלויז געלאָזט מיטנעמען אַ שטיקל ברויט. עס איז אונדז געוואָרן קלאָר, אַז ס'איז געקומען אונדזער סוף. מען האָט אונדז אַריינגעטריבן אין פראַכטוואַגאָנען, וואו ס'איז געווען אַזוי ענג, אַז מען האָט קוים געקאָנט שטיין. יעדער וואַגאָן איז געוואָרן אָפּגעהיטן דורך ס.ס.־לייט מיט מאַשין־ביקסן און מיר זיינען אַזוי אַרום געפאָרן — אָן עסן און אָן אַ טראָפּן וואַסער — עטלעכע טעג. גענוי ווי לאַנג מיר זיינען געפאָרן, געדענק איך נישט. אין אַ מיטן דער נאַכט האָט די באַן זיך פּלוצלונג אָפּגעשטעלט, מען האָט אויפגעריסן די טירן און מיר האָבן דערהערט אַ געבילעריי פון הינט און ווילדע אויסרופן:

— הערראַוסשטייגן!

אין דרויסן זיינען געשטאַנען ווילדע ס.ס.־לייט מיט שטעקנס און מאַשין־ביקסן אין די הענט.

מיר זיינען געווען אין אוישוויץ.

## אוישוויץ

אַלץ איז דאָ פאָרגעקומען אין אַ בליץ־שנעלן טעמפּאָ. געטריבענע פון ס.ס.־לייט זיינען מיר אַלע אַדורך דורך אַ מאַן, וועלכער האָט אָנגעוויזן מיט אַ פינגער אויף רעכטס און אויף לינקס. לינקס — פרויען, קינדער, עלטערע לייט, שוואַכע. רעכטס —

די יינגערע, די מענער, די פייאיקע צו אַרבעט. איך בין אַוועקגעטריבן געוואָרן אויף רעכטס און מיר זיינען גלייך אַרויפגעטריבן געוואָרן אויף לאַסט־אויטאָס. איך בין אַריין אין אַזאַ לאַסט־אויטאָ צוזאַמען מיט נאָך צוויי גאָמבינער יידן — מאכל בער און מענדל וורובעל. וואו מען האָט אונדז געפירט האָבן מיר נישט געוואוסט, ס׳האָט פונקט געקאָנט אַזוי זיין צו דער אַרבעט ווי צום טויט.

וורובעל האָט געהאַט ביי זיך אַ שטיקל ברויט און ער האָט געזאָגט צו אונדז: לאָמיר עס אויפעסן. לאָמיר כאָטש שטאַרבן זאַטע. נאָך אַ האַלבע שעה פאָרן האָבן זיך די אויטאָס אָפּגעשטעלט. ווען מען האָט אונדז אַרויסגעטריבן אינדרויסן, האָבן מיר דערזען אַרומלויפנדיקע מענטשן אין בגדים מיט פּאַסן. מיר האָבן אַ טראַכט געטאָן: אונדזער חברה קדישא.

אָבער באַלד האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז פאַר אונדז איז נישט באַשטימט געוואָרן קיין שנעלער טויט. מען האָט אונדז אַריינגעטריבן אין אַ מין גרויסן זאַל, וואו מען האָט אונדז געהייסן אויסטאָן און איבערלאָזן בלויז די פּאַסקעס (די רימענס). ס׳האָט דאָ אויסגעזען ווי אַ גרויס באָד־צימער, אָבער איבערן סופיט זיינען געלאָפן געוויינלעכע רערן, אינגאַנצן נישט ענלעכע צו אַ באָד. יעדער פון אונדז איז געווען זיכער, אַז דאָס איז אַ גאַז־קאַמער. אָבער די טיר האָט זיך פּלוצלונג געעפנט און עס זיינען אַריינגעקומען צוויי לאַגער־פירער אין שוואַרצע מונדירן, פון הינטן, אויף די רוקנס, האָבן זיי געהאַט רויטע לאַמפּאַסן. מיר האָבן איצט מורא געהאַט צו אָטעמען, אָבער די לאַגער־פירער האָבן געזאָגט, אַז דאָ וועלן מיר זיך „בלויז" אָפּוואַשן.

נאָכן אָפּוואַשן זיך זיינען מיר געשטאַנען אין אַ ריי צו עטלעכע „העפטלינגע", וועלכע זיינען געזעסן שטיל, אָן אַ וואָרט, און האָבן ביי יעדן פון אונדז אַראָפּגעשוירן אַלע האָר פון קערפּער און האָבן אונדז איינגעשמירט מיט זאַלב. דערנאָך, נאָך דער דאָזיקער „טואַלעטע", האָט יעדער געקראָגן אַ בגד מיט פּאַסן און אַ פּאָר האָלצענע שיך. דאָס האָט געדויערט אַ גאַנצע נאַכט. פאַרטאָג האָט מען אונדז אַרויסגעטריבן אויפן אַפּעל־פּלאַץ, וואו עס איז געשטאַנען אַן אָרקעסטער און האָט געשפּילט. מיר זיינען געשטאַנען — און האָבן זיך צוגעקוקט, ווי מען האָט אַרויסגעפירט גרופּעס מיט העפטלינגע צו דער אַרבעט. אַליין האָבן מיר דערווייל גאָרנישט געטאָן.

אין אַ פּאָר מינוט אַרום האָט מען אונדז גענומען אויסרופן ביי די נעמען לויטן אלף־בית, און מען האָט יעדן פון אונדז אויסטאַטואירט אויפן אָרעם אַ נומער. איך האָב באַקומען דעם נומער 212־144. דאָס איז געווען האַרבסט־צייט 1943 און דאָס האָט געהייסן, אַז איך בין געווען דער 144 טויזנט און 212־טער „אַרבעט־פעאיקער" אין אוישוויץ. מיטאָג־צייט האָט איינער פון די לאַגער־פירער באַשטימט צוויי פון אונדזער גרופּע, זיי זאָלן אונדז ברענגען צו עסן. דערנאָך האָט מען אונדז צעטיילט אין קלענערע גרופּן און יעדע איינע צוגעטיילט צו אַ לייוונט־געצעלט. אויף מיר אויסגעפאַלן דאָס געצעלט נומער 4.

ערשט ביסלעכווייז האָבן מיר זיך גענומען אַרומקוקן, וואו מיר זיינען. אוישוויץ איז באַשטאַנען פון דריי טיילן: פון בירקענאַו, בונאַ און אוישוויץ. מיר האָבן זיך געפונען אין בונאַ, וואָס האָט געהאַט אַ מעלה, אַז דאָ זיינען נישט געווען קיין גאַז־קאַמערן, ניט קיין קרעמאַטאָריעס, אָבער דאָס הייסט נישט, אַז אין בונאַ האָט נישט טאָג און נאַכט געלויערט דער טויט; אָבער די אַלע, וואָס זיינען געוואָרן באַשטימט צו שטאַרבן, זיינען אַוועקגעפירט געוואָרן קיין בירקענאַו (בזשעזשינקי), דאָרטן איז מען געוואָרן פאַרגאַזט און פאַרברענט.

מיר, די גאָמבינער, האָבן זיך באַמיט די גאַנצע צייט צו האַלטן צוזאַמען. אין אונדזער געצעלט האָבן זיך געפונען, אַחוץ מיר: מאכל בער, יאַנקל אַלטמאַן, הערש נתן זיידעמאַן, הערשל בלאַוואַט און שמואליק פרענקל. וורובלען האָט מען געהאַט אַוועקגעשיקט אין אַ צווייטן לאַגער צו אַרבעטן אין אַ קוילנגרובן. אונדזער גרופּע פון פערטן געצעלט האָט מען אין אָנהייב צוגע־

טיילט צו אַ מערדערלעכער אַרבעט, צו לאָדן קוילן; ווייל אין בונאַ איז אָנגעגאַנגען אַ פיבערהאַפטע אַרבעט ביים בויען פאַרשידענע פאַבריקן. די העפטלינגע זיינען געווען נישט בלויז יידן, נאָר אויך פּאָלאַקן, האָלענדער, פראַנצויזן, איטאַליענער, גריכן, דייטשן און אונגאַרן. די נישט־יידן זיינען אין גרעסטן טייל געווען קרימינעלע פאַרברעכער, אַרויסגענומענע פון שווערע תפיסות. עס איז אָבער אויך געווען אַ צאָל פּאָליטישע, אַנטי־נאַצישע „זינדיקע". פון אָנהייב האָבן אַלע געאַרבעט גלייך, דער אונטערשייד איז בלויז באַשטאַנען אין דעם, וואָס יידן האָבן געטראָגן מגן־דוד׳ס — אַ רויט און אַ בלוי ווינקל; פּאָליטישע פאַרברעכער האָבן געטראָגן רויטע ווינקלען און קרימינעלע — גרינע. און נאָך איז געווען אַן אונטערשייד: וואָס מיר, די יידן, זיינען יעדע פאָר וואָכן אַדורכגעגאַנגען אַ סעלעקציע. עס פלעגט קומען אַ „דאָקטאָר" און ביי יעדן איינעם, וואָס איז געווען צופיל אויסגעדאַרט אָדער קראַנק, האָט מען צוגענומען די קאַרטע און אַוועקגעשיקט קיין בירקענאַו אויף „זאָנדערבעהאַנדלונג", דאָס הייסט פאַרגאַזן. שפּעטער האָט מען די פּאָלאַקן און די דייטשן אַוועקגעשיקט ערגעץ אַנדערש.

נאָך 6 וואָכן אָפּאַרבעטן ביי די קוילן איז געקומען אַ קאַפּאָ און האָט מיך אַוועקגעשיקט צו אַ שטראָף־קאָמאַנדאָ, וואו מען האָט געטראָגן שטיינער. די אַרבעט איז געווען אַזאַ מוראדיקע, אַז די העפטלינגע זיינען געפאַלן ווי פליגן. יעדן סוף טאָג האָבן זיך צווישן די שטיינער אַרומגעוואַלגערט טויטע. דאָרטן האָב איך געטראָפן בלאַוואַטן, וועלכער האָט ביים טראָגן די שטיינער צעבראָכן אַ פוס. ווען די דייטשן וואָלטן דערפון געוואוסט, וואָלטן זיי אים באַלד אַוועקגעשיקט קיין בירקענאַו, אָבער מיר — די גרופּע גאָמבינער — האָבן אים אַריינגענומען צו אונדז אין באַראַק און עס איז אונדז געלונגען אים אָפּצוראַטעווען.

מיין גליק איז געווען דאָס, וואָס מען האָט מיך סוף־כל־סוף צוגעטיילט צו אַ שניידער־קאָמאַנדאָ, וואו די באַדינגונגען פון אַרבעט זיינען געווען לייכטערע, מען האָט אויך באַקומען מער צו עסן. איך האָב געפועלט ביים עלטסטן פון בלאָק, אַ פּאָלאַק מיטן נאָמען וויטעק, ער זאָל אַריינגעמען בלאַוואַטן, ביי וועמען דער פוס האָט זיך שלעכט צוזאַמענגעוואַקסן. איך האָב דערפאַר דעם פּאָלאַק גענייט און געסטריגעוועט מלבושים.

אַזוי איז אַדורך אַ יאָר. אַרום האָט געאַרבעט די פאַבריק פון טויט, וואָס האָט געהייסן אוישוויץ. יעדן טאָג זיינען אָנגעקומען באַנען מיט נייע יידישע קרבנות, וואָס זיינען מייסטנטייל, די שוואַכע, די עלטערע, די פרויען און די קינדער, באַלד אַוועקגעשיקט געוואָרן אין די גאַז־קאַמערן. די אויוונס האָבן דאָרט געברענט בייטאָג און ביינאַכט. אין די נעכט פלעגט מען זען ווי פון די קוימענס האָבן געשלאָגן פייערן און דער ווינט פלעגט אַהערטראָגן ריחות פון געסמאַלעט מענטשלעך פלייש. אין אַלע אַנדערע אָפּטיילונגען פון דער אוישוויצער אימפעריע איז אָנגעגאַנגען אַן אַנדערער סאָרט גיהנום. דאָ האָבן צענדליקער טויזנטער יידישע העפטלינגע געטאָן די שווערסטע אַרבעטן אונטער די בייטשן פון באַנדיטן און סאַדיסטן. די שפּייז איז געווען אויסגערעכנט, אַז לענגער ווי דריי חדשים זאָל מען נישט קאָנען לעבן. יעדע פאָר וואָכן איז פאָרגעקומען אַן אָפּקלייב — אַ סעלעקציע — וואָס האָט אַוועקגעפירט די „אומפּייאיקע" צום טויט. אויף זייער אָרט האָבן די פראַכט־וואַגאָנען געברענגט נייע און נייע קרבנות.

אונדזערע הערשער, אָנהויבנדיק פון קלענסטן קאַפּאָ ביז צו די לאַגער־עלטסטע, זיינען געווען בלוטיקע באַנדיטן און די גרויזאַמסטע אויסוואורפן, וואָס האָבן געקאָנט טאָן מיט אונדז, וואָס זיי האָבן געוואָלט. די אָפּצייכענונג פון זייער מאַכט זיינען געווען בייטשן, שטעקענעס, רעוואָלווערן, קאָלבעס פון ביקסן און תליות. זיי האָבן געזאָרגט דערפאַר, אַז דער טויט זאָל נישט אָנקומען לייכט, אַז די יסורים זאָלן זיין וואָס גרעסערע. אַזוי זיינען אַדורך לאַנגע חדשים. די מיל־שטיינער פון אוישוויץ

האָבן נישט אויפגעהערט צו מאָלן. יעדער פון אונדז איז יעדער רגע געווען אויסגעשטעלט אַריינכאַפּט צו ווערן צווישן די שטיינער פון טויט.

אינמיטן 1944 איז קיין אוישוויץ אָנגעקומען דער יונגער לייזער באָציאַן, אַ גאָמבינער, אַ קינד נאָך, וועמען מען האָט אים פאַרשלעפּט אין אַרבעטס־לאַגער פון קאָנין, וואו איך האָב זיך מיט אים פאַרנומען ווי מיט אַ יינגערן ברודער. איצט, ווען ער האָט ביים אָנקומען קיין אוישוויץ געהערט, אַז איך בין דאָ, האָט ער מיך אָפּגעזוכט און אונדזער באַגעגעניש איז געווען פול מיט רירנדיקער פרייד. אַרייננעמען אים אין מיין בלאָק איז נישט געווען מעגלעך, אָבער איך האָב גענומען זאָרגן, ער זאָל קריגן פון אונדז אַ צוגאָב־עסן און ער זאָל נישט פאַרשיקט ווערן צום טויט אויף אַ סעלעקציע.

מיר האָבן זיך אַזוי אַרום געפּייניקט און געמאַטערט ביז די רוסישע אַרמייען האָבן זיך גענומען דערנענטערן און מיר האָבן שוין געקאָנט הערן די שיסערייען פון זייערע קאַנאָנען. עס האָבן אַפילו גענומען אַריינפאַלן באָמבעס אין געוויסע טיילן פון לאַגער. ביז עס איז געקומען דער טאָג פון 1טן יאַנואַר, 1945, און מיר האָבן געהערט, אַז דער לאַגער דאַרף עוואַקואירט ווערן. מיר האָבן נישט געוואוסט דעמאָלט, צי עס איז בעסער צו ווערן עוואַקואירט צי אפשר ערגעץ זיך דאָ אויסבאַהאַלטן ביז די רוסן וועלן אַריין. אָבער די ס.ס.־לייט האָבן אונדז נישט געגעבן קיין סך צייט צו טראַכטן. מען האָט אונדז שנעל צוזאַמענגעיאָגט אין רייען און מען האָט אונדז אָנגעהויבן צו טרייבן אין אַ קנאַקעדיקן פראָסט און איבער טיפע שנייען.

מיר זיינען געטריבן געוואָרן אין מיטן פון וועגן, אַרומגעשטעלט פון ביידע זייטן דורך ס.ס.־לייט, וואָס האָבן דערשאָסן יעדן איינעם, וואָס האָט נישט געקאָנט גיין שנעל. ביינאַכט זיינען מיר אָנגעקומען אין אַ ציגל־פאַבריק, וואו מיר האָבן איבערגענעכטיקט. צומאָרגנס פאַרטאָג האָבן מיר ווידער גענומען גיין איבער דער פאַרפרוירענער ערד און איבער שנייען און נאָך עטלעכע טעג — און נאָכדעם ווי הונדערטער זיינען געבליבן ליגן טויט אויף די וועגן — זיינען מיר אָנגעקומען אין אַ לאַגער גלאַיעוויץ, פונוואַנען מען האָט נאָך פריער עוואַקואירט די העפטלינגע.

דאָ איז פאָרגעקומען אַ סעלעקציע. מען האָט אונדז צעטיילט אויף אַזעלכע, וואָס קאָנען גיין און די איבעריקע — און אויך אונדזער גרופּע — האָט מען אַריינגעטריבן אין אָפענע וואַגאָנען. איך האָב מיך די גאַנצע צייט געהאַלטן מיט די גאָמבינער יידן, מיט מאַסטבוים, באָציאַן, סעם פרענקעל און מאכל בער. צוויי וואָכן זיינען מיר אַזוי געפאָרן אין די אָפענע וואַגאָנען, דער הונגער און פראָסט האָבן יעדן טאָג צוגענומען צענדליקער טויטע. יעדן, וואָס איז געשטאָרבן, האָט מען אַרויסגעוואָרפן פון וואַגאָן, מען האָט אַפילו אַרויסגעוואָרפן אַזעלכע וואָס האָבן נאָך געזשיפּיעט. יעדעס מאָל, ווען די באַן האָט זיך אָפּגעשטעלט, האָט מען צוזאַמענגענומען די טויטע און זיי אַריינגעוואָרפן אין לעצטן וואַגאָן. מיר האָבן די גאַנצע צייט נישט באַקומען גאָרנישט צו עסן. מיר האָבן געגעסן שניי און גענאַגט אייז.

ווען די באַן האָט גענומען פאָרן דורך טשעכאָסלאָוואַקיע, האָט געטראָפן, אַז איינוואוינער האָבן אונדז טיילמאָל אַריינגעוואָרפן ברויט. דאָס איז אָבער געווען זייער זעלטן. מיר זיינען אַדורכגעפאָרן דורך עסטרייך און האָבן זיך אַפילו אָפּגעשטעלט אויפן וואָקזאַל פון ווין. אומעטום האָט די באַפעלקערונג געקוקט אויף אונדז, אויף די וואַגאָנען מיט לעבעדיקע שקעלעטן, מיט שרעק.

אָפּגעשטעלט האָט זיך די באַן אין לאַגער דאָראַ, וואָס איז געווען פאַרשטעקט אין אַ וואַלד און וואו עס האָט שוין געוואַרט אויף אונדז אַ מחנה מיט „שוץ־פּאָליציי”, וועלכע האָבן אונדז אויפגענומען מיט מוראדיקע קלעפּ. אין „דאָראַ” האָט מען אויסגעאַרבעט די ראַקעטע־באָמבעס „ווי־1” און „ווי־2”. די אַרבעט איז פאָרגעקומען אין אונטערערדישע טונעלן, וואו מיר האָבן געמוזט אָפּליגן גאַנצע טעג. די צאָל טויטע איז

יעדן טאָג געווען אַזוי גרויס, אַז מען האָט זיי אַוועקגעלייגט פאַר די באַראַקן, ווי מען לייגט אָן שטשאַפּעס מיט האָלץ.

דעם 15טן מערץ האָט מען יעדן פון די לעבן־געבליבענע געגעבן אַ ברויט און אַ פּושקע מיט קאָנסערוון און מען האָט אונדז ווידער אַריינגעטריבן אין וואַגאָנען, דאָס מאָל צוגעדעקט מיט ברעזענטענע „פּלאַנדעקעס״. אינעווייניק איז געווען אַזוי אָנגעפּאַקט, אַז מען האָט נישט געקאָנט אָטעמען. כ׳האָב געזען, אַז דאָ וועלן מיר פּשוט דערשטיקט ווערן, איז מיר איינגעפאַלן צו נעמען אַ קאָץ, אַרויפהענגען אים צווישן צוויי שטאַנגען און מאַכן דערפון — פאַר מיר און פאַר באָציאַנען — אַ מין האַמאַק. אַנדערע האָבן נאָכגעטאָן דאָס זעלבע. אַחוץ דעם האָט מען אויך אויסגעשניטן פענצטערלעך אין די „פּלאַנדעקעס״.

אויפן וועג האָט מען אונדז עטלעכע מאָל באָמבאַרדירט און די ס.ס. זיינען יעדעס מאָל זיך געלאָפן באַהאַלטן. נאָך צוויי וואָכן זיינען מיר אָנגעקומען אין לאַגער פון בערגען בעלזען. דאָרט האָבן ווידער די גאָמבינער זיך געהאַלטן צוזאַמען. מיר האָבן זיך איינגעאָרדנט אויף עפּעס אַ בוידעם פון אַ הויז, וואָס איז פריער געווען אַ מין הויז פאַר אָפיצירן. מיר זיינען דאָרט געווען: די ברידער שמואל און מענדל לאַסקי, שמואל פרענקל, אברהם מאַסטבוים, לייזער באָציאַן און איך. אין בערגען בעלזן האָט מען נישט געאַרבעט, דאָס איז געווען אַ לאַגער, וואו הונדערטער טויזנטער העפטלינגע זיינען לאַנגזאַם אויסגעגאַנגען פון הונגער און פון עפּידעמישע קראַנקהייטן.

דעם 15טן אַפּריל האָבן ענגלישע סאָלדאַטן אויפגעריסן די טויערן און האָבן באַפרייט דעם לאַגער. זיי זיינען געבליבן שטיין ווי פאַראַליזירטע, ווען זיי האָבן דערזען די בערגער טויטע און גוססדיקע און די אַרומשלייכנדיקע שאָטנס פון מענטשן. זיי האָבן באַפוילן די איבערגעבליבענע ס.ס.־לייט, וואָס האָבן נישט באַוויזן צו אַנטלויפן, זיי זאָלן אויפרוימען די טויטע. ווען די נעכטיקע שקלאַפן און קרבנות האָבן געזען, ווי זייערע נעכטיקע הערשער פירן אויס מיט אַזאַ הכנעה די ענגלישע באַפעלן, האָט פלוצלונג אַלעמען באַהערשט אַ מוראדיקער צאָרן. פון אַלע זייטן האָט מען זיך אָנגעהויבן צו וואַרפן אויף די באַנדיטן און זיי זיינען אַלע אומגעקומען. די ענגלענדער האָבן געוואָלט אָפּשטעלן די יידן אין זייער נקמה־אַקט קעגן די גרויזאַמע חיות, זיי האָבן אַפילו אַרעסטירט אַ פּאָר יידן, אָבער די רוצחים וואָס האָבן פאַרגאָסן אַזוי פיל יידיש בלוט, האָבן זייער סוף נישט אויסגעמיטן. שפּעטער האָט מען אַריינגעטריבן אין לאַגער דייטשע איינוואוינער פון דער אַרומיקער געגנט, זיי זאָלן באַערדיקן די בערגער מיט טויטע. מען האָט זיי באַפוילן צו גראָבן די ערד מיט לעפל אָדער מיט די הענט — זאָלן זיי כאָטש פילן אַ מיליאָנסטל פון דעם גיהנום. אָבער די גרעסטע טייל פון אונדז האָט נישט געפילט — נישט די פרייד פון באַפרייט ווערן, נישט קיין געפיל פון נקמה. אויסגעדאַרטע, שוואַכע, קראַנקע, האָבן מיר אַרומגעשלייכט איבערן לאַגער און אין דער פינצטערניש פון אונדזערע קאָשמאַרן.

האַניאַ שען־טייפעלד

# די שול ברענט

אַ געוויסן אָוונט ווען מיר זיינען געזעסן אין דער וואוינונג, פאַרשלאָסן און אין אַ מורא, די דייטשן זאָלן נישט דערהערן אונדזערע שטימען, האָבן מיר פּלוצלונג דערהערט ווי עמעצער גייט איבער די טרעפּ. באַלד האָבן זיך דערהערט קלעפּ אין דער טיר.

אויף דער שוועל האָבן זיך געפונען עטלעכע פּוילישע יונגען. זיי האָבן געזאָגט, אַז זיי דאַרפן אונדזער באַלקאָן צו אינסטאַלירן ראַדיאָ־אַפּאַראַטן.

זיי זיינען דאָרט פאַרבליבן ביז שפּעט אין דער נאַכט. ווען זיי זיינען אַוועק האָט מען געהערט פון די גאַסן די שווערע טריט פון דייטשע זשאַנדאַרמען.

צומאָרגנס אין דער פרי האָט דער דייטשער הויפּטמאַן באַפוילן, אַז אַלע יידישע מענער זאָלן זיך מעלדן אויפן נייעם מאַרק (חזיר מאַרק). דאָרט וועט מען זיין פאַרטיילן צו פאַרשיידענע אַרבעט.

באַלד האָבן זיך דאָרט אויפגעשטעלט לאַנגע רייען מיט יידן, צו וועלכע דייטשן האָבן געהאַלטן רעדעס. אַקעגנאיבער די יידישע רייען האָט מען אויסגעשטעלט מאַשין־ביקסן. אַרום האָט געהערשט אַ טויטע שטילקייט.

פּלוצטהאַלבן האָט מען דערזען לאַנגע פייערדיקע צינגער, וואָס האָבן גענומען שלאָגן פון דער שול. באַלד דערנאָך האָבן זיך דערהערט מוראדיקע מענטשלעכע געשרייען. עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז די דייטשן האָבן אונטערגעצונדן די שול. באַלד דערנאָך האָבן זיי גענומען מיט חוזק טרייבן די יידן, זיי זאָלן ראַטעווען דעם מקום קודש.

די צעיושעטע בעסטיעס האָבן געטריבן די פאַרחלשטע יידן ווי אַ סטאַדע מיט שאָף פון איין בעסטיע צו דער צווייטער און האָבן זיי די גאַנצע צייט געשלאָגן מיט שטעקנס, מיט קאָלבעס, מיט בייטשן.

די געוויינען און געשרייען זיינען געגאַנגען ביז צום הימל.

די נאַציס האָבן אַריינגעטריבן די יידן אין די פלאַמען און האָבן זיי געצוואונגען צו לעשן דאָס פייער מיט די נאַקעטע הענט. זיי האָבן דערביי יעדן איינעם געשלאָגן מיט נאַהאַיקעס און באַגנעטן.

עס האָט לאַנג נישט געדויערט און די פראַכטפולע געביידע, וואָס איז געווען דער שטאָלץ פון גאָמבין, האָט גענומען זיך פאַרוואַנדלען אין אַ באַרג אַש. די הייליקע שול איז פאַרשלונגען געוואָרן אין פייער און אין רויך און די הויכע טורעמעס האָבן גענומען איינפאַלן.

דער ווינט האָט געטריבן און געיאָגט די פונקן אויף די דערבייאיקע הייזער און צוזאַמען מיט דער שול איז פאַרברענט געוואָרן אַ גרויסע טייל פון יידישן קוואַרטאַל.

אין עטלעכע שעה אַרום האָבן נאָך בלויז געטליעט קליינע פייערן אויף בערגער מיט שוואַרצע חורבות. דאָרט וואו עס איז הונדערטער יאָרן געשטאַנען די קרוין פון יידישן גאָמבין, איז איצט געווען אַ באַרג מיט רויכנדיקע האָלאָוועשקעס.

דאָס איז געווען דער אָנהייב פון גרויסן חורבן. און נאָך דעם אומקום פון דער שול איז געווען דער אומקום פון די מתפללים...

ראָזאַ גרינבאַום־דינערמאַן

# אויף דער אַרישער זייט...


ראָזאַ גרינבאום־דינערמאַן

מיר זיינען געווען 4 קינדער — דריי ברידער און איך, די שוועסטער, די יינגסטע. אונדזערע עלטערן זיינען געווען באַקאַנט נישט בלויז צווישן דער יידישער באַפעלקערונג אין גאָמבין, נאָר אויך צווישן דער קריסטלעכער. מיין פאָטער פלעגט קויפן ביי די אַרומיקע קריסטלעכע אייוואוינער תבואה און פלעגט עס טראַנספאָרטירן קיין קוטנע, פלאָצק און וואַרשע. די עלטערן מיינע האָבן אויך געהאַט אַ קינאָ, וואָס זיי האָבן אויפגעבויט נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה. דאָס קינאָ, האָט פון אָנהייב זיך גערופן „פאָלאָניאַ“, און שפעטער — „אַדריאַ“. אין דער געביידע פונעם קינאָ פלעגן אויך געגעבן ווערן פאָרשטעלונגען פון דורכפאָרנדיקע יידישע טעאַטער־טרופעס. אַ חוץ דעם האָבן די עלטערן מיינע געהאַט אויך אַ שפייז־געוועלב אין אונדזער הויז, אין גאָמבין. זיי האָבן דאָס אַלץ געטאָן מיטן איינציקן ציל: צו פאַרזיכערן די קינדער זייערע אַ בעסערע עקסיסטענץ. אָבער דער גורל האָט געוואָלט אינגאַנצן אַנדערש...

נאָך אַ שיינעם זומער 1939, איז געקומען אַ הערלעכער סעפטעמבער, אָבער צוזאַמען מיט די פראַכטן פון דער נאַטור איז געקומען דער בלוטיקער קריג. די דייטשן זיינען באַפאַלן פוילן דעם 1טן סעפטעמבער און נישט געקוקט דערויף, וואָס אין גאָמבין זיינען נישט געווען קיין מיליטערישע אָביעקטן האָבן זיי באָמבאַרדירט דאָס שטעטל אונדזערס דריי טעג נאָכאַנאַנד און האָבן געזייט טויט און פאַרניכטונג צווישן דער שוצלאָזער באַפעלקערונג.

בעת די באָמבאַרדירונגען פלעגן מיר אַנטלויפן אין פעלד אַריין. בלויז מיין פאָטער האָט זיך אָפגעזאָגט צו פאַרלאָזן דאָס הויז. ער האָט די גאַנצע צייט זיך פאַרנומען מיט פלעגן די פאַרוואונדעטע. ווען די דייטשן זיינען אַריין אין שטאָט האָבן זיי פאַרוואַנדלט דאָס לעבן פון די יידן אין אַ גיהנום. באַלד אין די ערשטע טעג האָבן זיי פאַרזאַמלט אַלע יידישע מענער פון 15 ביז 65 יאָר און האָבן זיי געטריבן צו דער גרויסער היסטאָרישער שול, וועלכע זיי האָבן אונטערגעצונדן און פאַרברענט. זיי האָבן דערביי געשטויסן די יידן צום פייער, און האָבן זיי דערביי מערדערליך צושלאָגן .מיין ברודער שלמה איז געווען איינער פון די געפייניקטע קרבנות. ער איז פון דאָרט קוים אַנטלאָפן מיטן לעבן.

יעדן טאָג האָבן די דייטשן דורך קלאַפן אין אַ פויק אָנגעזאָגט נייע גזירות קעגן די יידן: די יידן האָבן באַלד אין אָנהייב גע־

מוזט אַוועקגעבן דאָס גאָלד, צאָלן אַרויפגעלייגטע קאָנטריבוציעס און טראָגן אַ געלן מגן דוד אויף דער ברוסט און פּלייצע. יידן האָבן נישט געטאָרט גיין אויף די טראָטואַרן, נאָר אין מיטן וועג. יידן האָבן געדאַרפט אָפּרייניקן די חורבות פון די באָמבאַרדירטע הייזער, זיי האָבן געמוזט האַלטן געשלאָסן די געשעפטן. די גזירות האָבן זיך געמערט. דאָס לעבן איז מיט יעדן טאָג געוואָרן מער אומדערטרעגלעך.

אין אַ געוויסן טאָג זיינען צו אונדז אין הויז אַריינגעפאַלן אַ 20 דייטשע סאָלדאַטן, וועלכע זיינען אָנגעפירט געוואָרן דורך אַ יונגן שייגעץ, אַלבערט פּאַט, אַ זון פון אַ דייטש, וועלכער פלעגט האַנדלען מיט מיין פאָטער. די סאָלדאַטן האָבן כלומרשט געזוכט געווער. דאָס איז אָבער געווען ניט מער ווי אַן אויסרייד.

זיי האָבן איבערגעקערט אַלע שטובן, האָבן צוגענומענע אַלע ווערטפולע זאַכן. אַ סך פון די זאַכן און שפּייז־פּראָדוקטן האָט אַלבערט אַרויסגענומען אינדרויסן, פאַר די פּאָלאַקן, וואָס זיינען געשטאַנען אַרום אונדזער הויז און האָבן הנאה געהאַט פון דעם פּאָגראָם איך בין גראָד אָנגעקומען אינמיטן פון דער סצענע. ווען אַלבערט האָט מיך דערזען, האָט ער מיר געדראָט מיטן רעוואָלווער, אויב כ׳וועל ניט אויסזאָגן, וואו דאָס געווער געפינט זיך, וועט ער דערשיסן מיינע עלטערן מיט די ברידער. איך האָב אים געענטפערט: „קאָנסט זוכן, וואו דו ווילסט. דו ווייסט גוט אַז מיר האָבן נישט קיין געווער". קורץ נאָכדעם האָבן די דייטשן פאַרחתמט און דערנאָך צוגענומען אונדזער סקלאַד תבואה.

אַ טאָג פאַר „באָזשע נאַראָדזעניע", ווען עס האָט זיך געשטעלט דער ערשטער פראָסט, איז אַראָפּגעקומען קיין גאָמבין אַ געסטאַפּאָוויעץ פון לאָדזש. ער האָט זיך אַרומגעדרייט איבער די גאַסן פון דער שטאָט און האָט געשלאָגן אָנגעטראָפענע יידן מיט אַ גומענעם שטעקן. ער האָט זיך אַריינגעריסן אין יידישע הייזער, און ער האָט באַפוילן די פרויען זיך אויסצוטאָן נאַקעט, און די וואָס האָבן נישט געפאָלגט זיינען געשלאָגן געוואָרן מכות רצח. דער דאָזיקער געסטאַפּאָוויעץ אין אַ געוויסן טאָג, אין דער באַגלייטונג פון נאָך 2 דייטשן, אַריין אין הויז פון סאָלאַ לושינסקא, וואו זיי האָבן זיך אָנגעשיכורט, שפּעטער האָבן זיי זיך אַריינגעריסן אין הויז פון די ראָזענס, וואו עס האָט אויך געוואוינט די פאַמיליע טיבער, וועלכער האָט געהאַט צוויי קינדער, אַ מיידעלע פון 11 יאָר און אַ יינגעלע פון 6. די צעיושעטע דייטשן האָבן באַפוילן דער מיידעלע מיט זיי מיטצוגיין. עס האָבן נישט געהאָלפן קיין געוויינען און קיין געבעטן. נישט פון קינד און נישט פון די עלטערן. זיי האָבן דאָס מיידעלע אַוועקגעשלעפּט. די עלטערן זיינען געלאָפן צום יידישן קאָמיטעט, צו דער פּאָליציי און צום בירגערמייסטער. צומאָרגנס האָט מען איר געפונען אויפן פעלד אַ נאַקעטע, אַ פאַרגעוואַלדיקטע און אַ דערשאָסענע. די פאַרצווייפלטע עלטערן זיינען מער נישט געקומען צו זיך. די מוטער האָט נישט געלאָזט זיך לאַנגע וואָכן אָפּרייסן פון קבר און איז אין עטלעכע חדשים אויסגעגאַנגען.

די פּייניקונגען פון די גאָמבינער יידן, דאָס כאַפּן אויף אַרבעט און דאָס בעסטאַלישע שלאָגן איז אָנגעגאַנגען טאָג ביי טאָג. אָבער פון אַנדערע שטעטלעך האָבן אָנגעהויבן צו קומען נאָך מער גרויזאַמע ידיעות. אין קוטנע האָבן די נאַציס באַפוילן אַלע יידן זיך אַרויסצוקלייבן פון די הייזער און אַריינצוציען זיך אין אַ ליידיקער פאַבריק. אין אָנהייב 1941 האָט מען די יידן פון קוטנע, פון קאָלאָ און פון אַנדערע שטעטלעך אַוועקגעשיקט אויף זייער לעצטן וועג קיין כעלמנאָ. דאָס איז געווען דאָס ערשטע מאָל, ווען מיר האָבן זיך אָנגעהויבן צו דערוויסן וועגן די אויטאָס, אין וועלכע די יידן זיינען דערשטיקט געוואָרן מיט גאַז, וועגן די מאַסןקברים, וועגן די דערשיסונגען פון די איבערגעבליבענע יידן, וואָס האָבן געגראָבן די קברים. קיינער פון אונדז האָט פון אָנהייב נישט געוואָלט גלייבן, אָבער וואָס ווייטער

האָבן זיך געמערט די באַווייזן, אַז דאָס אומגלויבלעכע איז אמת.

אין אָנהייב האַרבסט האָט דער גורל גענומען זיך אָנרוקן אויף די יידן פון גאָמבין. צוערשט האָבן די דייטשן אַוועקגעשיקט 100 יונגע יידישע מענער אין אַרבעט־לאַגער אַמזע. מיין ברודער אַברהם איז געווען צווישן די ערשטע, וואָס זיינען דאָרט פאַרשיקט געוואָרן. מען איז געקומען נאָך אים אינמיטן דער נאַכט און די הענט זיינע האָבן געציטערט, ווען ער האָט זיך אָנגעטאָן. מיין ברודער שלמה, וועלכער איז שוין דעמאָלט געווען פאַרהייראַט, איז אַוועקגעלאָפן צום יודענראַט; אויך איך מיט מיין מוטער זיינען דאָרט געלאָפן מיט אַן אינטערווענץ; עס האָט אָבער גאָרנישט געהאָלפן. פאַרצווייפלט זיינען מיר געשטאַנען און געקוקט, ווי מען האָט זיי אַלע ארויפגעטריבן אויף אָפענע לאַסט־אויטאָס און אַוועקגעפירט אין לאַגער אַריין.

אין האַרבסט 1941 איז געקומען די גזירה וועגן איינשליסן די גאָמבינער יידן אין צוויי געטאָס — איין געטאָ האָט זיך געפונען נעבן וואַלד און דאָס צווייטע האָט זיך געצויגן אין ביידע זייטן פון דער שוסטער גאַס, נישט ווייט פון בית עולם. מיין פאַמיליע האָט געמוזט פאַרלאָזן דאָס הויז און מיר האָבן זיך אַריבערגעצויגן אין הויז פון דענטיסט גרינבוים. מיט אַ קורצער צייט שפעטער איז געקומען איינע פון די לעצטע גזירות: קאָפּ־שטייער. פון 2 אַנטלאָפענע יידן פון קאָלאָ האָבן מיר געוואוסט אַז דאָס איז דער אָנהייב פון סוף. אַז נאָכן אַרויפלייגן דעם קאָפּ־שטייער געדויערט שוין נישט לאַנג און עס קומט דאָס לעצטע קאַפּיטל — די דעפּאָרטאַציע.

אַ געוויסע נאַכט האָבן זיך אַרום אונדזער הויז דערהערט שווערע, האַמעטענע טריט, אַן אָפּקלאַנג פון קלעפּ און געשרייען. באַלד האָט זיך אויך אויפגעריסן אונדזער טיר און ס'איז אַריין אַ דייטש. דערזענדיק מיין פאָטער האָט ער אים באַפוילן זיך אָנצוטאָן און צו גיין מיט אים. מיר האָבן געוואוסט אַז דאָס כאַפּן די דייטשן אין לאַגער אַריין. עס האָבן נישט געהאָלפן אונדזערע געוויינען און געבעטן, אַז דער פאָטער אונדזערער איז אַן עלטערער מענטש און אַז ער איז אומפייאיק צו שווערער אַרבעט. פאַרטאָג האָט מיר די מוטער איינגעפּאַקט אַ פּעקל מיט וואַרעמע מלבושים און שפייז, און כ'בין אַוועק צו דער שטאָטישער־רעמיזע, וואו ס'זיינען געווען פאַרזאַמלט די יידן, וועלכע מען האָט ביינאַכט אַרויסגעצויגן פון די וואוינונגען. מיין פאָטער איז געזעסן אין דער טיפעניש פון דער רעמיזע, אַן אַרומגערינגלטער פון זיינע פריינד — זלמען קערבער, יענקל קלינגער, יענקל טיבער, דער לערער פרענקל און אַנדערע, ווען ער האָט מיך דערזען איז ער געוואָרן נאָך מער פאַרזאָרגט, ווייל דאָס קומען מיינס איז געווען פאַרבונדן מיט אַ געפאַר. זיינע לעצטע ווערטער צו מיר זיינען געווען: „זאָרג נישט, טאָכטער, זייער מפלה איז נישט ווייט"... מיר האָבן זיך צעקושט און איך בין אַוועק. מער האָב איך אים נישט געזען.

פון לאַגער האָט דער פאָטער געשריבן בריוו פון טרייסט און פון באַרואיקונג. ער האָט זיך אויף גאָרנישט באַקלאָגט, כדי אונדז נישט מצער צו זיין. אָבער פון אַנדערע האָבן מיר געוואוסט, אַז זיי דערהאַלטן פון לאַגער שרעקלעכע בריוו. מיר האָבן געשיקט דעם פאָטער שפייז־פעקלעך, ער האָט דערהאַלטן נישט מער ווי אַ פאָר, ווייל מען האָט אים אינצווישנצייט אַוועקגעפירט ערגעץ אַנדערש. דער לעצטער בריוו פון אים איז געקומען פון אַ לאַגער נישט ווייט פון פויזן, ליבערנו. אַ געוויסן טאָג איז שוין געקומען די נייעס נישט פון אים, נאָר פון דער יידישער קהלה, די נייעס איז געווען אַ קורצע, אונדזער פאָטער איז געגאַנגען אין אַ נאָענטן וואַלד אַריין נאָך האָלץ פאַרן לאַגער אויפן וועג האָט אים אַ געשטאַפּאָ־מאַן אויף אַ מאָטאָרציקל איבערגעפאָרן און ער איז געשטאָרבן פון אַ בלוט־אויסגוס. ער האָט שוין נישט געקראָגן דאָס לעצטע שפייז־פעקל, וואָס מיר האָבן אים אַריין געשיקט פונקט ווי ער האָט נישט דערלעבט די מפלה פון שונא, אויף

וועלכע ער האָט געהאַפּט. טראַגיש איז גע־
ווען זיין טויט, הייליק איז פאַרבליבן זיין
אָנדענק.

**
*

דער ווינטער 1941 האָט זיך געשטעלט
גאָר פרי מיט בייזע און שאַרפע פרעסט. די
קעלטן זיינען געווען אַזעלכע, אַז מען האָט
יעדן אינדערפרי געפונען צום טויט דער־
פרוירענע קינדער. אין יענע טעג האָט
מיין ברודער אַברהם באַוויזן צו אַנטלויפן
פון לאַגער צוזאַמען מיט נאָך צוויי יונגע
יידן ראָזענבערג און זלמן ברעסלער. זיי
זיינען נאָך גרויסע מסירת נפש צוריקגע־
קומען קיין גאָמבין. מיר זיינען אַלע געזעסן
אין הויז געטראַכט וועגן דעם, ווי אַזוי זיך
צו ראַטעווען. מיין ברודער און זיינע חברים
האָבן גענומען רעדן וועגן אויסבאַהאַלטן
זיך אויף דער אַרישער זייט. אָבער אין
יענע טעג איז אָנגעקומען אַ ידיעה אַז פיר
זשיכלינער מיידלעך, וואָס זיינען אַרויס פון
געטאָ זיינען געפונען געוואָרן פון די דייטשן
און זיינען דערשאָסן געוואָרן. מיר זיינען
אַריינגעפאַלן אין אַ שטימונג פון פאַרצווייפ־
לונג. מיר האָבן גענומען טראַכטן, אַז אָנ־
שטאָט אומגעבראַכט צו ווערן פון די נאַציס,
וועט זיין גלייכער אַליין זיך צו נעמען דאָס
לעבן. אָבער פון דער צווייטער זייט האָבן
מיר געוואוסט אַז אויב עס איז פאַראַן די
קלענסטע מעגלעכקייט, דאַרף מען זיך אָנ־
האַלטן אין לעבן, להכעיס אונדזערע מער־
דער.

אין יענע טעג איז באַשלאָסן געוואָרן,
אַז מיין ברודער אַברהם און איך זאָלן זיך
פרואוון ראַטעווען אויסערן געטאָ. מיין ברו־
דער איז אַוועק פריער און דעם 17טן מערץ
איז געקומען די ריי אויף מיר.

איך בין אויפגעשטאַנען פרי און האָב
מיך געזעגנט מיט דער מאַמען. זי האָט
געוויינט, געדריקט מיך צו זיך און געזאָגט:
„געדענק, וואָס ס'זאָל נישט געשען מיט
אונדז, מוזטו טאָן אַלץ צו בלייבן לעבן".
מיין ברודערס קינד, איזשאַ איז נאָך גע־
שלאָפן. איך בין געשטאַנען איבער זיין
בעטל און האָב אין מיר איינגעזאַפּט דאָס
ליכטיקע און אומשולדיקע געשטאַלט זיינס.
אַ באַגאַסענע מיט טרערן בין איך אַרויס
פון הויז. מיין ברודער און שוועגערין האָבן
מיך אַרויסבאַגלייט און האָבן מיך צוגעפירט
צו אַ פויערישן וואָגן, וואָס האָט מיך גע־
דאַרפט אַוועקפירן אין אַ דאָרף מיטן נאָמען
שטשעגאַווא, וואָס האָט שוין געהערט צו
אָסט פרייסן. עס זיינען אַרומגעגאַנגען קלאַנ־
גען, אַז די נאַציס האָבן דאָרט נישט אַזוי
אַרומגעבושעוועט ווי אין דער „גענעראַלער
גובערניע" און אַז עס איז געווען רואיקער.
צוזאַמען מיט מיר איז אויפן זעלבן וואָגן
מיטגעפאָרן אַ יידיש פאַרפאָלק מיטן נאָמען
גלאָס, זיי האָבן געהאַט אין שטשעגאַוואָ
קרובים און זיי האָבן מיך געטרייסט, אַז
באַלד ווי מיר וועלן דאָרט אָנקומען וועלן
די קרובים זיך אויך פאַרנעמען מיט מיר.

דער טאָג איז געווען אַ קאַלטער, אויפן
הימל זיינען געהאַנגען שווערע, בלייענע
וואָלקנס. עס האָט אָנגעהויבן צו פאַלן אַ
שניי און מיר זיינען געזעסן אומבאַוועגלעכע
און איינגעהילטע אין אַ טיפן שווייגן. ווען
מיר זיינען אָפּגעפאָרן אַ 10 קילאָמעטער האָב
איך פלוצלונג דערזען ווי פון דער געדיכ־
טעניש פון שניי האָט זיך אַרויסגעשיילט דאָס
געשטאַלט פון אַ מענטש. ער האָט אָפּגע־
שטעלט דעם וואָגן און געפרעגט דעם פור־
מאַן:

— וועמען פירסטו?

דער פורמאַן האָט אים געענטפערט:

— איך פיר רייכע יידן.

דער פרעמדער האָט אויף אונדז אַ
קוק געגעבן מיט אַ גיפטיקן שמייכל און איז
אַוועק. באַלד איז ער צוריקגעקומען מיט אַ
דייטשן פאָליצמאַן, וועלכער האָט באַפוילן
דעם פורמאַן אַריינצופירן אין אַ הויף. דאָס
פאַרפאָלק גלאָס האָט געציטערט פאַר שרעק,
און אין מיר האָט דאָס האַרץ מוראַדיק
געקלאַפּט.

מען האָט אונדז אַריינגעפירט אין אַ
צימער, וואו עס זיינען געזעסן עטלעכע מונ־
דירטע דייטשן, זייער ערשטער באַפעל איז
געווען, מיר זאָלן זיי אַוועקגעבן אַלץ וואָס
מיר האָבן — געלט, גאָלד, בריליאַנטן. זיי

האָבן מיך באַזוכט און גאָרנישט געפונען. נאָכן אָפּהאַלטן אונדז 4 שעה האָבן זיי אונדז געהייסן אַרויפזעצן זיך אויפן וואָגן און האָבן געזאָגט אַז זיי פירן אונדז אין געשטאַפּאָ. ווען איך האָב דערהערט דעם נאָמען געשטאַפּאָ האָב איך דערפילט ווי דאָס בלוט האָט מיר גענומען פרירן אין די אָדערן. אַממייסטן דערשראָקן איז געווען פרוי גלאַס, וועלכע האָט געהאַט אַ קראַנק האַרץ זי איז געזעסן אַ צוזאַמענגעבראָכענע, אַ בלאַסע, מיט אַן אַראָפּגעהאָנגענעם קאָפּ. זי האָט אויסגעזען ווי נאָענט צו אַ האַרץ אַטאַק.

דער וועג האָט לאַנג נישט געדויערט און דער וואָגן איז צוגעפאָרן צו דער געביידע פון געשטאַפּאָ. אַ דייטשער סאָלדאַט האָט אונדז אַריינגעפירט אין אַ צימער. הינטער אַ גרויסן און גלאַנציקן שרייבטיש איז געזעסן אַן עלטערער דייטש, אין די פופציקער יאָרן. זיינע אויגן זיינען געווען אַ געמיש פון בלוי און גרין. ער האָט אונדז אַ רגע שאַרף אָנגעקוקט, דערנאָך האָט ער מיך געפרעגט, צי דאָס זיינען מיינע קרובים. איך האָב געענטפערט, אַז ניין און האָב גלייכצייטיק געבעטן, ער זאָל רחמנות האָבן נישט אויף מיר, נאָך אויף מיין אַלטער מוטער און ער זאָל מיר לאָזן צו איר צוריק פאָרן. איך האָב באַמערקט, ווי די אויגן זיינע זיינען געוואָרן ערנסטער, עס האָט זיך מיר געדאַכט, אַז איך האָב דערזען אין זיי אַ בליק פון אַ מענטשלעכן מיטגעפיל.

פלוצלונג זיינען פון אַ צווייטן צימער אַריינגעקומען פיר געשטאַפּאָ־יונגען, הויכע און אָנגעפרעסענע. זיי זיינען נישט צוגעקומען צו אונדז נאָענט נאָר האָבן געקוקט אויף אונדז פון דער ווייטנס מיט עקל, ווי דאָס בלויזע געפינען זיך אין איין צימער צוזאַמען מיט יידן וואָלט געמאַכט אומריין די לופט. ווען כ׳האָב אַ קוק געגעבן אין זייערע אויגן האָב איך אויפגעציטערט. דאָס זיינען געווען אויגן פון סאַדיסטן און מערדער. אין אַ מינוט אַרום זיינען זיי אַרויס פון צימער. דער עלטערער מאַן האָט זיך אויפגעשטעלט פון הינטערן טיש און איז זיי נאָכגעגאַנגען. מיר האָבן געהערט, ווי זיי האָבן פון אָנהייב שטיל גערעדט און צום סוף האָט איינער פון זיי גענומען שרייען מיט ווילדע קולות. דער עלטערער דייטש איז צוריקגעקומען אַ פאַרסאַפּעטער מיט אַ רויט געזיכט. נאָך אים איז נאָכגעגאַנגען אַ הויכער געסטאַפּאָוויץ און האָט אַ רוף געטאָן מיט אַ פינגער גלאַסן. דער אַלטער און קראַנקער מאַן האָט זיך אויפגעשטעלט און האָט אים נאָכגעפאָלגט אין צווייטער צימער אַריין, די פרוי גלאַס איז געווען ווייס ווי די וואַנט. מיר האָבן געהערט פון הינטער דער טיר מוראָדיקע געשרייען פון ווייטיק. אין אַ פאָר מינוט אַרום איז גלאַס צוריקגעקומען מיט אַ ווייסן שוים אַרום מויל און ער האָט זיך געטרייסלט אויפן גאַנצן קערפער. מיטאַמאָל איז דער הויכער רויטהאָריקער געשטאַפּאָ־יונג שטיין געבליבן אין דער טיר און האָט צו מיר אַ רעווע געטאָן: „קאָם מאַל היער!” איך בין אַריין אין אַ פאָדערצימער און פון דאָרט אין אַ גרויסן זאַל. אינמיטן פון זאַל איז געשטאַנען אַ ריזיקער טיש אַ באַקלאַפּטער מיט טשוועקעס, און אַרום זיינען געלעגן אייזערנע קייטן. די פענצטער זיינען געווען פאַרשטעלט מיט אייזערנע קראַטן. די פיר יונגען האָבן מיך געהייסן אויסטאָן דעם מאַנטל, איינער פון זיי האָט פאַרלאַנגט כ׳זאָל זיי אַוועקגעבן גאָלד, געלט אָדער בריליאַנטן, וויל אויב זיי וועלן ביי מיר עפּעס געפינען וועלן זיי מיך דערשלאָגן צום טויט. כ׳האָב געהאַט איינגעפּאַקט אין אַ טאַשנטיכל אַ זייגערל מיט אַ גאָלדן פינגערל און האָב עס געוואָלט אַוועקגעבן, אָבער איינער פון זיי האָט געזאָגט: „לייג צוריק אַוועק דאָס שמוציקע טיכל, דו שמוציקע יודין”. ער האָט אַ געשריי געטאָן, כ׳זאָל מיך אַריבערבייגן איבער אַ שטול און עס האָט זיך צו מיר דערנענטערט דער רויט האָריקער יונג מיט אַ גומענעם שטעקן. כ׳בין אַראָפּגעפאַלן נעבן דעם שטול אויף די קני און דער יונג מיט די רויטע האָר האָט מיך גענומען שלאָגן. איך ווייס נישט פונוואַנען עס האָט זיך גענומען צו מיר דער כוח, אָבער כ׳האָב פלוצלונג, פון גרויס ווייטיק, מיך אַרויסגעריסן און האָב ביי אים אַרויסגעריסן דעם

שטעקן, און אַן אָנגעגאָסענער מיט רציחה האָט ער צוריק אַ שלעפּ געטאָן דעם שטעקן און דאָס מאָל האָט ער מיך גענומען שלאָגן ניט מיט דער גומענער זייט, נאָר מיטן הענטל, וואָס איז געווען באַדעקט מיט דראָט. כ׳האָב געפילט יעדן קלאַפּ ווי אַ שניט פון אַ מעסער און האָב גענומען שרייען ווילד פון ווייטיק. ווען ער האָט זיך אָפּגעשטעלט האָב איך אַ כאַפּ געטאָן דעם מאַנטל און בין צוגעלאָפן צו דער טיר. קיינער האָט מיך נישט פאַרהאַלטן. כ׳בין אַדורכגעלאָפן דורכן צימער, וואו עס איז געזעסן דער עלטערער דייטש מיטן פאָרפאָלק גלאַס, און פון דאָרט בין איך אַרויסגעלאָפן אויף דער גאַס. אויף דער גאַס נאָכן אָפּלויפן אַ צוויי גאַסן האָב איך מיך אָפּגעשטעלט אַ סאָפּעדיקע אָבער אַ מאָדנע באַרואיקטע און האָב מיט שטאַרע בליקן געקוקט אין דער ריכטונג פון דער געשטאַפּאָ־געביידע. אומגעפער אין אַ שעה אַרום איז אַרויסגעקומען גלאַס מיט דער פרוי. זיי זיינען געגאַנגען לאַנגזאַם, האָבן קוים געשלעפּט די פיס. זיי זיינען געווען באַגאָסן מיט טרערן און האָבן זיך צוגעהאַלטן ווי צוויי קינדער, דאָס מאָל האָט די פרוי גלאַס זיך געפילט אַזוי שלעכט אַז איך האָב געמיינט אַז עס דערנענטערט זיך דער סוף פון איר לעבן. דער וואָגן, מיט וועלכן מיר זיינען געקומען, האָט אויף אונדז געוואַרט און האָט אונדז צוגעפירט קיין שטשעגאָווע, עס האָבן טאַקע געוואַרט אויף אונדז זייערע קרובים, די זעלבע נאַכט איז די פרוי גלאַס געשטאָרבן פון אַ האַרץ אַטאַקע.

דאָס לעבן אין שטשעגאָווע איז געווען אַ ביסל רואיקער ווי אין גאָמבין, אָבער די רואיקייט האָט לאַנג ניט געדויערט. עס זיינען אָנגעקומען יידישע פליטים פון פאַרשיידענע שטעט פון מלאָווע, גאָסטינין און שערפּץ. די וואוינונג־באַדינגונגען זיינען געוואָרן וואָס אַמאָל שווערער. די דייטשן האָבן אונדז אויסגעטיילט וואַסער, נאָך וועלכן מען האָט געדאַרפט שטיין אין לאַנגע רייען. אָבער נאָך אַלעם איז דאָ געווען זיכערער ווי אין דער היים און איך האָב גענומען טראַכטן וועגן אַהערברענגען מיין פאַמיליע. איך האָב געפונען אַ יונגן ייד, וועלכער האָט זיך אונטערגענומען דאָס צו טאָן. ער האָט געהייסן לינדענבאום, אַ דענטיסטישער טעכניקער, ער האָט געזאָגט אַז ער קלייבט זיך צו פאָרן קיין גאָמבין נאָך טעכנישע אינסטרומענטן און ער האָט צוגעזאָגט, אַז אויפן וועג צוריק וועט ער מיטברענגען מיין מוטער, דעם ברודער שלמה, זיין פרוי און דאָס 7־חדשימקע ייִנגעלע. אין עטלעכע טעג אַרום האָט ער זיך צוריקגעקערט, אָבער אָנשטאָט מיין פאַמיליע, האָט ער מיר געבראַכט די שוואַרצע בשורה וועגן דעם סוף פון די גאָמבינער יידן.

דעם 17טן אַפּריל איז דאָס געטאָ געוועזן אַרומגערינגלט פון דייטשן. זיי זיינען אַריין אין געטאָ מיט געוואַלטן און מיט קלעפּ, אומעטום, וואו זיי האָבן געטראָפן אַ קראַנקן, האָבן זיי אים דערשאָסן אויפן אָרט. אַזוי אַרום איז צווישן די ערשטע קרבנות געפאַלן לייזער קאָט די פרוי ספּיוואַק, און העלענא טשירלינסקא. ער האָט געזען, ווי מיין מוטער איז געגאַנגען צום דעפּאָרטאַציע־פּלאַץ און האָט געשלעפּט אַ פּעקל מלבושים.

זי האָט עס אין מיטן וועג געוואָלט אַוועקוואַרפן, ווייל עס איז געווען צו שווער, אָבער אַ דייטש האָט איר גענומען געבן קלעפּ, זי זאָל עס צוריק אויפהייבן. די געשרייען פון די געטריבענע און געשלאָגענע יידן זיינען געגאַנגען צום הימל. דריי טעג האָט מען די גאָמבינער יידן אָפּגעהאַלטן ביי אַ וואַלד, אָן עסן און טרינקען, מען האָט דערנאָך צעשיידט די מענער און פרויען, פרויען פון קינדער, עלטערע פון ייִנגערע. פון קריסטן האָב איך מיך שפּעטער דערוואוסט, אַז מיין מוטער איז געלונגען צו אַנטרונען פון אַרומגערינגלטן פּלאַץ און צו באַהאַלטן זיך ביי אַ פּויערישער פאַמיליע אין אַ קאַמער, אַנדערע פּאָלאַקן האָבן וועגן דעם צוויסן געגעבן די דייטשן, וועלכע האָבן איר אַרויסגעשלעפּט. זיי האָבן איר מערדערלעך געשלאָגן און זי צוריקגעטריבן צו די איבעריקע יידן. צומאָרגנס האָט מען אַלע יידן אַרויפגעטריבן אויף לאַסט־אויטאָס און אַוועק־

געפירט צום טויט. דער גאַנצער וועג איז געווען געצייכנט מיט בלוט. אַזוי אַרום איז אָפּגעמעקט געוואָרן דאָס יידיש שטעטל גאָמבין.

אין שטשעגאָוואָ איז די לאַגע געוואָרן וואָס אַמאָל ערגער. עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ כאַפּעניש אויף אַרבעט, אַרעסטן און מאָרדן. איינער פון די ערשטע קרבנות איז געווען מיין באַקאַנטער ייד לינדענבאום, וועלכן די דייטשן האָבן שווער פאַרוואונדעט מיט אַ ביקס, דערנאָך האָבן זיי, אים אַ לעבעדיקן באַגראָבן. ער איז אַלט געווען 22 יאָר.

דער טעראָר האָט גענומען בושעווען וואָס אַמאָל שטאַרקער און שטאַרקער.

אין אַ געוויסן טאָג האָבן די דייטשן אויפגעשטעלט אין מיטן מאַרק 15 תליות, האָבן צוזאַמען געטריבן אַלע איינוואוינער און האָבן אויפגעהאָנגען 15 יידן. איינער פון זיי האָט אין לעצטן מאָמענט אויסגעשריען: „זאָל לעבן די פרייהייט! אַ טויט די מערדערס“. זיינע ווערטער זיינען געוואָרן דערשטיקט מיט דער שטריק. דער גאַנצער מאַרק איז געווען פול מיט געוויינען פון די פאַמיליעס און פון געשרייען פון די וואָס זיינען בלוטיק געשלאָגן געוואָרן פון דייטשע קלעפּ.

אין יענע טעג האָב איך אָנגעהויבן צו טראַכטן וועגן אַנטלויפן אויף דער „אַרישער זייט“. איך האָב מיר אָפּגעפאַרבט די שוואַרצע האָר אויף בלאָנד און בין אַוועק פון שטשעגאָוואָ אין נאָענטן דאָרף אַריין. באַלד ביים ערשטן פויער האָב איך געפונען אַרבעט. דער פויער וועלכער האָט געוואוסט אַז כ'בין אַ יידישע, האָט מיך אַוועקגעשטעלט צו לערנען די קינדער. איך האָב אויך גלייכצייטיק געאַרבעט אויפן פעלד און האָב מיך געלערנט מעלקן די קי. איך האָב מיר אויך שטילערהייט גענומען לערנען די עוואַנגעליע.

די דייטשן האָבן אין יענער צייט אַרויסגעגעבן אַ פאַראָרדנונג אַז יידן טאָרן מער נישט פאַרלאָזן דאָס געטאָ אונטער די שטראָף פון טויט, האָב איך באַשלאָסן אַז דער איינציקער אופן צו בלייבן לעבן איז ענדגילטיק אַריבערצוגיין אויף דער אַרישער זייט און צו שפּילן די ראָלע פון אַ קריסטין. בלייבן ביים פּויער האָב איך נישט געקאָנט, ווייל ער האָט געוואוסט, אַז כ'בין אַ יידישע, איך האָב דעריבער אָנגעטאָן אויף מיר עטלעכע זומערדיקע קליידלעך האָב איך איינגעפּאַקט די איבעריקע זאַכן אין אַ פּעקל און בין אַוועק. איך האָב מיך דערמאָנט, ווי איינער, אַ יידישער איינוואוינער פון שטשעגאָוואָ האָט מיר געהאַט געזאָגט, אַז אין דער געגנט פון קאָזשעבראָדי, נישט ווייט פון שערפּץ, זיינען די פּאָלאַקן פריינטלעכער צו יידן.

איך האָב דעריבער געבעטן מיין פּויער די לעצטע טובה: ער זאָל מיך מיטן וואָגן צופירן צום וועג, וואָס פירט אין יענע ריכטונג. ער האָט עס געטאָן, אָבער אויפן גאַנצן וועג האָט ער געציטערט פאַר שרעק. ווען מיר זיינען צוגעקומען צום קליין וועג, האָט ער מיך געהייסן אויסשטייגן און ער איז שנעל פאַרשוואונדן געוואָרן.

איך בין געבליבן שטיין אינמיטן פון וועג איינע אַליין. וואָס טוט מען? וואו גייט מען יעצט? פון דערווייטנס, נאָך אַ ווייטן און טונקעלן פלעק פון אַ פעלד, האָב איך דערזען אַ הויז. כ'האָב אָנגעהויבן אַריבערצוגיין דורכן פעלד און ווען כ'בין צוגעקומען נענטער צו דער געביידע האָב איך מיך געשטאַרקט, האָב אַ שטופּ געטאָן די טיר און בין אַריין אינעווייניק דאָרטן האָב איך הויך געזאָגט: „זאָל זיין געלויבט יעזוס קריסטוס“. כ'האָב גענומען קוקן, וואָס פאַר אַ איינדרוק מיינע ווערטער האָבן געמאַכט אויף די מענטשן אין שטוב. צו האָבן זיי דערקענט, אַז כ'בין אַ יידישע? ניין זיי האָבן נישט דערקענט, זיי האָבן צוריקגעענטפערט: „אויף אַלע אייביקייטן, אָמן“.

איך האָב זיי געזאָגט, אַז כ'גיי אויף אַ לויה קיין אוניעצק, איך האָב אָבער נישט קיין דייטשע דערלויבניש דאָרטן צו גיין; צו קאָנען זיי מיר זאָגן, ווי אַזוי דאָרט אַריינצוקומען, עס זאָל מיך קיינער נישט באַמערקן? זיי האָבן מיר אָנגעוויזן דעם וועג און כ'בין אַרויס אַ דערמוטיקטע. מיין

ערשטער עקזאַמען פון „אַרישקייט" איז געלונגען.

כ׳בין אי׳צט אַרויף אויף אַ ברייטן וועג. כ׳בין צוגעגאַנגען צו אַ דורכפאָרנדיקן וואָגן און האָב געפרעגט דעם פּויער צו ער קאָן מיך מיטנעמען, ווייל כ׳בין קראַנק און גיי צו אַ דאָקטאָר, איך האָב טאַקע אויסגעזען קראַנק און די הענט האָבן מיר געפּלאַטערט פון שוואַכקייט. דער פּויער האָט מיר דערלויבט אַרויפצושטייגן. און מיר זיינען צוגעקומען צו אַ וואַלד האָב איך אים באַדאַנקט און בין אַראָפּ. איך בין אַריין אין וואַלד, עס האָט אָנגעהויבן צו ווערן טונקל, דער געדאַנק מיינע איז איצט געווען: וואו וועל איך איבערשלאָפן די נאַכט? צווישן די ביימער האָב איך דערזען אַ קליין אָרעם אָפּגעלאָזט הייזל, כ׳האָב אָנגעקלאַפּט, פון אינעווייניק האָט זיך דערהערט אַ שטימע: „ווער איז דאָרט?" כ׳האָב געעפנט די טיר און געזאָגט: „זאָל זיין געלויבט יעזוס קריסטוס": די פּויערים האָבן געענטפערט זייער פּזמון: „אויף אַלע אייביקייטן, אָמן". כ׳האָב געזאָגט, אַז כ׳בין אויפן וועג פון אַ לויה און צי זיי וועלן מיר דערלויבן איבערצונעכטיקן. צו מיין איבערראַשונג זיינען זיי געווען זייער פריינטלעך. זיי האָבן מיר געגעבן צו עסן און איבערצושלאָפן. צומאָרגנס האָבן זיי געזאָגט אַז אויב כ׳וויל קאָן איך בלייבן לענגער, אָבער כ׳האָב געדאַנקט און בין אַוועק. שפּעטער האָב איך באַדויערט, פאַרוואָס כ׳בין דאָרט נישט געבליבן.

כ׳האָב אָנגעהויבן צו גיין איבער וועגן און שטעגלעך, ביז ס׳האָט ווידער אָנגעהויבן צו ווערן טונקל. כ׳בין צוגעגאַנגען צו אַ מער פאַרמעגלעך הויז. כ׳האָב באַגריסט די איינוואוינער מיט דער קריסטלעכער באַגריסונג און האָב געפרעגט וועגן נעכטיקן. זיי האָבן מיר קודם כל צוגעבעטן צום טיש און מכבד געווען מיט אָוונט ברויט. **נאָכן** אָפּעסן האָבן זיי מיך געפרעגט וועגן מיינע דאָקומענטן, כ׳האָב זיי געגעבן אַ דאָקומענט, וועלכן איך האָב מיר אַליין אויסגעשריבן מיט אַ קריסטלעכן נאָמען. איך האָב מיך געלייגט שלאָפן, אָבער פּלוצלונג, אַרום 2 ביינאַכט האָט די אייגנטימערין מיך גענומען וועקן און האָט מיר געזאָגט, אַז זי וויל מיך נישט האַלטן, ווייל זי ווייס נישט, ווער איך בין. זי האָט מיר געהייסן גיין צו דער דייטשער פּאָליציי נאָך אַ דערלויבעניש צו בלייבן. פריער אָבער האָט זי מיר געראַטן אָפּצוטרעטן ביים סאָלטיס פון דאָרף. עס האָט מיר גענומען דריקן אַ מוראדיקע שרעק. אַלץ איז איצט געווען אָפּהענגיק פון דעם, ווי אַזוי איך וועל שפּילן מיין ראָלע פון אַ קריסטין. די פּויערים האָבן מיך אַוועקגעפירט צום סאָלטיס און אַליין זיינען זיי אַוועק. דער סאָלטיס איז געווען אַ פריינטלעכער מענטש. ער האָט מיר געזאָגט, אַז די פּאָלאַקן האָבן אַ פאַרדאַכט, אַז כ׳בין אַ יידישע. איך האָב געמאַכט דעם אָנשטעל, אַז אַזאַ חשד איז פאַר מיר אַ באַליידיקונג, אָבער דער סאָלטיס, וועלכער האָט זיך צו מיר באַצויגן זייער פריינטלעך, האָט געזאָגט, אַז דאָס בעסטע וועט זיין, אַז כ׳זאָל גלייך פאַרלאָזן דאָס דאָרף.

די נאַכט איז געווען אַ קאַלטע און אַ פינצטערע. כ׳בין געגאַנגען צווישן פעלדער, דער הימל אי׳ז געווען פאַרדעקט מיט כמאַרעס, אַלץ אַרום איז געווען שטיל און טויב. וואו גייט מען? אין די אויגן האָבן מיר געבריט די טרערן פון פאַרצווייפלונג. כ׳האָב נישט געהאַט מער קיין שום האָפענונג, די פיס האָבן מיך קוים געטראָגן. מיט אַמאָל האָב איך דערזען אַ קליין ליכט. ווען כ׳בין צוגעקומען נענטער, איז עס געווען אַ גאָר קליין הייזל, צוזאַמענגעקלעפּט פון ליים. איך האָב אָנגעקלאַפּט אין דער טיר, עס האָט מיר געעפנט אַ פרוי פון אַ יאָר דרייסיק, אַ טונקעלע, מיט אַ יידישן אויסזען. די שטוב איז באַשטאַנען פון איין צימער, עס איז געשטאַנען דאָרט אַ טיש, אַ פּאָר בענק און אַן אויוון צום קאָכן.

איך האָב איר דערציילט אַ האַלבן אמת, אַז די רייכע פּויערים, ביי וועלכע כ׳האָב גענעכטיקט, האָבן געוואָרפן אויף מיר אַן אומגערעכטן חשד און אַז דער סאָלטיס האָט מיר געהייסן אַוועק פון דאָרף. די פרוי האָט

מיך פריינטלעך אויסגעהערט און געזאָגט אינגאַנצן אומגעריכט, אַז נישט בלויז קאָן איך ביי איר נעכטיקן, נאָר אַז אויב כ׳וויל, קאָן איך ביי איר בלייבן. זי האָט מיר דערציילט, אַז זי האָט אַ זון פון 8 יאָר און אַ מאַן, אַ קוימען־קערער, וועלכער גייט אַרום אַרבעטן איבער די דערפער און ער קומט בלויז אַהיים אויף זונטיק. זי אַליין לעבט דערפון, וואָס זי אַרבעט ביי אַנדערע. הינטערן צימער איז געווען אַ קאַמער, וואו זי האָט געהאַלטן אַ חזיר. איך וועל קיינמאָל נישט פאַרגעסן די וואַרעמע, פריינטלעכע שטימע, אָבער איר איינלאַדונג צו בלייבן האָב איך נישט אָנגענומען. איר הייזל איז געווען צו נאָענט צום דאָרף, וואו מען האָט מיך חושד געווען אין זיין אַ יידישע. פאַרטאָג האָב איך זיך אויפגעהויבן און בין אַוועק שטיל, אָן אַ שאָרך, כדי קיינעם נישט אויפצוּוועקן.

נאָכן אָפּגיין עטלעכע קילאָמעטער בין איך צוגעקומען צו אַ גרויסן גרוב מיט וואַסער, איבער וועלכן ס׳איז געלעגן אַ מין הילצערן בריקל, וואָס האָט זיך געוואַקלט און כ׳האָב מורא געהאַט אַריבערצוגיין. פון ערגעץ איז אָנגעקומען אַ יינגער פּאָלאַק און ער האָט מיר פאָרגעלייגט, אַז ער וועט מיר העלפן אַריבערגיין אויף דער צווייטער זייט. אין זיין שטימע איז נישט געווען קיין שום פאַרדאַכט. די באַגעגעניש האָט מיך געשטאַרקט און צוגעגעבן נייעם מוט. מיין ציל איז איצט געווען נישט סתם זיך אַרומצובלאָנקען, נאָר צו גיין אין אַ דאָרף מיטן נאָמען יאַוואָראָווא, וואו עס האָט געוואוינט אַ פּוילישע פאַמיליע מיטן נאָמען סאָלדאַנסקי. דעם נאָמען פון דער פאַמיליע האָט מיר געגעבן אין שטשעגאווא אַ ייד מיטן נאָמען מאַרגולעס. די סאָלדאַנסקיס, האָט ער מיר געזאָגט, האָבן געהאַט אַ נאָמען פון יידן־פריינטלעכע קריסטן. איך האָב מיך נאָכגעפרעגט, וואו עס געפינט זיך זייער ווירטשאַפט און בין דערגאַנגען צו אַ הויז, אין וועלכן עס האָבן געלעבט צוויי פאַמיליעס.

איך האָב אָנגעקלאַפּט אין דער ערשטער טיר. עס האָט מיר געעפנט אַ יינגער פּוילישער בחור. איך האָב אים באַגריסט מיט אַ רואיקער שטימע און האָב שנעל אויסגעטראַכט, אַז מיין פאַמיליע איז פאַרשיקט געוואָרן אויף דייטשער אַרבעט, אַז מיר איז געלונגען צו אַנטלויפן און אַז איך זוך אַן אָרט, וואו צו בלייבן אַ שטיקל צייט. ער האָט מיך העפלעך אַריינגעבעטן אינעווייניק און דאָרט האָב איך דערזען נאָך דריי פון זיינע יינגערע ברידער. פון זייערע ערשטע רייד האָב איך מיך דערוואוסט, אַז זיי לעבן דאָ זאַלבעפינף, פינף ברידער, זינט זייערע עלטערן זיינען געשטאָרבן. דער עלטסטער ברודער, וועלכער איז אַהיימגעקומען אין עטלעכע שעה אַרום, האָט נישט געזען קיין שום שלעכטס אין אַרויסהעלפן אַ פּוילישע פרוי, וועלכע איז אַנטלאָפן פון דייטשער צוואַנגס־אַרבעט. פאַרקערט, ער האָט דאָס געהאַלטן פאַר זיין פּאַטריאָטישן חוב. ער האָט מיר אויך צוגעזאָגט צו מאַכן פאַלשע פּאַפּירן, ווייל ווי אַן אַנטלאָפענע פון צוואַנג־אַרבעט האָב איך נישט געקאָנט באַנוצן מיינע.

אין דער צווייטער העלפט פון זעלבן הויז האָט געוואוינט זייערס אַ פעטער מיט אַ פרוי און צוויי טעכטער, פון 17 און 7 יאָר. איך האָב פאַרשטאַנען, אַז עס וועט זיין גוט, אויב איך וועל זיין פאַר זיי נוצלעך און אַרויסהעלפן אויך זיי אין דער אַרבעט. מיין לאַגע האָט אָנגעהויבן צו ווערן איינגעשטעלט און איך האָב אָנגעהויבן צו טראַכטן וועגן מיין ברודער.

איך האָב געוואוסט, אַז מיין ברודער איז געווען אויסבאַהאַלטן ביי אַ פּויער אין אַ דאָרף. איך האָב געהאַט זיין אַדרעס און איך האָב אים אָנגעשריבן אַ בריוו. דאָס איז געווען דאָס ערשטע מאָל, ווען ער האָט געקראָגן פון מיר אַ לעבעדיקן צייכן און פון דעמאָלט אָן האָב איך — פון אַלע מיינע ווייטערדיקע וואָגלענישן — אָנגעהאַלטן מיט אים אַ בריוולעכן קאָנטאַקט. מיר האָבן געוואוסט, אַז מיר זיינען די איינציקע, וואָס זיינען געבליבן פון דער פאַמיליע, אָבער אויך אונדזער אייגענער גורל איז כסדר געהאַנגען איבער אַן אָפּגרונט און

מיר האָבן זיך קעגנזייטיק דערמוטיקט און געטרייסט.

מיינע ערשטע פּאָר טעג אין הויז פון די 5 ברידער סאָלדאַנסקי זיינען אַדורך אין רו. עס האָט זיך מיר געדאַכט, אַז עס האָט זיך אָנגעהויבן פאַר מיר אַ זיכערע צייט; אַז אפשר וועל איך דאָ, אין דעם נייעם געשטאַלט פון אַ קריסטין, איבערלעבן דעם בלוטיקן שטורעם. אָבער דער גורל האָט געוואָלט אַנדערש.

פון די 5 ברידער האָט דער עלטסטער מיר אַרויסגעוויזן אַ סך גוטסקייט, אָבער דער יינגסטער איז געווען בייזוויליק און שלעכט. ער האָט אָנגעהויבן שטילערהייט צו בונטעווען די אַנדערע, אַז צוליב מיר, וואָס האָט נישט קיין ריכטיקע פּאַפּירן, קאָנען אַלע ליידן. די לאַגע איז געוואָרן אַזוי אָנגעגליט, אַז דער עלטסטער ברודער האָט מיך אַוועקגעפירט צו זיינס אַ קרוב, וועלכער האָט געהאַט דעם נאָמען פון אַ קאָמוניסט. אָבער באַלד ביים ערשטן שמועס ביים טיש, האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז דער קאָמוניסט איז גלייכצייטיק געווען אַ בלוטיקער אַנטי־סעמיט. „דאָס איינציקע, וואָס די דייטשן טוען גוט, איז דאָס אויסמאָרדן די יידן", האָט ער געזאָגט. אין אַ פּאָר טעג אַרום. נאָך אַ וויזיט פון יינגסטן סאָלדאַנסקי, האָט מיר די באַלעבאָסטע געהייסן איינפּאַקן די זאַכן און גיין.

עס איז געווען טיפער ווינטער. אין דער צווייטער זייט טיר איז געלעגן אַ געדיכטער שניי. וואו ווענדעט מען די טריט? ביי מיין זייט איז געשטאַנען אַ יונגער זון פון די פויערים און ער האָט מיר געזאָגט, אַז ערגעץ נישט ווייט לעבט אַ פאַמיליע, וואָס זוכט אַ דינסט. ער האָט מיר געוויזן די ריכטונג און איז אַוועק. שלעפּנדיק די פיס איבער די גרודעס שניי, בין איך דאָרט אַהין און האָב אָנגעקלאַפּט אין דער טיר. עס האָט מיר געעפנט אַ פרוי און איך האָב איר געזאָגט, אַז איך האָב געהערט, אַז זי דאַרף האָבן הילף. זי האָט מיך אַריינגעפירט אין אַ גרויסער קיך און געהייסן וואַרטן. אין אַ 15 מינוט אַרום איז זי צוריקגעקומען און האָט געזאָגט, אַז איך קאָן דאָ בלייבן, ביז עס וועלן פאַרביי די קאַלטע וועטערן. נאָכן איבערנעכטיקן האָב איך אָנגעהויבן מיין טעגלעכע אַרבעט — כ'האָב געמאָלקן די קי, געשטריקט סוועטערס, געהאָלפן אין דער קיך. דריי וואָכן זיינען אַדורך רואיק און אָן שום חשד, אָבער אַ געוויסן זונטיק איז געקומען זייערס אַ פריינט, אַ פּאָלאַק מיטן נאָמען סאָבטשינסקי, וועלכער איז געווען ביי די דייטשן אַ פאַרוואַלטער אין אַ „מלע־טשאַרניע". ער האָט פון מיר די גאַנצע צייט נישט אַראָפּגעלאָזט די אויגן. ער איז דערנאָך געזעסן מיט די פויערים און האָט אין זיי עפּעס אַריינגערעדט. זיין וויזיט האָט געחתמעט מיין גורל. מיט עטלעכע טעג שפּעטער האָט די באַלעבאָסטע געזאָגט, אַז צוליב די שכנים האָט זי מיך מורא ווייטער צו האַלטן. זי האָט מיך אָבער נישט אַוועקגעשיקט גלאַט אין דער וועלט אַריין, נאָר האָט מיר געגעבן אַן אַדרעס פון אַ פאַמיליע, וואָס זוכט אַ לערערין פאַר זייערע קינדער. אָבער אויך אין דעם נייעם הויז בין איך געבליבן זייער קורץ, ווייל סך הכל מיט אַ צוויי אָוונטן שפּעטער האָט מיר די נייע באַלעבאָסטע געזאָגט, אַז כ'מוז שוין אַוועק, ווייל אין דאָרף קומט פאַר אַ דייטשע אָבלאַווע.

איך בין צוריק אַוועק אין הויז פון די פינף ברידער סאָלדאַנסקי און געפרעגט דעם עלטסטן, וואָס צו טאָן? עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז אין צווישנצייט האָט זיך די לאַגע מיינע דאָ פאַרערגערט, ווייל עס איז דאָ געווען אַ ייד פון שטשעגאָווער געטאָ און האָט זיך אויף מיר געפרעגט. דאָס האָט מיך ענדגילטיק פאַראַטן.

סאָלדאַנסקי האָט מיך אַוועקגעפירט אויף אַ וועג און געוויזן אויף אַ ווייט הויז, וואו מען דאַרף אַלעמאָל האָבן הילף צו דער אַרבעט. די ווירטין האָט מיך צוגענומען אָן שום טענות און כ'האָב דאָרט שווער און ביטער געאַרבעט. כ'האָב געשלעפּט שווערע עמערס וואַסער פון אַ טיפן ברונעם, געוואַשן וועש, געשייערט די פּאָדלאָגעס, געגעבן עסן צו די חזירים און אין די פרייע מינוטן

האָב איך געשטריקט סוועטערס. די אַרבעט איז מיר שווער געפאַלן און כ׳האָב קוים געקאָנט שלאָפן פאַר מידקייט. אָבער אויך דאָס האָט לאַנג נישט געדויערט. איין מאָל, ווען כ׳בין צוריקגעקומען פון מעלקן, האָב איך געהערט פון אַ צימער אַ פרעמדע שטימע. מען האָט גערעדט וועגן מיר. עפּעס האָב איך צו דעליקאַטע הענט; פאַרוואָס אַרבעט איך אַזוי שווער און באַקלאָג מיך קיינמאָל נישט? נישט אַנדערש, נאָר כ׳בין אַ ידישע, וואָס האָט נישט קיין אַנדערע ברירה.

איך האָב פאַרפּאַקט די זאַכן און בין אַוועק. נאָכן אָפּגיין אַ שפּאָר שטיק וועג האָב איך אָנגעקלאַפּט אין אַ הויז, אָבער מען האָט מיר פאַרקלאַפּט די טיר. דאָס זעלבע מזל האָב איך געהאַט אין צווייטן הויז. כ׳בין צוריק אַרויס אויפן וועג. פון דער וויטנס האָט געטונקלט אַ וואַלד. גייענדיק דורך די פעלדער איז מיר צום ערשטן מאָל געקומען דער געדאַנק צו מאַכן אַ סוף צום לעבן. כ׳האָב נישט געהאַט מער קיין כח צו פירן דעם קאַמף, כ׳בין געווען אויסגעמאַטערט גייסטיק און פיזיש. איך בין אַריין אין וואַלד אַריין און האָב גענומען זוכן אַ בוים מיך אויפצוהענגען.

כ׳האָב אַרויסגענומען דעם גאַרטל פון שלאָפראָק, כ׳האָב מיך גענומען אַדורכרייסן דורך האַרטע ביימער און קוסטעס. די צווייגן האָבן מיך געשטאָכן, אָבער כ׳האָב נישט געפילט קיין ווייטיק. כ׳בין געגאַנגען טיפער און טיפער ווי געטריבן פון אַ געהיימען כוח. כ׳האָב מיך אָנגעשטויסן אויף אַ געפאַלענעם בוים און בין געבליבן זיצן. עס האָט זיך מיר פלוצלונג גענומען אויסדאַכטן, אַז כ׳בין אַרומגערינגלט פון פויערים, פון געשטאַפּאָ־לייט, פון הינט. כ׳האָב מיך געוואָלט אויפשטעלן און לויפן. כ׳האָב פאַרמאַכט די אויגן, אָבער אַפילו דורך די פאַרמאַכטע אויגן האָב איך געזען זייערע געשטאַלטן. זיי זיינען געקומען צו מיר וואָס אַמאָל נענטער און נענטער, דאָס בלוט האָט מיר געררושט אין קאָפּ. כ׳האָב מיר גענומען דריקן די שלייפן — נישט אַנדערש, נאָר כ׳גיי אַראָפּ פון זינען. כ׳האָב דערזען מיין מאַמעס געזיכט. כ׳האָב פלוצלונג דערהערט איר שטימע: „בלייב, בלייב, וואָס ס׳זאָל נישט געשען מיט אונדז, דו בלייב... דאָס איז מיין לעצטע בקשה”...

כ׳בין אַזוי געזעסן אַ פאַרשטיינערטע לאַנגע שעהן. עס איז געוואָרן נאַכט. די פינצטערניש איז געוואָרן געדיכט. כ׳בין געזעסן אומבאַוועגלעך, אָן שום כוחות צו לעבן און אָן כוחות צו שטאַרבן. כ׳ווייס נישט, צי איך כבין געשלאָפן אָבער ווען איך כ׳האָב געעפנט די אויגן האָב איך דערזען אויף דער ערד, צווישן די שטאַמען פון די ביימער, פאַסמעס ליכט. כ׳האָב אויפגעהויבן די אויגן. דאָס האָט די זון זיך אַדורכגעריסן פון אויבן, דורך די צווייגן עס איז געווען טאָג, כ׳האָב דערהערט אַ שטילן געזאַנג פון פייגל. די זון האָט געשיינט, די פייגל האָבן געצוויטשערט, די וועלט איז אויפגעשטאַנען צום לעבן, איך האָב אַרויסגענומען מיין טאַשן־שפּיגעלע און האָב מיך דערשראָקן. אַזוי ווי איצט האָב איך נאָך קיינמאָל נישט אויסגעזען. די אויגן טיף געזינקען אין קאָפּ. דער פנים וויס. ס׳האָט מיך אָנגענומען אַ חשק צום לעבן. כהאָב געהערט די מאַמעס ווערטער: „בלייב”... מיט גרויס אָנשטרענגונג האָב איך מיך אויפגעשטעלט. די פיס זיינען געווען פאַרשטייפט און כ׳האָב זיי געדאַרפט לאַנג רייבן, דאָס בלוט זאָל צוריק נעמען צירקולירן. כ׳האָב מיך געמוזט אָנהאַלטן ביי אַ שטאַם פון אַ בוים נישט אומצופאַלן. דאָס געזיכט איז מיר געווען פאַרגאָסן מיט טרערן, כ׳האָב אָבער פלוצלונג דערפילט אַן אויפוואַכנדיקן ווילן צום לעבן. כ׳האָב מיך אויסגעקעמט, אָפּגעפאַרבט די ליפּן, אויסגעקניפּט די באַקן, זיי זאָלן ווערן לעבעדיקער.

איך בין אַרויס פון וואַלד און האָב גענומען גיין מיט אַ וועג. כ׳האָב אָנגעקלאַפּט אין ערשטן הויז און האָב הויך און מונטער געזאָגט: „זאָל זיין געלויבט יעזוס קריסטוס”. מען האָט מיך מכבד געווען מיט אַ גרויסער שיסל עסן. כ׳האָב געדאַנקט און בין צוריק אַרויס אויפן וועג. כ׳בין געגאַנגען לאַנג, איך בין געוואָרן מיד און אויסגעשעפּט. און ביז כ׳האָב דערזען אַ וויס פּריציש הייזל. ווער האָט מיך דאָרט

געפֿירט? דער גורל? דער צופֿאַל? די מאַמע? כ׳האָב אָנגעקלאַפּט אין דער טיר. און דאָרט אין יענעם פּריצישן הייזל ביי וואונדערלעך גוטע מענטשן, בין איך געווען ביז דאָס געוויטער האָט זיך געענדיקט.

עס וואָלט דאָ צו לאַנג פֿאַרנומען צו שילדערן מיין זיין ביי דער פּוילישער פֿאַמיליע אָסטראָווסקי. עס האָט מיך דאָ אַרומגערינגלט וואַרעמקייט און אַ נאָבעלע פּריינטשאַפֿט. קיינער פֿון די באַלעבאַטים האָט נישט געוואוסט, אַז כ׳בין אַ יידישע, און דעם דאָזיקן סוד האָבן זיי זיך דערוואוסט ערשט דעמאָלט, ווען אין דעם דאָרף זיינען אַריין די ערשטע אָפּטיילונגען פֿון דער סאָוועטישער אַרמיי.

באַלד נאָך דער באַפֿרייאונג פֿונעם דאָרף. האָב איך באַשלאָסן נישט צו וואַרטן און אומקערן זיך קיין גאָמבין. אין לעצטן געשריבענעם בריוו צו מיין ברודער האָבן מיר געהאַט אָפּגערעדט אַז ווען די מלחמה וועט זיך ענדיקן און מיר וועלן בלייבן לעבן, זאָלן מיר אַוועק אין אונדזער גאָמבינער הויז און דאָרט זאָל איינער וואַרטן אויפֿן צווייטן. דער פּאַן אָסטראָווסקי האָט מיך געפּרוּווט אָפּרעדן פֿון לאָזן זיך אין וועג אַריין. די שאָסייען זיינען געווען פֿול מיט מיליטער און אומזיכער פֿאַר אַ יונגער פֿרוי. אָבער איך האָב מיר נישט געקאָנט אָפּהאַלטן. איך האָב מיר געזעגנט מיט די שטוביקע און דער אַלטער פּאַן אָסטראָווסקי האָט מיך אַרויפֿגעפֿירט אויף אַ וועג און ער האָט מיר געהאָלפֿן אַריינשטייגן אין אַ רוסישן „גרוזאָוויק", וואָס איז געפֿאָרן אין דער ריכטונג פֿון גאָמבין. די וועג האָט געדויערט עטלעכע טעג. די נעכט בין איך געשלאָפֿן אין דערפֿער. כ׳בין געפֿאָרן דורך שערפּץ און מלאָווע און ווען

דער לעצטער לאַסט־אויטאָ האָט זיך גענומען דערנענטערן קיין גאָמבין, האָב איך געבעטן דעם פֿירער ער זאָל זיך אָפּשטעלן און איך בין אַרויס.

די לעצטע שפּאַן האָב איך געמוזט אַדורכגיין צופֿוס. עס איז געווען אין יאַנואַר אַ קאַלטער און פּראָסטיקער טאָג. כ׳האָב דערקענט די אַרומיקע וועלדער, די שטעגן צווישן די ביימער, די פֿעלדער, וואָס האָבן אַרומגערינגלט די שטאָט מיט אַ פֿאַרשטיקט האַרץ בין איך געגאַנגען אין דער ריכטונג פֿון ווייטע הייזער, וואָס איז געווען מיין שטעטל. כ׳האָב גענומען גיין זייער פּאַוואָליע, כ׳האָב געוואָלט אָנקומען, ווען ס׳איז שוין טונקל. מיין איינציקער געדאַנק איז געווען: צי לעבט ער, מיין ברודער? צי וואַרט ער אויף מיר!

כ׳בין אַריין אין שטעטל. כ׳האָב אַראָפּגעבויגן דעם קאָפּ קיינער זאָל מיך נישט זען. ס׳איז געווען פֿאַרנאַכט. די גאַסן זיינען געווען ליידיק. טרערן האָבן מיר פֿאַרשטעלט די אויגן. די פֿיס האָבן אַליין מיך געטראָגן צו אונדזער הויף, ווען כ׳בין צוגעקומען נאָענטער האָב איך אויפֿגעהויבן די אויגן, דאָס הויז האָט אויסגעזען אָפּגעלאָזט און ליידיק. מיטאַמאָל האָט זיך געעפֿנט אַ טיר פֿון אַ קעגנאיבערדיק הויז, עס איז אַרויסגעקומען אַ פֿרוי, זי האָט אויף מיר אַ קוק געגעבן און אויסגערופֿן: „אונדזער פּאַניענקי". זי האָט מיך אַרומגענומען און געזאָגט: „גיי שנעל, דיין ברודער וואַרט אויף דיר".

איך בין שנעל אַרויפֿגעלאָפֿן אויף די פּאָר טרעפּלעך און האָב אָנגענומען די קלאַמקע פֿון דער טיר. אויף דער צווייטער זייט איז געשטאַנען מיין ברודער.

אַלבערט גרינבאַום

# באַהאַלטן ביי אַ פּויער



אַלבערט גרינבאַום

קאַפּיטל איינס:

## אין נאַצי־אָקופּירטן גאָמבין

האַלב אַכט אין דער פרי, דעם 24טן אויגוסט, 1939, האָב איך געקראָגן אַ מאָביליזאַציע־קאַרטע, אַז כ׳זאָל מיך צו־שטעלן אין פאַרלויף פון צוויי שעה צו דער הויפּט־טיר פון מאַגיסטראַט. פון דאָרט האָט מען מיך אַוועקגעשיקט קיין וואַרשע, אין 21סטן פּולק פּיעכאָטע. קיינער האָט נאָך אין יענע טעג נישט געגלויבט, אַז עס וועט אויסברעכן אַ מלחמה. אונדזער פּולק איז אָפּגעשיקט געוואָרן אין דער געגנט פון מלאַווע, צו דער מזרח־פּרייסישער גרע־נעץ.

ווען די מלחמה איז מיט אַ פּאָר טעג שפּעטער אויסגעבראָכן, איז אין דער אמתן קיינמאָל נישט איינגעשטעלט געוואָרן קיין פראָנט. די דייטשן האָבן אונדז טאָג און נאַכט באַוואָרפן מיט באָמבעס — פון ערא־פּלאַנען, פון אַרטילעריע, פון געפּאַנצערטע קאַרס, פון טאַנקן. זיי האָבן אונדז נישט געגעבן קיין רגע מנוחה. מיר האָבן זיך געהאַלטן אין איין צוריקציען אונטער דעם דרוק פון דעם ים מיט פייער, וואָס האָט אונדז פאַרפלייצט פון אַלע זייטן. ווען דער דייטשער „פעלדצוג אין פּוילן" האָט זיך געענדיקט און ווען אונדזער פּולק, פּונקט ווי די גאַנצע פּוילישע אַרמיי, האָט זיך צעפאַלן, האָב איך מיך איבערגעטאָן אין ציווילע קליידער און בין אַוועק צופוס קיין גאָמבין, גייענדיק אַרום 50 קילאָמעטער אַ טאָג.

מיינע עלטערן האָבן געהאַט געמיינט, אַז איך בין אומגעקומען אין דער מלחמה און ווען זיי האָבן מיך דערזען, איז די פרייד געווען זייער אַ גרויסע. אָבער באַלד אין די ערשטע שעה׳ן נאָכן אָנקומען צוריק אַהיים האָב איך דערזען, אַז די דייטשן האָבן דאָ דערווייל אַדורכגעפירט אַ מוראדיקע איבערקערעניש. אַ האַלבע שטאָט איז גע־לעגן אין חורבות פון די באַשיסונגען און באָמבאַרדירונגען. אָבער ערשט איצט, נאָכ־דעם ווי די דייטשן האָבן פאַרנומען די שטאָט, האָט די זיך אָנגעהויבן דאָס אמתדיקע גיהנום. דאָס יידישע לעבן איז געוואָרן הפקר. די דייטשע קאָמענדאַנטור האָט גע־האַלטן אין איין אַרויסגעבן נייע גזירות, אָבער נאָך ערגער ווי די גזירות איז געווען דאָס וואָס יעדער דייטש האָט געקאָנט פראַנק און פריי צוגיין צו יעדן ייד, שלאָגן אים מכות רצח און אים באַרויבן.

עס האָט זיך אָנגעהויבן „דאָס כאַפּן

אויף אַרבעט״, פאַר וועלכן די באַלוינונג איז געווען רוצחישע קלעפּ און זידלערייען. באַלד אין די ערשטע טעג האָבן די נאַציס געפּייערט זייער פאַרנעמען די שטאָט מיטן איינלאָדן דעם גאולייטער פון דענמאַרק, וועלכער איז דעמאָלט געווען אין גאָסטינין. זיי האָבן לכבוד אים איינגעאָרדנט אַ פּאַ־גראַם, וואָס האָט געדויערט אַ גאַנצן טאָג. די דייטשן זיינען פון באַלד אין דער פרי ביז שפּעט ביינאַכט אַרומגעגאַנגען איבער דער שטאָט און האָבן מערדערלעך געשלאָגן יעדן אַנגעטראָפענעם ייד. זיי האָבן זיך אויך אַריינגעריסן אין די שטובן, האָבן פאַרלאַנגט געלט און האָבן דערביי גרויזאַם געשלאָגן. מיך און מיין ברודער האָבן זיי אַזוי צעשלאָגן, אַז מיר האָבן געקראָגן אַ שוואַרצע הויט פון די קלעפּ.

מיט עטלעכע טעג שפּעטער זיינען אין אונדזער הויז ווידעראַמאָל אַריין אַ פּאָר דייטשן און האָבן מיך מיט מיין ברודער פאַרשלעפּט אויף אַרבעט. זיי האָבן געזאָגט, אַז זיי וועלן אונדז האַלטן אַזוי לאַנג, ביז מען וועט זיי נישט געבן קיין 400 מאַרק. פון אָנהייב האָט יעדער גאָמבינער געמוזט גיין 2 מאָל אין דער וואָך אויף צוואַנגס־אַרבעט, פון וועלכער מען האָט זיך געקאָנט אויסקויפן מיט געלט. אָבער פון 1940 אָן איז דאָס מער נישט געווען מעגלעך. די יידן האָבן געדאַרפט אָפּרייניקן די שטאָט פון די חורבות און רייניקן די קאַנאַלן. די באַלוי־נונג דערפאַר איז געווען חיהשע זידלערייען מיט חיהשע קלעפּ.

אַ געוויסע טאָג איז אויף מיר, נעבן אונדזער הויז, אָנגעפאַלן דער זון פון פּוי־לישן שטיינהאַקער סטעלי. ער האָט מיך געקאַפּעט מיט די שטיוול איבערן קאָפּ און איך האָב דעמאָלט געמיינט, אַז איך בין טויט געוואָרן פון די קלעפּ. ער וואָלט מיך אפשר דערשלאָגן צום טויט, ווען מיין מוטער וואָלט צו אים נישט צו און געבעטן ווייַ־נענדיק, ער זאָל מיך אָפּלאָזן. אַן אַנדערש מאָל, ווען איך האָב געאַרבעט ביים מאַ־גיסטראַט, האָט מיך אַ דייטשער פּויער, מונד, אַן איינוואוינער פון הינטער גאָמבין, אַריינגעשלעפּט אינעווייניק אין בנין און דאָרט זיינען אויף מיר אַרויפגעפאַלן דריי דייטשן און האָבן מיך געשלאָגן אַזוי לאַנג, ביז כ׳האָב פאַרלוירן דאָס באַוואוסטזיין. צום סוף האָבן זיי מיך אָפּגעגאָסן מיט קאַלט וואַסער און אַרויסגעוואָרפן אויף דער גאַס.

די ציווילע דייטשן פון גאָמבין, אונדזע־רע לאַנגיאָריקע שכנים, האָבן ביי אונדז באַלד פון די ערשטע טעג אָן געוואָלט צו־נעמען דאָס געשעפט, אָבער ביז צום סוף 1940 האָט די דייטשע קאָמענדאַנטור גע־לאָזט דאָס געשעפט ביי אונדז. צום גליק האָט מיין ברודער שפּעטער באַקומען אַ פּאָסטן פון אַ בוכהאַלטער ביי אַ דייטש און ער האָט פון דער אַרבעט צוריקגעברענגט שפּייז — אייער, פּוטער און קאַרטאָפל. ער האָט אויך אין יענער צייט חתונה געהאַט און זיין פרוי האָט אים געבוירן אַ ייִנגעלע, איזשאַ. דאָס איז געווען אַ וואונדערלעך שיין קינד, וואָס האָט אונדז אַלעמען אַריינגע־ברענגט אַביסל טרייסט און פרייד אין די פינצטערע און האָפענונגסלאָזע טעג. דאָס קינד אָבער האָט באַלד אין די ערשטע חדשים פון לעבן איבערגענומען אונדזער שרעק, אין וועלכער מיר האָבן כסדר געלעבט. יע־דעס מאָל, ווען מען האָט אַ ריר געטאָן ביי דער טיר, האָט עס אויפגעריסן די אייגעלעך מיט פּחד. דאָס קינד האָט זיך ערשט דעמאָלט באַרואיקט און צעשמייכלט, ווען עס האָט דערזען עמיצן פון אונדז.

קאַפּיטל צוויי:

## אין לאַגער

**א**ין חודש אַפּריל אָדער מאַי 1940, מיר האָבן שוין דעמאָלט אַלע געטראָגן אויף די מלבושים געלע מגן־דודס, האָט מען פּלוצלונג, אינמיטן דער נאַכט, אויפגע־בראָכן די טיר צום צימער, וואו איך בין געשלאָפן, און עס האָט זיך אַריינגעריסן אַ באַנדע מיט צעיושעטע דייטשן. זיי האָבן מיך געהייסן שנעל אָנטאָן און האָבן מיך אוועקגעטריבן אין מיטן מאַרק, אין אַ הויז, וואו עס איז פריער געווען די בונדישע ביבליאָטעק. דאָרט זיינען שוין געווען פאַר־זאַמלט אַ 50 אַנדערע איבערגעשראָקענע




ARBEITSAMT-GETTO
Legitimations-Karte
Arbeiter Nr.: 5801
Name: Grzywacz
Vorname: Boruch
geb.: 15.8.1907
wohnh.: Siegfried 15/27
ist in dem Betrieb Nr.: 77
Bau-Abteilung
als: Wegenführer
beschäftigt
Tag d. Antritts d. Beschäftigung:
Er (Sie) darf die Strassen innerhalb des Gettos auch nach der Sperrstunde passieren.
Arbeitsamt-Getto
Kontrolliert durch .......... Nr. ..........

אַן אַרבעט־קאַרטע פון אַ גאָמבינער ייד אין געטאָ.

יידן. צומאָרגנס אין דער פרי איז געקומען מיין מוטער און ברודער און זיי האָבן מיר געברענגט אַ „פלעצאַק״ מיט מלבושים און אַביסל שפייז. גלייך זיינען אָנגעלאָפן דייטשע עס.עס.־לייט און זיי האָבן אונדז גענומען טרייבן מיט בייטשן צווישן צוויי שורות פון דייטשע שלעגערס, וואָס האָבן אונדז באַדעקט מיט שטעקענעס און העלצער און אַזוי אַרום געטריבן אונטער אַ האָגל מיט קלעפּ, האָט מען אונז אַרויפגעטריבן אויף לאַסט־אויטאָס און אַוועקגעפירט קיין גאָסטי־נין. דאָרט האָט מען אונדז צוזאַמען מיט נאָך אַ 300 יידן אַריינגעטריבן אין קאָשציאָל אַריין, וואו מען האָט פאַרהאַקט די טירן און מען האָט אונדז דאָרט איבערגעלאָזט אינעווייניק אַ גאַנצן מעת־לעת. מיר זיינען געשטאַנען אין דער קירכע אָנגעפּראָפּט, צוזאַמענגעקוועטשט, אָן אַ טראָפּן וואַסער און אָן שום סאַניטאַרע באַדינגונגען. עס איז מיר אוממעגלעך צו באַשרייבן, וואָס עס האָט זיך אָפּגעטאָן אין דער שטיקנדיקער און הייסער קירכע. מענטשן זיינען פּשוט גע־וואָרן ווילד און אַ סך זיינען שיער נישט אַראָפּ פון זינען.

צומאָרגנס האָט מען אונדז ווידער אַרויפגעטריבן אויף לאַסט־אויטאָס, וואָס זיינען געווען באַוואַכט פון דייטשן מיט מאַשין־ביקסן. מען האָט אונדז אַוועקגעפירט צוערשט קיין וולאָצלאַוועק און פון דאָרט, מיט אַ פראַכט־צוג, אין אַרבעט־לאַגער אַמזע, וואו מען האָט אונדז באַלד ביים אָנ־קומען „באַגריסט״ מיט שטעקענעס און מוראדיקע קלעפּ. צעשלאָגענע, הונגעריקע און דורשטיקע, זיינען מיר צומאָרגנס פאַר־טאָג געטריבן געוואָרן צו גראָבן קאַנאַלי־זאַציע. מען האָט געדאַרפט גראָבן גריבער צו צוויי מעטער די טיף און איין מעטער די ברייט. די אַרבעט האָט זיך אָנגעהויבן 6 פאַרטאָג און ביז פאַרנאַכט האָבן מיר געקראָגן אַ שוואַרצע פליסיקייט, וואָס האָט געהייסן קאַווע און 2 שטיקלעך ברויט. נאָכן אומקערן זיך פון דער אַרבעט, האָט מען באַקומען אַ טעלער זופּ און ווידער אַ שטיק ברויט. דער קוכער איז געווען אַ פּאָלאַק און ער האָט יעדן ייד, וואָס האָט געבעטן נאָך אַ לעפל זופּ, געשלאָגן איבערן קאָפּ מיט אַ שטיק האָלץ.

דער אָנפירער פון לאַגער איז אַמאָל געווען אַ דייטשער באָקסער און ער פלעגט זיך פאַרווילן דערמיט, וואָס ער פלעגט יעדן טאָג זיך אויסקלויבן אַ פּאָר קרבנות און ער פלעגט זיי אַזוי לאַנג שלאָגן, ביז

זיי זיינען געבליבן ליגן אָן באַוואוסטזיין. וואַשן האָבן מיר זיך געדאַרפט אינדרויסן. צוליב דער שמוץ האָט דער לאַגער גענומען ראַיען מיט אינסעקטן. נאָך עטלעכע וואָכן האָבן אַפילו די געזונטסטע גענומען אויסזען נישט צום דערקענען. אַ געוויסן טאָג האָבן דריי ברידער געמאַכט אַ פּרואוו צו אַנטלויפן. די דייטשן האָבן זיי געכאַפּט און מען האָט זיי עפנטלעך געהאָנגען. זיי זיינען געהאָנגען אַ גאַנצן טאָג.

די דייטשן האָבן געהאַלטן אין ברענגען נייע יידישע קרבנות פון קליינע, אַרומיקע שטעטלעך און די יידן האָבן גענומען דערציילן זאַכן אין וועלכע מיר האָבן נישט געוואָלט גלויבן. זיי האָבן דערציילט, אַז די דייטשן פירן אַרויס גרויסע צאָלן יידן הינטער די שטעט און מען שיסט זיי אויס. אויך צו אונדז אין לאַגער האָבן יעדן זונטיק אָנגעהויבן צו קומען אַ פּאָר עס.עס.־לייט, האָבן אַרויסגעצויגן אַ 10 יידן און האָבן זיי ערגעץ אַוועקגעפירט. שפּעטער האָט מען געהערט, אַז מען האָט די יידן געהייסן אויסגעגראָבן קברים און מען האָט זיי דערהרגעט.

אין יענע טעג האָב איך מיך דערוואוסט, אַז די דייטשן האָבן געכאַפּט מיין פאָטער און האָבן אים אַריינגעוואָרפן אין אַזאַ לאַגער אַריין. איך האָב געוואוסט פון דעם טראַגישן גורל פון עלטערע יידן ביי אונדז אין לאַגער און איך האָב גענומען טראַכטן מיט פּחד, וואָס עס וועט איצט געשען מיט מיין טאַטן. איך בין אין יענער צייט באַשטימט געוואָרן ווי אַ געהילף צו אַ דייטשן „מייסטער״, וועלכער איז אַ גאַנצן טאָג אַרומגעגאַנגען מיט אַ גראָבן שטעקן און האָט געשלאָגן יעדן איינעם, וואָס האָט נישט אַזוי שנעל געאַרבעט. מיין פאַמיליע האָט די גאַנצע צייט געמאַכט כסדרדיקע באַמיאונגען מיך צו באַפרייען, ביז דאָס איז זיי, פאַר אַ גרויסער סומע געלט, געלונגען. ווען כ׳בין אַהיימגעקומען, עס איז שוין געווען דעמאָלט אָנהייב ווינטער, האָט מיר מיין ברודער דערציילט, אַז אונדזער פאָטער לעבט שוין נישט. אַ דייטש האָט אים דערשאָסן בעת ער האָט געטראָגן האָלץ פון וואַלד. מיין ברודער האָט מיר געזאָגט, אַז אונדזער מוטער און שוועסטער ווייסן נישט דערפון און מיר האָבן דאָס אַ לאַנגע צייט געהאַלטן בסוד.

אין יענע טעג זיינען קיין גאָמבין אָנגעקומען איינצלנע יידן פון קליינע שטעטלעך און זיי האָבן איבערגעגעבן, אַז זיי האָבן זיך על־פּי־נס געראַטעוועט פון קברים אַרויס. די דייטשן האָבן זיי, צוזאַמען מיט הונדערטער יידן, אַרויסגעפירט הינטער דער שטאָט, וואו זיי האָבן אַליין געמוזט אויסגראָבן גריבער און דאָרט האָבן די דייטשן גענומען אויף זיי שיסן מיט מאַשין־ביקסן. די פּאָר איינצלנע יידן האָבן זיך געראַטעוועט דערמיט, וואָס זיי האָבן זיך געמאַכט טויט און שפּעטער, ווען די דייטשן זיינען אַוועק, זיינען זיי אַרויס פון די גריבער און זיינען דאָ געקומען צו לויפן. מען קאָן זיך פאָרשטעלן, וואָס פאַר אַ איינדרוק עס האָבן אויף אונדז געמאַכט זייערע דערציילונגען. די גרעסטע שרעק, וואָס איך האָב געהאַט, איז געווען פאַר מיין ברודערס יינגעלע, איזשאָ. איך האָב באַשלאָסן פאַר יעדן פּרייז אים צו ראַטעווען. איך האָב מיך אַ געוויסן טאָג אַרויפגעזעצט אויף אַ ראָווער און בין אַרויסגעפאָרן אין שכנותדיקע דערפער און האָב געפּרואווט געפינען עפּעס אַ באַקאַנטן פויער, וואָס זאָל וועלן צונעמען דאָס קינד. אָבער קיינער האָט נישט געוואָלט. מיין ברודער האָט ווייטער געאַרבעט ווי אַ בוכהאַלטער אין אַ דייטשער פירמע, וואָס האָט געזאָלט בויען הייזער. און דעמאָלט, אין יענע טעג איז באַשלאָסן געוואָרן, אַז איך און מיין שוועסטער רוזשע זאָלן אַנטלויפן פון גאָמבין. אַז זי זאָל אַוועק און פּרואוון צו לעבן ווי אַן „אַריערין״ אין דעם שטעטל שערפּץ און איך זאָל אַוועק איבער שטעטל גרענעץ, וואָס האָט אָפּגעטיילט דאָס דייטשע רייך, אין וועלכן גאָמבין איז געוואָרן איינגעגלידערט און זוכן אַ מעגלעכקייט צו לעבן אין דער טייל פּוילן, וואָס די נאַציס האָבן אַ נאָמען געגעבן „גענעראַל גואווערנעמאַן״, וואו די לאַגע פון די יידן איז אפשר אַ בעסערע.

### קאַפּיטל דריי:

## אויף דער אַרישער זייט

אין איינעם פון די מאַרק־טעג האָב איך געפונען אַ פויערטע, וועלכע האָט מיך צוגעפירט אין איר וואָגן צו דער גרענעץ פון „פּראָטעקטאָראַט”. רוזשע איז נאָך אַוועק פריער, ווי זי האָט געפּלאַנט, קיין שערפּץ, פאַרן אַרויפזעצן מיך אויפן וואָגן ביז איך אַהיימגעלאָפן צו געזעגענען זיך מיט דער מאַמען, אָבער אין דער היים האָב איך געטראָפן בלויז מיין שוועגערין און ביזן היינטיקן טאָג קאָן איך מיר נישט מוחל זיין, וואָס כ׳האָב מיך נישט געזעגנט מיט דער מאַמען און מיטן ברודער. איך האָב געמוזט צוריקלויפן צו דער מיל, וואו די פויערטע האָט אויף מיר געוואַרט אַן אומגעדולדיקע.

ווען מיר זיינען צוגעקומען צו דער גרענעץ איז שוין געווען נאַכט און עס האָט געהערשט אַ שאַרפער פראָסט. די פויערטע איז אַוועק מיטן וואָגן און איך בין געבליבן אַליין אונטערן פרייען הימל, אינמיטן פון אַ ווינטערדיקער נאַכט און האָב נישט געוואוסט וואָס צו טאָן. איך האָב אָנגעקלאַפּט אין עטלעכע כאַטעס, אָבער קיינער האָט מיך נישט געוואָלט אַריינלאָזן. איך האָב מיך אַ גאַנצע נאַכט אַרומגעדרייט אונטערן פרייען הימל און ערשט פאַרטאָג האָב איך באַגעגנט אונדזערס אַ געוועזענע דינסט, וועלכע האָט מיך אַריינגעלאָזט צו זיך אין דער כאַטע. איך בין דאָרט געבליבן אַ גאַנצן טאָג, ביז עס איז ווידער צוגעפאַלן די נאַכט.

די פויערטע האָט פאַר מיר געדאַרפט געפינען אַ שמוגלער, וועלכער זאָל מיך אַריבערפירן איבער דער גרענעץ. זי איז אַרויס זוכן אַזאַ שמוגלער, אָבער זי איז צוריקגעקומען מיט דער ידיעה, אַז צוליב דעם, וואָס די גרענעץ איז געווען שטאַרק באַוואַכט, האָט קיינער נישט געוואָלט ריזיקירן און אַריבערפירן אַ ייד. ווייטער בלייבן אין דער כאַטע האָב איך נישט געקאָנט און איך בין צוריק אַרויס אין דרויסן, אויפן ברענענדיקן פראָסט. איך האָב אַריינגעקוקט אין פענצטער פון פויערישע הייזער צו זען, צי עס איז דאָ אַ אַ מעגלעכקייט ערגעץ אַריינצוגיין, ביז איך האָב אָנגעטראָפן אויף אַן אַלטן פויער, וועלכער האָט מיר דערלויבט איך זאָל אַריין צו אים אין דער סטאָדאָלע און דאָרט איבערנעכטיקן. ער האָט מיר אָבער אָנגעזאָגט, אַז גלייך ווי עס וועט ווערן ליכטיק, זאָל איך באַלד אַוועק.

אין זעלבן דאָרף האָט געוואוינט אַ פויער מיטן נאָמען כאַבאַר, וועלכער פלעגט אַמאָל זיין אַ שטענדיקער קונה אין געשעפט פון מיינע עלטערן. איך האָב געפרעגט דעם אַלטן פויער, אין וועלכן הויז כאַבאַר וואוינט און בין דאָרט אַוועק. כאַבאַר האָט מיך אַריינגעלאָזט אינעווייניק, אָבער איך האָב באַלד געזען, אַז בלייבן דאָרט וועל איך נישט קאָנען. אין דער כאַטע זיינען אַ גאַנצן טאָג געקומען פאַרשיידענע מענטשן און איך האָב כסדר געמוזט לויפן מיך באַהאַלטן. די לאַגע דאָרט איז געווען אומדערטרעגלעך. כאַבאַר, וועלכער האָט מיר געוואָלט העלפן, האָט זיך פלוצלונג דערמאָנט, אַז אין זעלבן דאָרף וואוינט אַ פויער מיטן נאָמען גאַרבאַרעק, וועלכער איז פריינטלעך צו יידן.

ווען עס איז געוואָרן טונקעלער, האָט ער מיך אַוועקגעפירט אין גאַרבאַרעקס כאַטע, וועלכע איז באַשטאַנען פון צוויי שטובן. די שטובן זיינען געווען פול מיט מענטשן. אַחוץ דעם פאָרפאָלק גאַרבאַרעק מיט זייערע פיר קינדער, האָבן נאָך דאָרט געלעבט צוויי עלטערע פּאָלאַקן, וואָס זיינען אַרויסגעשיקט געוואָרן פון זייערע דערפער. כאַבאַר האָט מיך נישט פאָרגעשטעלט ווי אַ ייד. ער האָט געזאָגט, אַז איך בין אַ פּאָלאַק פון פּויזן און אַז איך האָב דאָ אַמאָל געפירט שטיינער, ווען מען האָט דאָ פאַר דער מלחמה געבויט דעם שאָסיי קיין לאָנצק. ער האָט מיר געזאָגט, אַז איך קאָן בלייבן ביי אים אַ דריי טעג און האָט דערפאַר פאַרלאַנגט כ׳זאָל גאַרבאַרעקן גוט באַצאָלן. גאַרבאַרעק אַליין האָט נישט חושד געווען, אַז איך בין אַ ייד און ער האָט גלייך מסכים געווען. די פרוי זיינע האָט גלייך צוגעגרייט אַ וויעטשערע און מיר האָבן זיך אַוועקגעזעצט ביים טיש.

אינמיטן עסן האָב איך געזען, ווי די צוויי עלטערע גויים האָבן זיך געשושקעט און האָבן אויף מיר כסדר געוואָרפן שפּיזלדיקע בליקן. עס איז מיר געווען קלאָר, אַז זיי האָבן דערקענט, אַז איך בין אַ ייד. זיי האָבן אָבער גאָרנישט געזאָגט. נאָכן אָפּעסן האָט גאַרבאַרעק מיך גענומען אָפּפירן אין דער סטאָדאָלע אַריין, וואו איך האָב געדאַרפט שלאָפן. און דעמאָלט, גייענדיק צו דער סטאָדאָלע, איז געשען אַ מאָדנע זאַך, וואָס איך קאָן ביזן היינטיקן טאָג נישט פאַרשטיין מיטן שכל. אַ זאַך, וואָס האָט מיר געראַטעוועט דאָס לעבן.

ווען מיר האָבן זיך דערנענטערט צו דער סטאָדאָלע, איז פּלוצלונג אַרויסגעשפּרונגען אַ גרויסער און ווילדער הונט און האָט זיך מוראדיק צעבילט. דער הונט איז געווען אַזאַ ווילדער, אַז גאַרבאַרעק האָט אים אַלעמאָל געהאַלטן אויף אַ קייט, אָבער פּונקט דאָס מאָל האָט ער פאַרגעסן אים אָנצובינדן. ווען דער הונט האָט געגעבן אַ שפּרונג אין מיין ריכטונג, האָט גאַרבאַרעק געמיינט, אַז ער וועט מיך צערייסן אויף שטיקער. אָבער דאָ איז געשען אַן אומפאַרשטענדלעכע זאַך. דער הונט איז פּלוצלונג געבליבן שטיין ווי פאַרגליווערט און האָט מיך נישט אָנגערירט. דער פויער האָט אויף דעם געקוקט מיט גרויס שטוינונג און האָט זיך שיער נישט איבערגעצלמט. דאָס האָט אים וואַרשיינלעך איבערצייגט, אַז ער האָט דאָ צו טאָן מיט עפּעס אַ נישט־געוויינלעכן מענטש. ווען די דריי טעג האָבן זיך געענדיקט, האָט ער מיך געלאָזט בלייבן ווייטער.

דער באַדינג איז, נאַטירלעך, געווען, איך זאָל אים ווייטער צאָלן די גרויסע סומע, וואָס איז געווען באַשטימט ביים אָנהויב. אָבער דאָס איז נישט געווען דאָס ערגסטע. מיין ווייטערדיק בלייבן ביי דעם פויער גאַרבאַרעק האָט אָנגעהויבן צו ווערן פאַרבונדן מיט וואָס אַמאָל גרעסערע שוועריקייטן.

איך האָב געוואוסט, אַז מיין שוועסטער רושע געפינט זיך אויף דער אַרישער זייט אין שטעטל שערפּץ, וואו זי לעבט ווי אַ „קריסטין" און איך האָב איר אָנגעהויבן צו שיקן בריוו. מיר האָבן אָפּגעמאַכט, אַז אָפּענטפערן זאָל זי מיר אויפן אַדרעס פון פויער כאַבאַר, וועלכער איז געווען דער איינציקער אין דאָרף, וואָס האָט געוואוסט, אַז כ׳בין אַ ייד. כאַבאַר איז אַזוי אַרום געוואָרן דער פאַרבינדלער צווישן מיר און מיין שוועסטער. אָבער באַלד האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז דאָס איז געווען פאַרבונדן מיט אַ געפאַר. די בריוו זיינען אָנגעקומען אין דער גמינע פון דאָרף און דאָרט האָט דער אַלטער פויער גאַרבאַרעק, דער פאָטער פונעם פויער ביי וועלכן איך האָב געוואוינט, אָנגעהויבן חושד צו זיין, אַז די בריוו האָבן אַ שייכות מיט מיר. ער איז אַ געוויסן טאָג געקומען צו אונדז אין דער כאַלופּע אַריין און האָט געזאָגט, אָנווייזנדיק אויף מיר, אַז ער איז זיכער, אַז איך בין אַ ייד און אַז איך וועל ברענגען אַן אומגליק אויפן גאַנצן דאָרף. ער האָט פאַרלאַנגט, אַז זיין זון זאָל מיך גלייך משלח זיין, ווייל טאָמער נישט, וועט ער אַוועק און מודיע זיין די דייטשן.

דער יונגער גאַרבאַרעק האָט זיך דערשראָקן און ער איז טאַקע געווען גרייט מיך צו פאַרטרייבן, אָבער איך האָב גענומען רעדן מיט זיין פרוי און האָב איר פאָרגעלייגט, זי זאָל זאָגן איר שווער, אַז מען האָט מיך טאַקע אַוועקגעשיקט און אַז איך בין מער נישטאָ. צו מיין גליק האָט זי דערויף איינגעשטימט און האָט אויך געפּועלט ביי איר מאַן. צו מיין שוועסטער האָב איך געשריבן, אַז זי זאָל אויפהערן צו שיקן בריוו צו כאַבאַר און זי זאָל זיי אַדרעסירן דירעקט צו מיר, אויפן נאָמען פון איינעם פון די צוויי עלטערע פּאָלאַקן. די זאַך איז כלומרשט געוואָרן איינגעשטילט, אָבער פאַר מיר האָט זיך איצט אָנגעהויבן אַן אמתדיק גיהנום.

ביז איצט האָב איך מיך געקאָנט ווייזן פאַר מענטשן. עס האָט געהייסן, אַז איך בין אַן אַנטלאָפענער פּאָלאַק פון „רייך", אָבער פון איצט אָן האָב איך מיך געמוזט אויסבאַהאַלטן פאַר פרעמדע אויגן. דאָס האָט געהייסן, אַז אויסער די איינוואוינער פון הויז, דעם פאָרפאָלק גאַרבאַרעק מיט זייערע קינדער און די צוויי עלטערע קריסטן, האָט

קיינער נישט געטאָרט וויסן, אַז כ׳געפין מיך דאָ. עס איז דעריבער נויטיק געוואָרן צו געפינען פאַר מיר אַ באַהעלטעניש.

די כאַטע פון די פויערים איז באַשטאַנען בלויז פון צוויי שטובן און פון דער צווייטער שטוב האָט געפירט אַ טיר אין שטאַל אַריין, וואו די גאַרבאַרעקס האָבן געהאַלטן זייער קו און חזירים. אין די ערשטע פאָר חדשים בין איך גאַנצע טעג געשטאַנען ביים פענצטער און יעדעס מאָל, ווען איך האָב געזען עמיצן צוקומען צום הויז, בין איך אַריינגעלאָפן אין שטאַל אַריין. דאָס איז אָבער געווען שטאַרק מאַטערנדיק און האָט מיך אויסגעשעפט נערוועאיש. אין אָנהייב פון פרילינג, ווען גאַרבאַרעק האָט גענומען אַרומהאַקן די צווייגן פון די ביימער, האָב איך אים פאָרגעלייגט, ער זאָל אַרויפלייגן די צווייגן אויפן פאַרקן אויף אַזאַ אופן, אַז עס זאָל זיך שאַפן אַ באַהעלטעניש, וואו איך זאָל קאָנען ליגן אומבאַמערקט בייטאָג.

דאָס באַהעלטעניש איז טאַקע געווען גוט, אָבער נאָך אַ וואָך־צוויי האָב איך געהאַט אָפּגעקוועטשטע ביינער און האָב עס מער נישט געקאָנט איבערהאַלטן. שפּעטער, ווען די תבואה אויף די פעלדער האָט גענומען ווערן העכער, בין איך אָנשטאָט צו ליגן אינם באַהעלטעניש אין די צווייגן, אָפּגעלעגן גאַנצע טעג צווישן די זאַנגען אויפן פעלד און ביינאַכט בין איך געשלאָפן אין דער סטאָדאָלע. אָבער אויך דאָס ליגן אין דער תבואה איז נישט געווען פון די אָנגענעמע זאַכן, ווייל די זון האָט טיילמאָל געברענט און געבראָטן. איך האָב מיך אָבער נישט געטאָרט אויפשטעלן, כדי נישט אָנצוטרעפן פלוצלונג אויף עפּעס אַ פרעמדן מענטש.

צו מיין גליק איז אין יענער צייט ווידער געשען אַ זאַך, וואָס האָט פאַרשטאַרקט מיין פּאָזיציע אין די אויגן פון די אַבערגלויבערישע פויערים. אַ געוויסן טאָג, בעת איך בין געלעגן באַהאַלטן אויפן פעלד, איז אין אונדזער הויז אַריינגעקומען אַ ציגיינערין און האָט יעדן „געטראָפן די צוקונפט”. גאַרבאַרעק האָט מיך אַריינגערופן פון פעלד און ער האָט דווקא געוואָלט, אַז איך זאָל מיר אויך לאָזן „טרעפן”. איך האָב מיך געווערט, ווייל עס איז געווען געפערלעך, איך זאָל פלוצלונג מיך באַווייזן אין הויז, עס האָט געקאָנט אָנקומען אַ פרעמדער מענטש; עס האָט מיר אָבער גאָרנישט געהאָלפן. ער האָט מיך אַריינגעצויגן אין שטוב אַריין, האָט מיך אַוועקגעזעצט נעבן דער ציגיינערין און דאָ איז ווידער געשען אַן אומבאַגרייפלעכע זאַך.

גלייך ווי די ציגיינערין האָט מיר גענומען די האַנט, האָט זי געזאָגט צו די פויערים: „איר האָט אין דאָזיקן מענטש זייער אַ גוטן פריינט. ער האָט געהאַט ביז איצט זייער אַ סך טרויער צוליב זיינע נאָענטע. אָבער סיי ער און סיי זיינס אַ גאָר נאָענטער מענטש וועלן זיך אָפּראַטעווען און עס דערוואַרט זיי אַ גאָר גוטע צוקונפט, פון וועלכער איר אַלע וועט געניסן”.

אירע רייד האָבן אויף די פויערים געמאַכט אַ גאָר שטאַרקן איינדרוק. פון זייערע בליקן האָב איך דערזען, אַז איך בין ביי זיי געוואָרן גאָר חשוב. אין יענער צייט האָט מיין געלט זיך שוין געהאַט אויסגעלאָזט און איך האָב נישט געהאַט מער מיט וואָס צו צאָלן. איך האָב זיי דעריבער געהאַט צוגעזאָגט, אַז ווי נאָר דער קריג וועט זיך ענדיקן, וועל איך זיי הונדערטפאַכיק באַלוינען. זיי האָבן איצט, צוליב די רייד פון דער ציגיינערין, אָנגעהויבן צו גלייבן, אַז איך וועל האַלטן מיין צוזאָג.

דערווייל אָבער איז מיר אין מיין באַהעלטעניש געוואָרן וואָס אַמאָל שווערער. נאָכן אָפּשניידן די תבואה, האָב איך שוין מער אין פעלד נישט געקאָנט ליגן. איך האָב דעריבער פאָרגעלייגט דער פרוי גאַרבאַרעק, אַז מיר זאָלן אויסגראָבן אַ גרוב אין ליים אונטערן שטאַל און אַז דעם אַריינגאַנג אין גרוב זאָל מען פאַרשטעלן מיט שטרוי. דאָרט, אין יענעם גרוב, בין איך אַריינגעקראָכן אין דער פרי און בין דאָרט אָפּגעלעגן ביז ביינאַכט, ווען איך בין אַריין אין שטאַל. עס האָט זיך אָבער גאָר שנעל אַרויסגעוויזן, אַז די אידייע פון גרוב איז

נישט געווען קיין גוטע. ערשטנס איז אינעווייניק געווען פייכט און פינצטער און איך בין געוואָרן אַדורכגעדרונגען מיט נאַסקייט. צווייטנס פלעגן די דייטשן אַ סך מאָל זוכן ביי די פויערים באַהאַלטענע חזירים און זיי פלעגן טאַקע גראָבן אונטער דער ערד.

מיר האָבן דעריבער צוריק פאַרשאָטן דעם גרוב און האָבן געפונען אַ ניי באַהעלטעניש. ביים אַריינפירן די געשניטענע תבואה אין שטאַל אַריין, האָבן מיר עס געלייגט אַזוי, אַז עס איז אינמיטן געבליבן אַן אויסגעהוילטער מין „קאַמער" מיט אַן אַריינגאַנג אין חזיר־שטאַל. דאָס איז געווען געמאַכט אַזוי, אַז עס וואָלט קיינעם נישט געקאָנט איינפאַלן, אַז עס ליגט דאָרט באַהאַלטן אַ מענטש. דאָרט, אין יענעם תבואה־באַהעלטעניש, בין איך געלעגן באַהאַלטן גאַנצע טעג. ביים אַרויסגיין פון דאָרט האָב איך צוריק פאַרשאָטן דעם אַריינגאַנג מיט שטרוי און מיט מיסט. דער ענין פון באַהעלטעניש איז אַזוי אַרום צייטווייליק געוואָרן דערליידיקט. בייטאָג בין איך געלעגן באַהאַלטן אין דער אויסגעהוילטער תבואה און ביינאַכט אין שטאַל. איצט אָבער האָבן זיך אָנגעהויבן אינגאַנצן נייע צרות.

דאָס מאָל זיינען די צרות אַרויסגעקומען צוליב די צוויי אַלטע פאָלאַקן, וועמען די באַלעבאַטים האָבן גענומען פאָרוואַרפן, אַז זיי עסן צופיל. די צוויי אַלטע לייט זיינען נישט געבליבן שולדיק און זיי האָבן געענטפערט: פאַרוואָס האָט איר גרויסע אויגן אויף דעם וואָס מיר עסן? פאַרוואָס שפּייזט איר אינגאַנצן בחינם אַ „זשיד"? צוליב די קריגערייען און צוליב די פלוצלונגדיקע פאָרוואורפן, אַז אויך די קינדער עסן צופיל, איז די 14־יאָריקע טאָכטער אַנטלאָפן פון שטוב און איז אַ גאַנצן טאָג נישט צוריקגעקומען. איך האָב געלעבט אין שרעק, אַז זי וועט זיכער דערציילן וועגן מיר אין דאָרף, אָבער ביינאַכט איז זי צוריקגעקומען. זי איז בלויז געלעגן אַ גאַנצן טאָג אין פעלד ווי אַ פּראָטעסט קעגן די עלטערנס פאָרוואַרפן. כדי צו באַרואיקן זייערע געמיטער, האָב איך ווידעראַמאָל פאַרזיכערט די פויערים, אַז עס לוינט זיך נישט צו קריגן צוליב ברויט אָדער פאַרטאָפל, ווייל זאָל זיך נאָר די מלחמה ענדיקן, וועל איך זיי פאַר אַלץ באַלוינען. מיינע רייד האָבן געווירקט און די קריגערייען וועגן צופיל עסן האָבן זיך אָפּגעשטעלט. אָבער איין צרה האָט שטענדיק נאָכגעשלעפּט אַ צווייטע.

איך האָב פּלוצלונג געמוזט זיך נעמען אויפפירן דאָפּלט פאָרזיכטיק. ערשטנס האָט גאַרבאַרעק צוגענומען אַ פויער אַרויסצוהעלפן אים גראָבן קאַרטאָפל און דער פויער האָט זיך געמאַכט אַ מנהג, אַז ער פלעגט אָפּליגן גאַנצע נעכט נעבן שטאַל און האָט געטשאַטעוועט צו באַגנבענען די שכנותדיקע פויערים. איך האָב מיך איצט געמוזט היטן אַפילו אין די נעכט, ווייל דער מינדעסטער שאָרך האָט געקאָנט פאַרראַטן מיין אָנוועזנהייט. דערצו איז נאָך צוגעקומען אַ גרעסער אומגליק.

גאַרבאַרעק האָט אַ געוויסן טאָג געזאָגט צו זיין פרוי: אויב דו האָסט אַריינגענומען אין שטוב אַריין אַ „זשיד", נעם איך אַריין דריי פּאַרטיזאַנער. באַלד טאַקע זיינען פון ערגעץ אָנגעקומען דריי יונגע פּאָלאַקן און זיי זיינען געבליבן אין הויז די גאַנצע צייט, ביז צו דער באַפרייאונג. איך האָב איצט געמוזט זיין פיל מער פאָרזיכטיק און דאָס לעבן מיינס — בייטאָג אומבאַוועגלעך אין דער תבואה און ביינאַכט ווי אַ פּאַראַליזירטער אין שטאַל, איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין טאָרטורן.

צו די פיזישע יסורים זיינען צוגעקומען מאָראַלישע. אַ געוויסן טאָג זיינען די גאַרבאַרעקס צוריקגעקומען פון יאַריד און האָבן דערציילט, אַז די דייטשן האָבן געפונען אַ באַהאַלטענעם ייד ביי אַ פויער און זיי האָבן צוזאַמען מיטן ייד אויסגעשאָסן די גאַנצע פאַמיליע — אַ פאָרפאָלק מיט דריי קליינע קינדער. איך האָב געהערט, ווי גאַרבאַרעק האָט יענעם טאָג געזאָגט צו זיין פרוי: „אויב מען וועט אונדז כאַפּן, וועל איך נישט וואַרטן, ביז מען וועט דיך שיסן. אויפן וועג צום עקזעקוציע־פּלאַץ וועל איך דיך דערשלאָגן צום טויט".

איינמאָל, ווען כ'האָב געהאַלטן ביים

אַריינגיין אין הויז אַריין, האָב איך געהערט ווי גאַרבאַרעק האָט געזאָגט צו דער פרוי: „אַרויסטרייבן קאָן איך אים נישט, ווייל ער וועט אונדז מסרן, אַז ער איז געווען ביי אונדז באַהאַלטן. איך האָב מיר אָבער געשאַפן אַ רעוואָלווער. איך וועל אים דערשיסן און מיר וועלן אים דאָ ערגעץ באַגראָבן און קיינער וועט גאָרנישט וויסן". די פויערטע האָט אים דערויף געענטפערט, אַז זי וואָלט אַזאַ זאַך נישט געקאָנט איבערהאַלטן. „עס וואָלטן מיך שטענדיק באַגלייט די טרויעריקע אויגן פון יאַנעקן" (אַזוי האָבן זיי מיך גערופן).

איך האָב זינט דעמאָלט אָנגעהויבן צו לעבן אין שרעק, אַז דער פויער קאָן צו מיר אַריין אין באַהעלטעניש צו יעדער צייט און מיך דערשיסן. איך האָב דעמאָלט אָנגעשריבן צו מיין שוועסטער, אַז זי זאָל איצט זיין גרייט אויף אַלץ, ווייל עס קאָן „עפעס געשען".

וואָס מער עס האָט זיך אָנגעהויבן צו דערנענטערן דער סוף פון קריג, אַלץ ערגער איז געוואָרן מיין לאַגע. מיין באַהאַלטן זיך איז געוואָרן פאַרבונדן מיט נאָך גרעסערע סכנות. אַ געוויסן טאָג האָבן פוילישע פאָליציאַנטן געזוכט באַהאַלטענע חזירים און האָבן אַריינגעקוקט אין מיין באַהעלטעניש. עפעס אַ נס איז געשען, וואָס זיי האָבן מיך נישט געזען, כאָטש איך האָב גענוי געזען זייערע פנימער. אַ צווייט מאָל האָבן דייטשן געמאַכט אַן אָבלאַווע און האָבן געזוכט עמיצן, וואָס האָט צעשלאָגן אַ דייטש. אויך דעמאָלט זיינען זיי געווען אַ האָר פון מיין באַהעלטעניש. אַ דריט מאָל איז אינמיטן דער נאַכט אַריינגעקומען אין שטאַל אַריין אַ גנב גנבענען תבואה. ווען ער האָט מיך דערזען, האָט ער געכאַפט אַ שטיק האָלץ און ווען כ'וואָלט נישט שנעל אָפגעשפרונגען אין אַ זייט, וואָלט ער מיך זיכער דערשלאָגן צום טויט. ער איז אַוועק מיינענדיק אוודאי, אַז ער האָט אָנגעטראָפן אויפן אייגנטימער.

צו די אַלע צרות האָט די טאָכטער פון די גאַרבאַרעק'ס חתונה געהאַט און אין שטוב אַריין איז צוגעקומען אַ פרישער פאַרשוין, פאַר וועמען איך האָב מיך אויך געדאַרפט היטן. אַזוי אַרום זיינען שוין געווען אין הויז פיר פערזאָן, וואָס האָבן נישט געטאָרט וויסן פון מיין עקזיסטענץ. די דריי פאַרטיזאַנער און דער אידעם.

דערווייל איז אין וואַרשע אויסגעבראָכן דער פוילישער אויפשטאַנד און איינער פון די עוואַקואירטע פאָלאַקן איז באַזעצט געוואָרן ביי מיינע באַלעבאַטים. דערמיט איז נישט בלויז צוגעקומען אַ פרישער פאַרשוין, פאַר וועמען כ'האָב מיך געמוזט היטן; דער פאָלאַק האָט נאָך ליב געהאַט צו אַרבעטן און ער פלעגט יעדע נאַכט אַריינגעקומען אין שטאַל אַריין, וואו איך בין געלעגן באַהאַלטן און ער האָט דאָרט געבונדן בעזימער. איך האָב בפירוש געהערט זיין יעדן אָטעם און איך האָב מורא געהאַט צו מאַכן די מינדעסטע באַוועגונג, ווייל אויב איך האָב געקאָנט הערן זיין אָטעמען, וואָלט ער זיכער געהערט דעם מינדעסטן שאָרך פון דעם באַהעלטעניש אין דער תבואה.

צו די אַלע צרות האָט זיך אַ געוויסע נאַכט צו מיר אין באַהעלטעניש דערגראָבן אַ גרויסע וואַסער־מויז. איך האָב מורא געהאַט, אַז זי קאָן מיר, בעת כ'בין געשלאָפן, אַ ביס טאָן און כ'האָב געוואוסט, אַז אַ ביס פון אַזאַ וואַסער־מויז איז גיפטיק. איך האָב וועגן דעם דערציילט די באַלעבאַטים און מיר האָבן אַלע צוזאַמען איינגעאָרדנט אַ יאַגד. מיר האָבן פאַרשטאָפט אַלע אויסגענג און ווען די וואַסער־מויז איז אַריינגעלאָפן צו מיר אין באַהעלטעניש, האָב איך איר דערהרגעט. פאַרשטייט זיך, אַז ביי מיין גאַנצער פאָרזיכטיקייט איז מיר געווען אוממעגלעך אויסצומיידן, אַז כ'זאָל אַמאָל נישט אָנטרעפן אויף אומגעווינטשענע אויגן. עטלעכע מאָל האָב איך דערזען — טיילמאָל פון דער ווייטנס און טיילמאָל פון דער נאָענט — די פאַרטיזאַנער, דעם אידעם און איין מאָל אַפילו דער גוי, וואָס האָט געמאַכט די בעזימער אין שטאַל. אָבער יעדעס מאָל בין איך געוואָרן פאַרשוואונדן און גאַרבאַרעק האָט זיי געזאָגט, אַז דאָס איז מסתמא געווען עמיצער, וואָס האָט זיך בלויז אַדורכגעשמוגלט דורכן דאָרף.

אַ געוויסן טאָג האָב איך באַקומען פון מיין שוועסטער אַן אַלאַרמירנדיקן בריוו, אַז זי געפינט זיך אין אַ געפאַר. זי האָט געלעבט צווישן פּאָלאַקן ווי אַ ריינע „אַריערין" און כדי צו פאַרווישן איר יידישן אויסזען, האָט זי זיך געפאַרבט די האָר מיט „אוטלעניאָנע" וואַסער (זויערשטאָף־וואַסער). דאָס וואַסער איז איר אָבער אויסגעגאַנגען און עס האָט געדראָט, אַז זי זאָל אַ געוויסן טאָג זיך באַווייזן פאַר די אַרומיקע פּאָלאַקן ווי אַ שוואַרץ־האָריקע יידישקע. איך האָב גענומען בעטן די גאַרבאַרעקס, זיי זאָלן גיין אין שכנותדיקן שטעטל און קויפן אין אַפּטייק אַזאַ פלאַש וואַסער, אָבער זיי האָבן בשום אופן נישט געוואָלט. ווייסנדיק, אַז דערפון איז אָפּהענגיק מיין שוועסטערס לעבן, האָב איך זיי דערקלערט, אַז אויב זיי וועלן דאָס נישט קויפן, וועל איך אַליין אַוועק אין שטעטל און ריזיקירן, מען זאָל מיך כאַפּן. אָבער אויך דאָס האָט נישט געהאָלפן. ענדלעך האָט גאַרבאַרעק אויסגענוצט דעם ענין מיטן וואַסער אויף אַ מין שאַנטאַזש. ער האָט געזאָגט, אַז אַזוי ווי מיין געלט האָט זיך אויסגעלאָזט און די מלחמה שלעפּט זיך און ס'איז לאַנג צו וואַרטן ביז כ'וועל זיי קאָנען באַלוינען, וויל ער דעריבער, אַז איך זאָל מיר אָנהייבן צו פאַרדינען אויפן לעבן. קודם־כל זאָל איך אים העלפן דרעשען די תבואה, כאָטש דאָס איז געווען פאַרבונדן מיט אַ גרויס געפאַר, ווייל ס'האָט צו יעדער מינוט געקאָנט עמיצער אַריינקומען און מיך דערזען. אָבער דערנאָך האָט ער פאַרלאַנגט עפּעס אַנדערש — כ'זאָל פאַר אים גנבענען. כ'זאָל מיך ביינאַכט אַריינגליטשן צו די שכנים און זיי באַגנבענען און אים ברענגען די גנבות. פאַרשטייט זיך, אַז איך האָב דאָס נישט געוואָלט טאָן, אָבער ווען עס איז אונטערגעקומען דער ענין מיטן וואַסער פאַר מיין שוועסטער, האָט ער מיר געשטעלט אַ באַדינג: טאָמער כ'וועל אַוועק צו אַ שכן און צוגנבענען אַ פּאָר הינער, וועט ער גיין אין אַפּטייק אַריין נאָכן וואַסער. דאָס מאָל האָב איך נישט געהאַט קיין עצה און כ'בין געגאַנגען. איך האָב עס אָבער געטאָן אויף



אַזאַ אופן, אַז עס זאָל אים אָפּגיין דער אַפּעטיט צו שיקן מיך אויף אַזעלכע מיסיעס. איך האָב אָפּגעוואַרט ביז מיטן נאַכט, ווען כ'האָב מיך שטיל אַריינגעשלייכט צו אַ שכנותדיקן פויער, וואו כ'האָב גענומען נישט צוויי אָדער דריי, נאָר גאַנצע 15 הינער, ביי וועלכע כ'האָב אָפּגעדרייט די קעפּלעך און האָב זיי געברענגט צו גאַרבאַרעקן. ווען ער האָט דערזען דעם גרויסן חורבן, האָט ער זיך שטאַרק דערשראָקן, ווייל ער האָט מורא געהאַט, אַז דער שכן וועט צומאָרגנס אינדערפרי אויפהייבן אַ גרויס געוואַלט. ער איז דעריבער ערגעץ פּטור געוואָרן פון די הינער און מיר האָט ער אָנגעזאָגט, אַז מער זאָל איך עס נישט טאָן, און דעמאָלט ערשט האָט ער געקויפט דאָס וואַסער אין אַפּטייק און איך האָב עס אַוועקגעשיקט צו דער שוועסטער.

עס האָט זיך דערנענטערט דער סוף פון יאָר 1944 און עס איז שוין געווען קלאָר, אַז די דייטשן, וואָס האָבן געהאַט געליטן מפּלות אויף אַלע פראָנטן, וועלן אויך אַוועק פון אונדזער דאָרף. אָבער וואָס נענטער עס איז געווען צו זייער סוף, אַלץ אָנגעשטרענגטער איז געוואָרן די לאַגע און אַלץ ביטערער איז געוואָרן מיין גורל.

קודם־כל האָט מען וואָס אַמאָל אָפּטער געהערט, אַז די דייטשן האָבן אין זייערע לעצטע צאַפּלענישן נאָך אַלץ נישט אויפגעהערט צו זוכן באַהאַלטענע יידן און אַז זיי האָבן טאַקע געפונען אַזעלכע יידישע קרבנות און האָבן זיי דערמאָרדעט צוזאַמען מיט די פּוילישע „באַהאַלטערס". אַחוץ דעם האָט זיך די בהלה פון די אָפּטרעטנדיקע נאַציס גענומען באַווייזן וואָס אַמאָל נענטער. אַ געוויסן טאָג זיינען אין דאָרף אָנגעקומען עטלעכע וועגענער מיט אוקראַאינער, אָנגעטוענע אין דייטשע מונדירן. זיי האָבן זיך אויף עטלעכע טעג באַזעצט ביי אונדז אין דאָרף. די גאַרבאַרעקס האָבן מורא געקראָגן, אַז פאַרן אַוועקפאָרן וועלן די אוקראַאינער צונעמען דאָס שטרוי פון שטאַל, וואו איך האָב געהאַט מיין באַהעלטעניש און דעמאָלט וועלן זיי מיך געפינען. עס איז דעריבער געוואָרן באַשלאָסן, אַז אַזוי

לאַנג ווי די אוקראַאינער וועלן זיין אין דאָרף, זאָל איך דערוויל אַריין אין אַ צווייט באַהעלטעניש, אין דער זעלבער שטאַל, הינ־טער אַ וואַנט. דאָס אָרט איז געווען אַזוי שמאָל, אַז כ׳האָב דאָרט בלויז געקאָנט שטיין. איך בין אַזוי אָפּגעשטאַנען גאַנצע 4 מעת־לעת, נישט טאָרנדיק זיך רירן פון אָרט.

די איינציקע טרייסט צו די אַלע יסורים איז געווען דאָס, וואָס דער פראָנט האָט זיך גענומען צורוקן וואָס אַמאָל נענטער און מען האָט שוין געקאָנט הערן די שיסערייען פון די רוסישע קאַנאָנען. צוליב דער דער־נענטערונג פון פראָנט און צוליב דעם אַנטשטאַנענעם כאַאָס, האָב איך פאַרלוירן די פאַרבינדונג מיט מיין שוועסטער.

אָבער פריער נאָך, אין איינעם פון אונ־דזערע לעצטע בריוו, האָבן מיר געהאַט אָפּגערעדט, אַז ווער עס וועט איבערלעבן, זאָל אַוועק קיין גאָמבין און דאָרטן וואַרטן אויפן צווייטן.

און אַזוי איז געווען.

קאַפּיטל פיר:

## די באַפרייאונג און די באַגעגעניש

אין הויז האָט מען וואָס אַמאָל אָפּ־טער געהערט רעדן, אַז מען זעט ווי דייטשן אַנטלויפן קיין מערב און אַז אַ סך פון זיי לויפן אַפילו אָן געווער. איך האָב אין יענע טעג געפיבערט אין מיין באַהעלטעניש, אָבער די גאַרבאַרעקס האָבן מיך נישט געלאָזט אַרויסגיין, מען האָט נאָך אַלץ געהערט, ווי די דייטשן, אין זייערע לעצטע צאַפּלענישן, האָבן נישט אויפגעהערט צו זוכן באַהאַל־טענע יידן און אַז זיי האָבן אין איינעם פון די שכנותדיקע דערפער געפונען אַ פּאָר יידן און האָבן זיי דערשאָסן צוזאַמען מיט די פוילישע פאַמיליעס.

אַ געוויסן טאָג האָבן די דריי פּאַרטיזאַ־נער, וואָס האָבן געלעבט ביי אונדז אין הויז, אויסגעגראָבן זייער געווער און זיינען אַוועק. מיט אַ טאָג שפּעטער איז אָנגעקומען אַ ידיעה, אַז איינער פון זיי איז געוואָרן דער־שאָסן, ווען ער האָט געוואָלט אַנטוואָפענען אַ דייטש. טראָץ דעם, וואָס די דייטשע מפּלה איז שוין געווען אַזוי נאָענט, זיינען אָבער די געפאַרן געווען גרויסע. אַלע וועגן און שטעגן זיינען געווען פאַרלייגט מיט דייטשע וועגענער, לאַסט־אויטאָס און מאָ־טאָציקלען. די שיסערייען און קאַנאָנאַדעס פון די רוסישע וואָפנס האָבן זיך וואָס אַמאָל מער דערנענטערט. איך בין געלעגן אין מיין באַהעלטעניש אין גרויס פיבער און האָב געטראַכט: צי וועל איך באַוויזן איבערצו־לעבן די לעצטע שעהען? די גאַרבאַרעקס האָבן מיך געהייסן זיין מער פאָרזיכטיק ווי שטענדיק און איך האָב זיי געפאָלגט, כאָטש אַלץ האָט זיך אין מיר געריסן אַרויסצוגיין און צו זען מיט די אייגענע אויגן די מפּלה פון די גרעסטע יידן־מערדער אין אונדזער געשיכטע.

ביז עס איז געקומען דער טאָג און די שיסעריי האָט זיך אָפּגעשטעלט. די גאַרבאַ־רעקס האָבן מיר געזאָגט, אַז מען זעט שוין נישט קיין דייטש פאַר די אויגן, פונדעסט־וועגן איז אָבער בעסער, אַז כ׳זאָל נאָך אַלץ ליגן באַהאַלטן, ווייל מען קאָן נאָך אַלץ נישט זיין באַוואָרנט פון סורפּריזן. יענעם טאָג איז פרי געוואָרן טונקל. עס איז געווען אַ ווינטערדיקער טאָג, יאַנואַר 1945. אינמיטן דער נאַכט האָט זיך פּלוצלונג דערהערט אַ קלאַפּן אין די טירן. ווען די גאַרבאַרעקס האָבן געעפנט, זיינען אינדרויסן געשטאַנען רוסישע סאָלדאַטן און האָבן געזאָגט, אַז זיי ווילן דאָ איבערנעכטיקן. צווישן די סאָל־דאַטן זיינען אויך געווען עטלעכע פרויען, אָנגעטאָן אין סאָלדאַטסקע מונדירן. גאַר־באַרעק איז אַריינגעקומען צו לויפן צו מיר אין באַהעלטעניש און האָט געזאָגט:

— קום, דו מעגסט זיך שוין ווייזן. אונדזערע באַפרייער זיינען דאָ...

איך בין אַריין אין צימער פון דער כאַטע און האָב געזען די רוסישע שינעלן מיט די סאָוויעטישע אָפּצייכנס — די האַ־מערס מיט די סערפּן. אָבער כ׳האָב נישט קיין כוח מיך צו פרייען. די סאָלדאַטן האָבן אויף מיר זיך נישט אומגעקוקט מער ווי

אויף די אַנדערע, פאַר זיי בין איך געווען נאָך איינער פון די פוילישע פויערים. אויפן טיש זיינען געשטאַנען אַ פאָר פלעשער מיט וואָדקאַ און ווען גאַרבאַרעק האָט זיך אָנגעשיכורט, איז ער צו מיר צוגעלאָפן, האָט מיך אַרומגענומען און געזאָגט:

— נו, וואָס זאָגסטו איצט? איך האָב דיך אָפגעראַטעוועט. האַ?

זייער איידעם, וועלכער האָט מיך איצט צום ערשטן מאָל געזען, האָט זיך נישט געקאָנט אָפוואונדערן, ווי אַזוי איך האָב מיך באַוויזן אַזוי לאַנג צו באַהאַלטן און ער, זייענדיק אין זעלבן הויז, זאָל דערפון נישט וויסן. די פרוי גאַרבאַרעק און אירע קינדער זיינען געווען אויף אַן אמת גליקלעך, וואָס איך האָב דאָס אַלץ איבערגעלעבט.

ווען עס איז געוואָרן טאָג, האָב איך גלייך געוואָלט אַוועק קיין גאָמבין, אָבער די פויערים האָבן מיר געבעטן, איך זאָל נאָך בלייבן, ווייל די וועגן זיינען נאָך אַלץ נישט קיין זיכערע און די געפאַרן דראָען נישט בלויז מצד די אַנטלויפנדיקע דייטשן, דאָס אומגליק קאָן אויך קומען פון אַ סך פאָלאַקן. דריי טעג בין איך נאָך געבליבן ביי די גאַרבאַרעקס, כ׳בין אַפילו נישט אַרויסגעגאַנגען אין דאָרף אַריין, ווייל ס׳איז נישט געווען זיכער, ווי אַזוי די אַנדערע פויערים וועלן אויפנעמען אַ לעבעדיקן ייד. אָבער אויפן פערטן טאָג האָב איך מער נישט געהאַט קיין געדולד. כ׳האָב געזאָגט, אַז לענגער קאָן איך דאָ נישט אויסהאַלטן. כ׳האָב מיך געזעגנט מיט די איינוואוינער פון דער כאַטע און כ׳האָב געבעטן עטלעכע רוסישע סאָלדאַטן, וואָס זיינען געפאָרן אויף אַ לאַסט־אויטאָ, זיי זאָלן מיך מיטנעמען.

זיי האָבן מיך געלאָזט אַריינשטייגן. וואָס נענטער דער „גרוזאָוויק״ איז געקומען צו גאָמבין, אַלץ שווערער איז מיר געוואָרן דאָס האַרץ. אומגעפער אַ קילאָמעטער פאַר דער שטאָט האָב איך געבעטן דעם שאָפער, ער זאָל זיך אָפשטעלן און איך האָב דאָס לעצטע שטיקל וועג אַדורכגעמאַכט צופוס.

ווען כ׳בין געקומען נענטער, האָבן מיר גענומען פליסן טרערן פון די אויגן. אויפן וועג האָב איך נישט געטראָפן קיין מענטשן, ס׳איז געווען אַ קאַלטער טאָג און די איינוואוינער זיינען געזעסן אין די היימען.

צוקומענדיק צום נאָווי רינעק, האָב איך באַגעגנט אונדזער געוועזענעם שכן טאַדעאוש יאַנקאָווסקי. ווען ער האָט מיך דערזען, האָט ער זיך געוואַלדיק דערפרייט און האָט מיך אַרומגענומען. זיין הויז איז געשטאַנען אַקעגנאיבער אונזערן. מיין ערשטע פראַגע איז געווען: מיין שוועסטער איז נישט צוריקגעקומען? ער האָט געזאָגט, אַז ניין. ער האָט מיך אַריינגענומען צו זיך אין הויז. דאָרט האָב איך באַגעגנט זיין פרוי און קינדער און אַלע האָבן זיך מיט מיר אויפריכטיק דערפרייט.

יאַנקאָווסקי האָט מיר געזאָגט, אַז ביי אונדז אין הויז וואוינען פרעמדע מענטשן. פריער האָבן דאָרט געוואוינט דייטשן, זיי זיינען אָבער אין די לעצטע טעג אַנטלאָפן און עס האָט זיך אַריינגעצויגן אַ פוילישע פאַמיליע. נאָכן אָפעסן אַ וואַרעם מאָלצייט, בין איך אַריבערגעגאַנגען צו אונדז אין הויז און האָב אָנגעקלאַפט אין דער טיר. קיינער האָט נישט געענטפערט. די „אייגנטימער״ זיינען נישט געווען אין דער היים. כ׳האָב געוואַרט, ביז זיי זיינען געקומען און כ׳האָב זיי געזאָגט, אַז דאָס הויז איז מיינס און כ׳האָב פאַרלאַנגט, זיי זאָלן עס פאַרלאָזן. זיי האָבן געקוקט אויף מיר מיט פינצטערע בליקן, אָבער נישט רעדנדיק קיין וואָרט האָבן זיי זיך אָפגעטראָגן.

איך בין אַריין אינעווייניק. אַלץ איז דאָ געווען נאָענט אָבער אויך פרעמד. די אַלטע היימישקייט איז געוואָרן אויסגעוועפט, די ווענט האָבן געטראָגן אין זיך דעם ריח פון די דייטשן און פון די פאָלאַקן, וואָס האָבן דאָ געוואוינט איבער דריי יאָר. מיט אויגן פאַרגאָסענע מיט טרערן האָב איך איינגעהייצט דעם אויוון און האָב מיך געלייגט שלאָפן.

אַ גאַנצע וואָך בין איך אַזוי געלעגן אין

פוסטן הויז. אָבער כאָטש ס׳איז געווען אַ געפאַר צו שלאָפן איינער אַליין, יעדע רגע האָט אַ פּוילישער רוצח געקאָנט זיך אַריינרייסן און מיך הרגענען, בין איך אָבער פון פאַרטאָג בין ביינאַכט געשטאַנען ביים פענצטער און האָב אויסגעקוקט מיין שוועסטער. ביז איך האָב מיך דערוואַרט. אויפן אַכטן טאָג האָב איך דערהערט, ווי עמיצער רירט ביי דער קלאַמקע. די באַוועגונג איז מיר דאָס מאָל געווען באַקאַנט. עס האָט מיך אַרומגענומען אַ היץ און אַזוי — אין פיבער — בין איך צוגעלאָפן צו דער טיר.

אויף דער צווייטער זייט איז געשטאַנען מיין שוועסטער.



העלענאַ און וולאַדיסלאַוו גאַרבאַריק, וואָס האָבן געראַטעוועט מיין לעבן בעת דער נאַצי־אָקופּאַציע. אינמיטן : זייער יינגעלע סטאַניסלאַוו.

יאַנקל פרענקל

# גאָמבינער קינדער אין נאַציִשע לאַגערן

ווען די מלחמה איז אויסגעבראָכן איז חיים פרענקעל אַלט געווען נישט קיין גאַנצע 12 יאָר; זיין ברודערל שמואל איז אַלטע געווען 15 און דער קלענטסטער ברודער יאַנקל — אַרום 10. זיי זיינען געווען די קינדער פון גאָמבינער היטל־מאַכער פרענקל מיט זיין פרוי. צוזאַמען זיינען אין דער שטוב געווען 7 קינדער, אַלע ייִנגלעך — פון די זיבן זיינען געבליבן ביים לעבן בלויז די דערמאָנטע דריי. די ווייטערדיקע שורות זיינען אַ שילדערונג, ווי אַזוי די דריי ברידער האָבן באַוויזן אַדורכצולעבן דעם פעריאָד, וועלכער איז געווען אַ טויט־געפערלעכער פאַר אַלע יידן אָן אויסנאַם, אָבער דער עיקר איז ער געווען לעבנס־געפערלעך פאַר קינדער.

***

דעם 9טן מערץ 1942 איז פאָרגעקומען דער ערשטער אַקט פון דער טאָטאַלער פאַרניכטונג פון די גאָמבינער יידן. דעם דאָזיקן טאָג האָט די נאַציִשע מאַכט צונויפגעטריבן אַלע דערוואַקסענע און אַרבעט־פעאיקע גאָמבינער יידישע איינוואוינער אין בנין פון דער גרויסער רעמיזע און פון דאָרט האָט מען זיי אַוועקגעשיקט אין לאַגערן. אַלע איבעריקע זיינען באַשטימט געוואָרן אויף אַ צווייטן טערמין — אויף דעפּאָרטאַציע און פאַרניכטונג.

נאָך מיט צוויי וואָכן פריער איז אין הויז פון זייער פאָטער אָנגעקומען צו לויפן זייערס אַ באַקאַנטער ייד פון דער שכנותדיקער שטאָט גאָסטינין. דער ייד איז אַנטלאָפן פון נאַציִשן לאַגער אַמזע און האָט איבערגעגעבן אַ זאַך, וואָס האָט ביי אַלע אַרויסגערופן אַ געפיל פון אומגלויבן און פון גרויל. בעת דאָס פאָרפאָלק פרענקעל מיט די זיבן זין זיינען געזעסן ביים טיש, ביים שיין פון אַ ליכט, האָט דער אַנטלאָפענער פון נאַציִשן לאַגער זיי דערציילט, ווי אַזוי ער האָט אַליין בייגעוואוינט סצענעס, ווי מען האָט מאַסנווייז געברענט יידישע קערפּערס. אויך ביז דעמאָלט האָבן אָנגעהויבן אַריינצודרינגען קלאַנגען וועגן מאַסן־מאָרדן איבער די יידישע איינוואוינער פון אַרומיקע שטעט און שטעטלעך, די גאָמבינער יידן האָבן נישט געוואָלט דערלאָזן דעם געדאַנק, אַז די דאָזיקע גרויליקע קלאַנגען זאָלן זיי אמת. דאָס מאָל איז אָבער צום ערשטן מאָל געזעסן אַ לעבעדיקער עדות, וואָס האָט באַשטעטיקט דאָס אומגלויבלעכע. פון דעמאָלט אָן איז געוואָרן וואָס אַמאָל קלאָרער, אַז די גאָמבינער יידן וועלן נישט אויסמיידן דעם גורל, וואָס איז אַרויסגעגעבן דורך די נאַציִשע מטורפים. און ווען מען האָט דעם דאָזיקן טאָג אָנגעהויבן אַרויסצושלעפּן פון די שטובן יעדן אַרבעט־פעאיקן ייד, האָט דאָס יידישע גאָמבין דערפילט דעם אָנריר פון טויט. עס איז קלאָר געוואָרן, אַז עס שפּילט זיך איצט אָפּ דער ערשטער אַקט פון דער דראַמע. און אַז באַלד נאָך דער ערשטער וועט קומען דער צווייטער, דער אומברחמנותדיקער און בלוטיקער.

דאָס צוזאַמענטרייבן די יידישע מענער און יוגנטלעכע אין דער רעמיזע האָט זיך אָנגעהויבן דערמיט, וואָס די יידישע טייל פון גאָמבין, וואָס איז נישט געווען אָפּגעצוימט, פון וועלכער קיינער האָט אָבער נישט געטאָרט אַרויסגיין, איז באַשטעלט געוואָרן מיט באַוואָפנטע דייטשן. דער ייִנגער, 10־יאָריקער יאַנקל איז געווען איי־

נער פון די ערשטע, וואָס האָט דערזען די פלוצלונג־אויסגעוואַקסענע „פאָלקס־דויטשן" מיט די ביקסן, ביי יעדן אַריינגאַנג אין געטאָ. ער איז אַהיימגעקומען צו לויפן מיט דער נייעס און די נייעס האָט זיך שנעל פאַרשפּרייט. און באַלד דערנאָך האָבן באַוואָפנטע דייטשן גענומען גיין פון הויז צו הויז און אַרויסטרייבן יידן אין עלטער פון 18 ביז 45. דער עלטסטער זון פון די פרענקל, דער פופצן יעריקער שמואל האָט באַשלאָסן נישט צו לאָזן זיך נעמען און ער האָט זיך באַהאַלטן אויפן דאַך. די דייטשן האָבן גענומען דעם טאַטן מיטן צווייטן עלטסטן זון, דעם 12 יאָריקן חיים וועלכער האָט אויסגעזען עלטער ווי זיינע יאָרן. דער יינגערער, דער סך הכל 10־יאָריקער יאַנקל האָט נאָכגעפאָלגט וואו מען פירט אַוועק די צוזאַמענגעטריבענע יידן, האָט זיך אַריינגעגליטשט אין דער גרויסער רעמיזע און איז דאָרט פאַרבליבן, ביז עס זיינען אָנגעקומען די לאַסט־אויטאָס און מען האָט די יידן אַוועקגעפירט אין ערשטן אַרבעט־ און פיין־לאַגער, אין קאָנין.

פריער אָבער האָט מען די יידן אָפּגעהאַלטן אַ גאַנצע נאַכט אין דער פינצטערער און קאַלטער רעמיזע. יעדער איינער האָט געמוזט זיצן אומבאַוועגלעך אויף דער ערד און האַלטן די הענט פאַרפלאָכטן הינטערן קאָפּ. אַ ציווילער דייטש, אַ פרעמדער, וועלכער איז אוודאי געברענגט געוואָרן ספּעציעל צום „ספּעקטאַקל", איז אַרומגעגאַנגען צווישן די יידן מיט אַ גראָבן שטעקן און האָט יעדן איינעם רציחהדיק געשלאָגן איבערן קאָפּ. דערנאָך האָט ער אַרויסגעצויגן עטלעכע יידן, וואָס האָבן, לויט זיין מיינונג, אויסגעזען צו שטאַרק און צו געזונט, האָט זיי אַרונטערגעפירט הינטער דער רעמיזע און האָט זיי דערשאָסן. שפּעטער איז אויף זיין אָרט געקומען אַן אַנדערער דייטש, דאָס מאָל אַ גוט־באַקאַנטער און אַמאָליקער שכן, מיטן נאָמען בראַון, און ער האָט געוואָרנט, אַז פאַר דער מינדעסטער באַוועגונג וועט מען ווערן דערשאָסן. און באַלד טאַקע האָט ער באַוויזן, אַז די רייד זיינע זיינען נישט קיין פוסטע וואָרענונג. ווען איינער פון די גאָמבינער יידן, הערשל קערבער האָט זיך אַ באַוועג געטאָן, האָט ער אים דערשאָסן מיט אַ קויל פון זיין ביקס.

פאַרטאָג זיינען אָנגעקומען די לאַסט־אויטאָס, באַוואַכטע פון באַוואָפנטע דייטשן. אָבער פריער נאָך האָבן די גאָמבינער דייטשן אַרויסגענומען עטלעכע פון דער רעמיזע, ווייל „מען האָט זיך אין זיי גענויטיקט". צווישן די דאָזיקע צייטווייליק־באַפרייטע יידן איז אויך געווען פרענקל, וועלכער איז געווען אַ „נוצלעכער היטל־מאַכער". אַזוי אַרום זיינען אין די לאַגערן פאַרשיקט געוואָרן בלויז די דריי ברידערלעך — דער 10־יאָריקער יאַנקל דער 12־יאָריקער חיים און דער קוים 15־יאָריקער שמואל.

און פון איצט אָן האָט זיך פאַר די דריי גאָמבינער ברידער — אָבער דער עיקר פאַר די יינגערע צוויי חיים און שמואל, וועלכע זיינען נאָך ממש געווען קינדער, זיך אָנגעהויבן אַ טאָפּלטע דראַמע. זיי זיינען נישט בלויז אַריין אין דעם „נאַצישן אוניווערס", וואו אויף יעדן פון די יידן האָט געלויערט דער אַרויסגעגעבענער אורטייל פון טויט. זיי האָבן אויך געמוזט באַהאַלטן, אַז זיי זיינען קינדער, זיי האָבן געמוזט שטעלן זיך אויף די שפּיצן פינגער, אויספירן טאָרטורן־אַרבעטן, וואָס זיינען באַשטימט געווען פאַר דערוואַקסענע און טוען אַלץ אין דער וועלט, וואָס זאָל פאַרדעקן, אַז זיי זיינען קינדער, ווייל דאָס וואָרט „קינד" איז פאַר די נאַצישע באַנדיטן געווען אַ באַלדיקע אָנרעגונג צו באַנוצן דעם רעוואָלווער אָדער די קאָלבע פון אַ ביקס.

***

די 500 גאָמבינער יידן זיינען צום ערשט אָפּגעפירט געוואָרן מיט די לאַסט־אויטאָס קיין גאָסטינין און פון דאָרט — וואו עס האָבן שוין געוואַרט טראַנספּאָרטן מיט יידישע קרבנות פון אַנדערע שטעט,

האָט מען זיי אַוועקגעפירט מיט פראַכט־צוגן אינעם לאַגער פון קאָנין.

דער לאַגער אין קאָנין איז געווען אַ לאַגער פון אַרבעט און פון אומקום. די אַרבעט איז באַשטאַנען אין שלעפּן שווערע קלעצער און קאַסטנס פון באַן־וואַגאָנען און די טויטן האָבן געלויערט פון מערדערלעכע קלעפּ, פון איבערמענטשלעכע אַרבעט און פון כסדרדיקן און נאָגנדיקן הונגער.



שלמה פרענקל

דער איינציקער וועג צו ראַטעווען זיך פון הונגער־טויט איז געווען אַרויסצוגנבענען זיך ביינאַכט דורך די דראָטן און צו ברענגען אַביסל קאַרטאָפל פון שכנותדיקע דערפער. צו אַזאַ אַרבעט זיינע אַמבעסטן צוגעפּאַסט געווען קינדער.

חיימל און יאַנקל פרענקל זיינען ניט געווען די איינציקע יידישע קינדער אין לאַגער און מחנותוויז פלעגט מען אין דער טונקלקייט פון דער נאַכט אַרויסגנבענען זיך פון לאַגער און צוריקברענגען אַביסל שפּייז. נישט אַלע יידישע קינדער האָבן געהאַט דאָס זעלבע מזל. אַ טייל האָט עס אָפּגעגליקט און אַ טייל נישט. און די, וועמען דאָס מזל האָט פאַרלאָזט זיינען יעדן אין דער פרי אויסגעלייגט געוואָרן, דערשאָסענע, אויף דער ערד, פאַר די אויגן פון די איבעריקע יידן אין לאַגער.

***

פון קאָנינער לאַגער איז אַ טייל יידן אַוועקגעפירט געוואָרן מיט אַ באַן אין לאַגער פון גוטענברום, אין דער געגנט פון פויזן. די דריי ברידער האָבן ביי זיך פעסט אָפּגעמאַכט, אַז „איינער פאַר אַלע און אַלע פאַר איינעם". אַז אומעטום, וואו זיי וועלן קאָנען וועלן זיי זיך האַלטן צוזאַמען און וועלן זיך טיילן מיט יעדער קרישקע שפּייז.

דאָס אָנקומען אין לאַגער אַריין איז באַגלייט געווען מיט אַ „ספּעקטאַקל", וואָס די נאַציס האָבן צוגעגרייט פאַר זייערע נייע „איינוואוינער". אין מיטן פון אַ גרויסן פּלאַץ זיינען געשטאַנען אויפגעשטעלט פיר תליות און נעבן יעדער פון די תליות איז געשטאַנען אַוועקגעשטעלט אַ יידיש ייִנגעלע פון אַ יאָר 10 אָדער 11 און די נאַציס האָבן „אינפאָרמירט", אַז די דאָזיקע פיר פאַרברעכער זיינען געכאַפּט געוואָרן ביים שמוגלען שפּייז. באַלד האָט מען אַרום די פיר קינדערישע העלדזער פאַרוואָרפן די פּעטליעס. די דייטשע גערעכטיקייט איז געוואָרן אויסגעפירט. און אַזוי אַרום מיטן בילד פון די 4 קינדערישע תליות, האָט זיך אָנגעהויבן פאַר די דריי ברידער פרענקעל דאָס גיהנום, וואָס האָט געהייסן גוטענברום. עסן האָט מען געגעבן בלויז איין מאָל אין טאָג — אַ שיטערע פליסיקייט, וואָס האָט געהייסן „זופּ". און די אַרבעט איז באַשטאַנען אין דעם, וואָס מען האָט אַ גאַנצן טאָג געמוזט אָנלאַדעווען באַן־וואַגאָנען מיט שווערע זעק צעמענט. שפּעטער, ווען די וואַגאָנען זיינען שוין געווען אָנגעלאַדעוועט, האָט מען זיי געמוזט צוריק אויסלאַדעווען. און ווען זיי זיינען געווען צוריק אויסגעלאַדעוועט — האָט מען זיי פונדאָסניי געמוזט צוריק לאַדעווען. און אַזוי ווידעראַמאָל און אָבעראַמאָל. יעדן טאָג זיינען בעת דער אַרבעט געפאַלן צענדליקער טויטע. און יעדן אין דער פרי האָבן אַנדערע יידן זיך מער נישט אויפגעהויבן פון די געלעגערס — זיי זיינען געשטאָרבן אין מיטן דער נאַכט פון הונגער, פון פּיין און פון אויסשעפּונג.

***

פון גוטענברום האָט מען אַ טייל יידן

אַוועקגעפירט אין לאַגער פון סטאַדיום, אויך אין דער שכנהשאַפט פון פויזן. די גרעסטע קרבנות אין סטאַדיום זיינען געווען יידן פון לאָדזש און פון אָזאָרקאָוו. סטאַדיום איז ווידעראַמאָל געווען אַ „קראַפיר־לאַגער”. יידן זיינען דאָ געפאַלן אין די הונדערטער פון קלעפּ, פון הונגער, פון יסורים און פון איבערמענטשלעכער אַרבעט.

די דריי ברידער פרענקעל האָבן זיך אַלץ געהאַלטן צוזאַמען. זיי האָבן שוין געוואוסט, אַז אין גאָמבין איז מער נישטאָ קיין לעבעדיקער ייד, אַז אין דער צייט, ווען מען האָט זיי דאָ געפּייניקט אין די „אַרבעט”־לאַגערן, האָט מען דעם טאַטן זייערן, די מאַמען, די פיר ברידער און די רעשט גאָמבינער יידן, אַוועקגעפירט קיין כעלמנא, וואָס איז געווען דער ערשטער לאַגער, וואו די הויך־ציוויליזירטע דייטשן האָבן אויסגעפּרואווט די וויסנשאַפטלעכע יידן־פאַרניכטונג — מיט גאַז.

זיי האָבן זיך געהאַלטן צוזאַמען און האָבן באַוויזן ביז איצט אויסצוקליגלען דעם טויט.

***

דער נאָענטסטער עטאַפּ איז געווען אַ „גוטער”. מען האָט אַ צאָל יידן פון סטאַדיום אַוועקגעפירט קיין זבאָנשין, וואו די דריי ברידער האָבן צוזאַמען מיט נאָך אַ צאָל יידן, געאַרבעט אויפן דאָרף, אין אַ דייטשער ווירטשאַפט, ביי איריגאַציע־אַרבעטן.

געשלאָפן איז מען אין לאַגער, אונטער דער אויפזיכט פון די נאַציס, אָבער די אַרבעט אין פעלד איז געווען אַ דערטרעגלעכע און דער עיקר — מען האָט דאָס ערשטע מאָל אָפּגעגעסן צו דער זעט — אָבער דאָס דאָזיקע גן־עדן האָט לאַנג נישט געדויערט. אַ געוויסן טאָג — עס איז שוין געווען דעמאָלט סעפּטעמבער אָדער אָקטאָבער 1943, איז געקומען דער באַפעל: אוישוויץ.

***

יאַנקל איז שוין איצט אַלט געווען „גאַנצע” 12 יאָר. חיים — 15 און שמואל איז שוין געווען אַ פולשטענדיק „דערוואַקסענער” — אַ בחור פון 18.

באַלד ביים אָנקומען אויף דער „ראַמפּע” פון אוישוויץ זיינען די דריי ברידער — צום ערשטן מאָל אין זייער לעבן — צעטיילט געוואָרן. דער עלטסטער שמואל איז גלייך נאָכן אַראָפּקומען פון טראַנספּאָרט צוגעשטעלט געוואָרן צו אַ גרופּע, וואָס איז פאַרשיקט געוואָרן אין אַ קוילן־גרובן אין בונא. די צוויי קלענערע ברידער זיינען געבליבן אויפן אָרט און האָבן זיך ווייטער געהאַלטן צוזאַמען. דעם עלטסטן ברודער, שמואל, האָבן זיי ערשט באַגעגנט פיל שפּעטער, שוין נאָכן קריג, אויף דער פריי.

דאָ אין אוישוויץ איז דאָס פאַרברעכן פון די ברידער, דאָס פאַרברעכן צו זיין קינדער, געווען בולטער ווי ערגעץ אַנדערש. באַלד נאָכן אָנקומען איז יעדער איינער אַדורכגעגאַנגען די געהעריקע „פאַרוואַנדלונג אין אַ העפטלינג” — דאָס אָפּשערן, דאָס אויסטאַטוירן דעם נומער און אָנטאָן די נייע „מלבושים” — די „פּאַסאַקעס”.

אָבער באַלד אין דער פרי האָט מען אַלע נייע „העפטלינגע” אויסגעשטעלט אויפן אַפּעל־פּלאַץ און באַלד האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז די צוויי ברידער זיינען צו קליין צו זיין „בוצלעך” און מען האָט זיי צוזאַמען מיט נאָך אַ פּאָר קינדער און עלטערע יידן אַוועקגעשטעלט אויף לינקס. קיינער פון די באַזונדער־אַוועקגעשטעלטע האָט נאָך נישט געוואוסט, וואָס דאָס דאָזיקע „לינקס” באַדייט, אָבער ערשט ווען אַ דורכגייענדיקער און דערפאַרענער יידישער „העפטלינג” האָט זיי אָנגעוויזן אויף אַ רויכנדיקן קוימען און געזאָגט, אַז דאָס איז דער וועג זייערער, האָבן זיי ביידע זיך אָנגענומען מיט מוט, האָבן זיך אַרויסבאַקומען פון דער ריי פון די פאַרמשפּטע, און

האָבן זיך צוריק אַוועקגעשטעלט צווישן די „באַשטימטע צום לעבן”.

און פון דעמאָלט אָן האָט זיך אָנגעהויבן דער פאַרמעסט צווישן „פאַרשאָלטענער קינדהייט” און דעם געפאַר פון טויט. אַ גאַנץ יאָר האָט געדויערט דער דאָזיקער אויסטערלישער און פון טייוול־אויסגע־



די ברידער יאַנקעלע און חיים פרענקל
נאָך דער באַפרייאונג

טראַכטער פאַרמעסט פון צוויי קינדער, פאַר וועמען דער קינדערישער וואוקס איז די קינדערישע געזיכטער זיינען געווען זייער אַטעסטאַט פון אומקום. בעת סעלעקציעס האָבן זיי זיך געשטעלט נעבן נידעריק־געוואַקסענע העפטלינגע, ביים אַדורכגיין פון אַ נאַצישן תלין האָבן זיי זיך אויפגעשטעלט אויף די שפּיצן פינגער, ביי דער אַרבעט האָבן זיי מער ווי אַנדערע אָנגעשטרענגט די קינדערישע אָרעמס. דער ציל איז געווען איינער — דער שונא טאָר זיך נישט דערוויסן פון זייער גרויסן סוד — אַז זיי זיינען נאָך קינדער. ווייל דאָס וואָרט קינד — האָט באַדייט: גאַז.

דער וועג פון די ברידער איז נאָך געווען אַ לאַנגער און אַן אָנגעשפּאַנטער מיט סכנות. פון אוישוויץ האָט דער וועג געפירט קיין גלייוויץ, פון גלייוויץ קיין גראָסראָזען, פון גראָסראָזען קיין דאַכאַו, און פון דאַכאַו צום טייך טשארניץ, וואו אַ באַנדע מיט ס.ס.־לייט האָט — ביים אָפּקלאַנג פון נאָענטע אַמעריקאַנער האַרמאַטן — פאַרזאַמלט די שאָטנס פון דער לעצטער מחנה מיט „יידישע העפטלינג”, כדי זיי אויסצושיסן מיט מאַשין־ביקסן.

אָבער דער גורל האָט געוואָלט אַנדערש און די צוויי קינדער האָבן דערלעבט די באַפרייאונג. און נאָכן דערלעבן די באַפרייאונג האָבן זיי באַקומען די בשורה, אַז אויך דער דריטער ברודער זייערער, דער „דערוואַקסענער” האָט „איבערגעלעבט”. דאָס זיינען בלויז קורצע און טרוקענע פאַרצייכענונגען וועגן דעם גורל פון דריי גאָמבינער יידישע קינדער, וואָס זיינען אַרויס פון די נאַצישע טויטן. און אפשר איז בעסער, וואָס די פאַרצייכענונגען זיינען אַזוי קורץ און „טרוקן”. ווייל אַ נאָענטערע און גענויערע באַשרייבונג וועגן יידישע קינדער אין די דייטשע לאַגערן פון טויט וואָל געווען פאַר לייענער אַ צו גרויזאַמע דערפאַרונג.

אברהם זיידעמאַן

# איבערגעלעבט אין סאָוועט־רוסלאַנד



א. זיידעמאַן

באַלד אין די ערשטע טעג פון דער אָקופּאַציע, האָבן מיר דערזען דעם גורל וואָס די נאַצי׳ס האָבן פאַר אונדז צוגעגרייט. די שטאָט איז געוואָרן אַרומגענומען מיט טעראָר. איבער די ווענט האָבן זיך גענומען באַווייזן פּלאַקאַטן מיט יידישע גזירות — וואָס מען מעג און וואָס מען טאָר נישט און יעדע גזירה, איז געווען באַגלייט מיט דער זעלבער שטראָף — מיט טויט. פון די אַרומיקע דערפער הינטער גאָמבין, וואָס זענען געווען באַוואוינט מיט דייטשע קאָלאָניסטן, זיינען אָנגעקומען די נעכטיקע שכנים, באַפּוצטע מיט האַקנקרייצן און זיי האָבן איבערגענומען די מאַכט. די זעלבע דייטשן, וואָס האָבן אזוי פיל יאָרן צוזאַמענגעלעבט מיט זייערע יידישע שכנים, זענען איצט פאַרוואַנדלט געוואָרן אין רוצחים. אַלס בירגעמייסטער איז באַשטימט געוואָרן דער מילנער אַלבערט פּוס און אַלס געהילף זיינער — דער לערער פון דייטש אין דער פּוילישער שולע — וויטענבערג. די דייטשן האָבן איבערגענומען דעם שטאָט־ראַט און האָבן לויט די דירעקטיוון פון די אָנגעקומענע נאַציס איינגעשטעלט אַ הערשאַפט, וואָס האָט דאָס לעבן פון די גאָמבינער יידן פאַרוואַנדלט אין אַ גיהנום.

פון פאַרטאָג ביז נאַכט האָט זיך אָנגעהויבן אַ „כאַפּן אויף אַרבעט", וואָס איז באַשטאַנען פון קאַטאָרזשנע יסורים, פאַר וועלכע מיר האָבן באַקומען אונדזער באַצאָלטס־זידלערייען מיט בלוטיקע קלעפּ. איך בין פיל מאָל געכאַפּט געוואָרן אויף פאַרשיידענע אַרבעטן און בין יעדעס מאָל אַהיימגעקומען מיט בלוי און בלוינע וואונדן. און ערשט דעמאָלט, נאָך אַזאַ טאָג פון פּיין, האָב איך ערשט פּונקט ווי אַלע אַנדערע גאָמבינער יידן געמוזט זאָרגן וועגן שפּייז. די פּוילישע שכנים, מיט וועלכע מיר האָבן אָפּגעלעבט אַזוי פיל דורות צוזאַמען, האָבן געקוקט אויף אונדזערע ענוים מיט חוזק און שפּאָט. אַליין האָבן זיי אין פאַרלויף פון געציילטע טעג פאַרלוירן זייער „פאָטערלאַנד", אָבער זיי האָבן זיך געקילט דאָס האַרץ דערמיט, וואָס די יידן האָבן געהאַט אַן ערגערן גורל ווי זיי. יעדעס מאָל, ווען די דייטשן האָבן געשלעפּט אַ פּאַרטיע יידן צו אַן אַרבעט זענען די פּאָלאַקן געשטאַנען פון דער ווייטנס און האָבן געקוואָלן: „יעצט זשידעס איז געקומען אייער צייט צו אַרבעטן".

איך וויל דאָ נאָך דערמאָנען, אַז באַלד ווי די דייטשן זענען אַריין האָבן אַ סך יידן פאַרלוירן זייערע פּרנסות. די דייטשן האָבן גלייך נאַציאָנאַליזירט די יידישע געשעפטן. ביי אַ סך גאָמבינער יידן, וועלכע פלעגן

זיך פאַרנעמען מיט קאַלכן אייער האָבן די דייטשן צוגענומען די סקלאַדעס און האָבן זיי איבערגעלאָזן אָן פרנסה. זיי האָבן אויך אַרויסגעגעבן אַ פאַרבאָט, אַז די יידן זאָלן מעגן אַרויסקומען אין מאַרק אַריין אין די די דאָנערשטיקס, ווען עס זיינען פאָרגעקומען די וועכנטלעכע יאַרידים. פון דער אַנדערער זייט האָבן די יידישע אייגנטימער פון די קליינע און אָרעמע קלייטלעך געמוזט יעדן פרימאָרגן עפענען די געוועלבלעך, ווייל זיי האָבן מורא געהאַט זיי זאָלן נישט באַשולדיקט ווערן אין סאַבאָטאַזש. אין די קלייטלעך זענען זיי אַ גאַנצן טאָג געווען אויסגעשטעלט אויף ווילדע נגישות פון יעדן דורכגייענדיקן דייטש. און נאָך אַ ספעקטאַקל האָבן די דייטשן איינגעאָרדנט גלייך ווי זיי זענען אַריינגעקומען אין שטאָט אַריין. זיי האָבן געכאַפט יידן איבער די גאַסן און האָבן ביי זיי אָפגעשניטן אָדער אויסגעריסן די בערד. אָבער אַ גרויסע טייל יידן האָט זיך נישט אונטערגעגעבן. זיי האָבן אַרומגעוויקלט די געזיכטער מיט טיכער, ווי זיי וואָלטן געווען קראַנק, כדי אַזוי אַרום אויסצומיידן די רוגזה פון די נאַצישע אויסוואורפן.

אַ געוויסן אינדערפרי, עס איז געווען אַ דאָנערשטיק, האָבן די דייטשן אַרויסגעגעבן אַ באַפעל, אַז אַלע יידן זאָלן אַרויס אויפן חזיר־מאַרק און אַז יעדער ייד, וואָס וועט געפינען ווערן אין דער היים, וועט ווערן דערשאָסן. דעם זעלבן טאָג בין איך מיטן ברודער מיינעם הערש נתן אַראָפ אין גאַס, כדי זיך איינצושאַפן אַ לאַבן ברויט. גייענדיק נאָכן ברויט האָבן די דייטשן אונדז געכאַפט אויף אַרבעט. מען האָט אונדז אַוועקגעשלעפט אין דער רעמיזע פון די פייערלעשער און מיר האָבן דאָרט געדאַרפט לאָדן קאַסטענעס מיט אַמוניציע. מיר זענען געווען אַ גרופע פון אַ 25 ביז 30 יידן און די „פראָצעדור" פון דער אַרבעט איז געווען די געוויינלעכע פראָצעדור פון זידלערייען און קלעפ. מיר האָבן געוואוסט וועגן דעם באַפעל צו זאַמלען זיך אויפן חזיר־פלאַץ און מיר האָבן נישט געוואוסט, צי אונזערע גורל איז געווען אַ בעסערער צי אַן ערגערער. פלוצלונג, אַרום 2 אַזייגער בייטאָג, האָבן מיר דערזען, ווי ערגעץ אין צענטער פון דער שטאָט איז אויסגעבראָכן אַ גרויס פייער. איך האָב געהאַט אַ חשד, אַז נישט אַנדערש, נאָר אַז דאָס האָבן די דייטשן אונטערגעצונדן די גרויסע גאָמבינער שול. איך האָב אויסגענוצט אַ רגע, וואָס די דייטשן האָבן אויף אונדז נישט אַזוי שטאַרק אַכטונג געגעבן און כ׳בין אַנטלאָפן אין דער ריכטונג פון מאַרק. דאָס בילד, וואָס האָט זיך פאַר מיר אַנטפלעקט פאַר די אויגן איז געווען מוראָדיק. די שול אונדזערע, די פרעכטיקע אַלטע הילצערנע שול, וואָס איז געווען אַ צירונג צווישן אַלע שולן אין פוילן, איז געשטאַנען אין פלאַמען. און אַרום דער שול האָבן געברענט אַ ־40 יידישע הייזער. נעבן דער ברענענדיקער שול זענען געשטאַנען לאַכעדיקע נאַציס און האָבן געשלאָגן מכות רצח אַ גרופע מיט צוזאַמענגעטריבענע יידן. שפעטער, ווען דאָס פייער האָט נאָך געטליעט האָבן זיי אויפגעריסן די יידישע געשעפטן און האָבן זיי גענומען פלינדערן. ביים פאַרברענען די שול און ביים ראַבירן די געשעפטן האָבן זיך דער עיקר „אויסגעצייכנט" נישט קיין געוויינלעכע נאַצישע סאָלדאַטן, נאָר די אָפיצירן. אַ גרויסע צאָל יידן איז דעמאָלט מערדערלעך געוואָרן צעשלאָגן. צווישן די ערנסט פאַרוואונדעטע איז דעמאָלט געווען מיין פרויס פעטער, וואָלף לאַסקי, וועלכער האָט שפעטער געטיילט דעם גורל פון די גאָמבינער יידן; ער איז צוזאַמען מיט זיין פרוי און צוויי טעכטער אומגעברענגט געוואָרן אין כעלמנא. (צוויי פון זיינע זין, שמואל און מענדל לעבן היינט אין דעטראָיט). אויך איך בין אין יענעם טאָג שרעקלעך געוואָרן צעשלאָגן און כהאָב מיך געראַטעוועט דערמיט, וואָס כ׳בין אַריינגעלאָפן צו פּיוויש פּראוודא אין הויז, וואו די דייטשן האָבן מיר נאָכגעשאָסן. איך בין אַ גאַנצע וואָך געלעגן אַ געשוואָלענער און האָב מיך נישט געקאָנט רירן פון ווייטיק. און דעמאָלט טאַקע, יענעם טאָג, איז ביי מיר צום ערשטן מאָל אַנטשטאַנען דער געדאַנק צו אַנטלויפן פון גאָמבין און אַוועק

אין דער מזרח־טייל פון פּוילן, וואָס איז פאַרנומען געוואָרן דורך די רוסן.

אין יענער צייט זענען שוין געווען אַנדערע, דער עיקר, גאָמבינער יוגנטלעכע, וועלכע האָבן פאַרלאָזט די שטאָט און זענען „אַוועק אויף מזרח". ליגנדיק אַ געשוואָלענער אין בעט האָב איך וועגן דעם איבערגערעדט מיט מיין ברודער, אַז מיר זאָלן גיין צוזאַמען, ער האָט אָבער נישט געוואָלט דערפון הערן. ער האָט געזאָגט, אַז רוסלאַנד איז אַ „פאַרמאַכטע שטייג" און אַז ווער עס גייט אַריבער די גרענעץ, וועט שוין דאָרט אייביק פאַרפאַלן ווערן. וואָס שייך דאָ, האָט ער געהאָפט, וועט די מלחמה זיך סוף כל סוף ענדיקן, די נאַציס וועלן אַוועק און גאָמבין וועט צוריק ווערן אַ פרייע שטאָט.

מיין ברודער איז נישט געווען דער איינציקער, וואָס האָט אַזוי געטראַכט. קיינער האָט זיך נאָך דעמאָלט נישט געקאָנט פאָרשטעלן, וואָס פאַראַ פּלענער די נאַציס האָבן געהאַט פאַרן יידישן פאָלק. אָבער ביי מיר איז דער באַשלוס צו פאַרלאָזן גאָמבין געוואָרן וואָס אַמאָל פעסטער. איך האָב וועגן דעם איבערגערעדט מיט מיין כלה און זי האָט איינגעשטימט מיט מיר צו גיין. עס איז באַשלאָסן געוואָרן, אַז פאַרן פאַרלאָזן גאָמבין זאָלן מיר חתונה האָבן, און מיר האָבן אין אַ געוויסן נאָכמיטאָג געשטעלט אַ חופּה אין הויז פון איר מוטער. ביי דער חופּה זענען געווען אנוועזנד מיינע צוויי ברידער הערש נתן און מאיר, מיין שוועסטער רוזשע, מיין פרויס מוטער מלכה, פריידל לאַסקי, אירע טעכטער שרה'טשע און חנה לאַסקי, איר שוואָגער יצחק באומאַן, וואָלף לאַסקי, מאיר קעסעלע מיט זיין פרוי, מרדכי פינדיק און מרים עטינגער. חופּה וקידושין האָט אונדז געגעבן מיין פרויס קוזין, דער שמש פון דער שול, יצחק באומאַן, אינדרויסן פאַרן הויז, האָבן מיר אַוועקגעשטעלט משה נידערמאַן, ער זאָל היטן, אַז אַ דייטש זאָל נישט אָנקומען אומגעריכט און נישט טרעפן אַזאַ גרויסע צאָל יידן.

צומאָרגנס, דאָס איז געווען זונטיק דעם 20סטן נאָוועמבער, זענען מיר אַוועק פון גאָמבין. מיר האָבן זיך אויפגעזעצט אויף אַ וואָגן, וואָס איז געוואָרן אָנגעטריבן דורך דעם בעל עגלה משה שלאַנג, וועלכער האָט געהאַט אַ „שיין" צו פאָרן. צוזאַמען מיט אונדז איז אויך מיטגעפאָרן אַן אידעם פון שעקערקא (וועמענס פרוי און טאָכטער זענען אומגעקומען אין דער באָמבאַרדירונג). ער איז געווען אַן איינוואוינער פון ארץ ישראל, ער איז געקומען קיין גאָמבין אויף אַ לוסט־רייזע און דאָ האָט אים פאַרכאַפּט די מלחמה. דער וועג קיין וואַרשע איז געווען פול מיט געפאַרן. עטלעכע מאָל האָבן דייטשן אונדז אָפּגעשטעלט און האָבן אונדז „געכאַפּט" אויף אַרבעט, קומענדיק קיין וואַרשע, האָבן מיר דערזען דעם גאַנצן פאַרנעם פון חורבן. גאַנצע גאַסן זענען געווען אויסגעגלייכט מיט דער ערד. איבער די גרוזעס פון די הייזער האָבן אַרומגעשלייכט שאָטנס פון מענטשן און פון אַלץ האָט זיך געטראָגן אַ ריח פון פאַרברענטע מויערן. צוויי בריקן איבער דער ווייסל זענען געלעגן צעשמעטערט און מיר זענען אַריבערגעפאָרן איבער דער דריטער בריק, וואָס איז געווען געדיכט באַשטעלט מיט דייטשע „שופּאָ'ס" און מיט אָן אַ שיעור נאַצישע סאָלדאַטן. ווען מיר זענען אַריינגעפאָרן אין דער יידישער געגנט איז דאָס בילד געוואָרן נאָך גרוילעכער. יעדעס צווייטע הויז איז געווען אַן אויסגעברענטער שקעלעט און אין אַ סך ערטער איז געווען אומעגלעך אַריבערצוגיין די בערגער מיט גרוזעס. אויף די פּנימער פון די יידן איז געלעגן טרויער און צער אָבער דער עיקר — שרעק. נאָך די ערשטע פּאָר שעה האָבן מיר זיך דערוואוסט, אַז אויך דאָ, אין דער גרעסטער יידישער קהילה אין איראָפּע, האָבן די נאַציס איינגעשטעלט דעם זעלבן מנהג פון „כאַפּן אויף אַרבעט" און אַז יעדן טאָג האָבן זיך דאָ אויף די מויערן באַוויזן פרישע גזירות אין יענע טעג האָט מען שוין אויך גערעדט וועגן איינפירן אַ געטאָ, און די שטימונג צווישן די יידן איז געווען אַ פאַרצווייפלטע.

מיר זיינען פאַרפאָרן צו אַן אַדרעס, וואָס מיר האָבן מיטגענומען פון דער היים, צום חתן פון מאַניעלע וואָלמאַן, מאָניעק. מיר זיינען דאָרט געבליבן אַ צוויי־

דריי טעג און האָבן זיך געגרייט צו דער ווייטערדיקער רייזע. ביי איר אין דער היים האָבן מיר אויך געטראָפן אַ פּאָר אַנדערע גאָמבינער — חיה אײדל מיצנמאַכער, גיטל צעלעמענסקי (פון דער היים פינקלשטיין) איר מאַן מיט איר זון בראָנעק (וועלכער איז שפּעטער אומגעקומען ווי אַ יידישער פליער אין דער סיני־אַקציע אין ישראל) און וואָווע אַפּעל פון סאַניק. אויך בעת די צוויי טעג אין וואַרשע האָט מען אונדז אַ פּאָר מאָל געכאַפּט אויף אַרבעט און דאָרט האָבן מיר צום ערשטן מאָל דערזען די ס. ס. לייט מיט די טויטע שאַרבנס אויף די מונדירן.

מיר האָבן סוף כל סוף אויסגעאַרבעט אַ פּלאַן, ווי אַזוי צו פאָרן ווייטער. אויפן דריטן טאָג זענען מיר איינגעשטיגן אין אַ וואָגן — איך מיין פרוי, חיה אײדל מיצנמאַכער, חוה אַפּעל און גיטל צעלעמענסקי מיט איר 4־יעריק יינגעלע — און מיר זענען אָנגעקומען אין אַ קליין שטעטלע נעבן טייך בוג — סלאַוואָטיטשע. פונדאַנען האָט מען געדאַרפט בלויז אַריבער דעם טייך און געפינען זיך אויף דער רוסישער טעריטאָריע. דער אָנטרייבער פון וואָגן איז געווען אַ פּאָלאַק. ווען מיר זענען צוגעקומען צום בוג זענען מיר געוואָרן אַרומגערינגלט דורך דייטשן, וועלכע האָבן אונדז אונטער אַ האָגל פון קלעפּ אַוועקגעפירט אין אַ פעסטונג. אינעווייניק, אין דער פעסטונג, איז געווען אַזוי פינצטער, אַז איינער האָט נישט געזען דעם אַנדערן. ווען אַ דייטש האָט מיט אַ צייט שפּעטער געעפנט די טיר זענען מיר שיער נישט בלינד געוואָרן פון דער דרויסנדיקער ליכט. ער האָט אונדז אַרויסגעלאָזט אויף דער פריי, אָבער מיר האָבן נישט געוואוסט, וואו צו גיין. ווי דורך אַ נס איז אונדז אַקעגנגעקומען אַ פּוילישע פרוי און האָט אונדז געוויזן מיט די אויגן, מיר זאָלן איר נאָכגיין. נאָכן צוקומען צו איר כאַטע אין אַ דערנעבנדיק דאָרף האָט זי אונדז געזאָגט, אַז זי קאָן אונדז אַריבערפירן אויף דער צווייטער זייט פון טייך.

זי האָט אונדז אַריינגעפירט אין אַ גרויסער און ווייס־געקאַלעכטער „איזבע", אַליין אין זי אַרויס אין דרויסן און באַלד דערנאָך איז זי צוריקגעקומען און האָט אונדז געבראַנגט צו עסן. זי איז געווען זייער אַ פריינטלעכע און האָט נישט פאַרלאַנגט קיין גרויסע סומע געלט פאַר דער טרחה פון אַריבערפירן איבער דער גרענעץ. זי האָט צו אונדז אַרויסגעוויזן אַ סך מענטשלעכקייט. נאָך די אַלע איבערלעבענישן מיט די דייטשע רוצחים זענען מיר געווען זייער גערירט. אינמיטן דער נאַכט האָט זי אונז אַרויסגעפירט צום טייך, וואו מיר האָבן זיך אַריינגעזעצט אין אַ קליין שיפל — צו צוויי און צו דריי — און זי האָט אונדז אַריבער געפירט אויף דער צווייטער זייט. אויך אויף דער צווייטער זייט טייך האָט זי אונדז נישט איבערגעלאָזט, ביז זי האָט אונדז צוגעפירט צו אַ וועג און געוויזן די ריכטונג פון בריסק. ערשט דעמאָלט האָבן מיר זיך געשיידט און זי האָט אונדז אָנזגעוואונטשן, מיר זאָלן פון איצט ניט וויסן פון קיין בייז. אָבער אירע וואונטשן זיינען נישט מקוים געוואָרן.

ווען מיר האָבן זיך געפונען עטלעכע קילאָמעטער פון בריסק, האָבן מיר אָנגעטראָפן אויף אַ גוי, וועלכער האָט אונדז אָפּגעמאָסטן מיט אַ פיינטלעכן בליק און האָט אונדז מער נישט אַראָפּגעלאָזט פון די אויגן. וואו מיר זענען געגאַנגען איז ער אונדז נאָכגעגאַנגען. מיר האָבן פאַרשטאַנען, אַז ער האָט בדעה אונדז צו מסרן און מיר האָבן אים פאָרגעלייגט אַ סומע געלט, ער זאָל זיך אָפּטשעפּען און אונדז לאָזן צורו. אָבער עס האָט גאָרנישט געהאָלפן. ווען ער האָט דערזען דעם ערשטן רוסישן מיליציאָנער, איז ער גלייך צו אים צו און יענער האָט אונדז באַפוילן, מיר זאָלן אים נאָכגיין. הינטער אַ טיש אין דער מיליץ איז געזעסן אַ דיקער לויטענאַנט פון דער נ.ק.וו.ד. און ער האָט אונדז געפרעגט אויף רוסיש — און אַ דאָלמעטשער האָט עס איבערגעזעצט אויף פּויליש — ווער מיר זענען און וואו מיר האָבן בדעה צו גיין. גיטל צעלעמענסקי מיט איר מאַן און קינד האָט ער דערלויבט צו גיין ווייטער, קיין בריסק ווייל ער איז געווען אַ געבוירענער אין ביאַליסטאָק און האָט דעריבער געשטאַמט פון די „באַפרייטע געביטן". אָבער מיר זיינען באַגאַנגען דעם פעלער און האָבן

אים געזאָגט דעם גאַנצן אמת, אַז מיר זענען יידן פון גאָמבין און מיר האָבן דערציילט וועגן די צרות, וועלכע מיר זענען אויסגעשטאַנען פון די דייטשן. איצט זענען מיר געקומען אין לאַנד פון סאָוועטן, וואו מיר האָפן צו געפינען פרייהייט און שוץ. דער נ.ק.וו.ד. לויטענאַנט האָט אונדז רואיק אויסגעהערט און ער האָט מיט דער זעלבער קאַלטבלוטיקער רואיקייט געזאָגט, אַז מיר מוזן צוריקפאָרן פונוואַנען מיר זענען געקומען, ווייל מיר האָבן געשמוגלט די גרענעץ.

און אַזוי איז טאַקע געשען. נאָכן פאַרברענגען אַ נאַכט אין אַרעסט האָט אונדז אַ מיליציאַנט אַריינגעזעצט אין אַ באַן (פאַר וועלכער מיר האָבן געמוזט באַצאָלן) און מען האָט אונדז צוגעפירט צוריק צום טייך בוג. דאָרט האָט אונדז אַ פויער פון דער רוסישער זייט, ווידעראַמאָל פאַר אונדזער געלט, אַריבערגעפירט אין אַ שיפל און האָט אונדז איבערגעלאָזט אויפן ברעג, וואו עס האָבן געהערשט די דייטשן. צום גליק האָבן מיר נישט באַגעגנט קיין שום דייטש און מיר זענען אַריין אין אַ קליין יידיש שטעטל, טוויסלאָטש.

מיר האָבן דאָרטן אויסגעזוכט אַ קרעטשמע, וואו מיר האָבן געטראָפן אַ גרויסע צאָל יידישע פליטים פון פאַרשיידענע דייטש־באַזעצטע שטעט און שטעטלעך, וועלכע האָבן אויך געזוכט אַ געלעגנהייט אַריבערצוגיין צו די רוסן. דער אייגנטימער פון דער קרעטשמע האָט אונדז קודם כל געגעבן צו עסן, האָט אונדז געמאַכט אַ נאַכטלעגער און צומאָרגנס האָט ער אונדז געשאַפן אַ פוילישע פרוי, וועלכע האָט אונדז ווידער אַמאָל ווי די ערשטע פויערטע, אַריבערגעפירט מיט אַ שיפל איבערן טייך. דאָס מאָל האָבן מיר געהאַט מער הצלחה און מיר זענען בשלום אָנגעקומען קיין בריסק.

דער ערשטער איינדרוק פון בריסק האָט אונדז ממש צעטרייסלט. מענטשן זענען געגאַנגען פריי און אָן שום מורא איבער די גאַסן. יידישע קינדער זענען געלאָפן מיט ביכער אין די שולעס אַריין, געשעפטן זענען געווען אָפן. סאָלדאַטן האָבן געשפרייזט איבער די טראָטואַרן און האָבן גערעדט פריינטלעך מיט די דורכגייער. עס איז ממש נישט געווען צו גלויבן, אַ סך הכל מיט געציילטע קילאָמעטערס ווייטער געפינט זיך אַזאַ גיהנום, אַז די נאַציס לויפן דאָרט אַרום ווי ווילדע צעיושעטע חיות און אַז יעדער ייד איז זייערס אַ געשלאָגענער און צום טויט פאַרמשפּטער קרבן. די רוסישע סאָלדאַטן האָבן געהאַט אַ ליד, אַז ביי זיי „אָטעמט דער מענטש פריי" און אונדזער ערשטער איינדרוק איז געווען, נאָך דעם נאַצישן קאָשמאַר, אַז דאָס איז טאַקע אמת. יעדע נאַטירלעכע זאַך האָט פאַר אונדז אויסגעזען ווי אַ וואונדערלעכע אַנטפּלעקונג. אַפילו דער בלויזער פאַקט, וואָס מיר קאָנען דאָ שטיין אויף דער גאַס אָן שום מורא, אַז באַלד וועט צוקומען אַ ווילדער דייטש, וועלכער וועט אונדז אָנהייבן צו פייניקן, צו קאַטעווען און אַפילו צו דערהרגענען, האָט אויסגעזען ווי אַ נס.

מיר זיינען אַריין אין אַ קרעטשמע און מיר זיינען פאַרבליבן איבער נאַכט. צוליב דעם, וואָס דאָס געלט אונדזערס האָט זיך אויסגעלאָזט, זיינען מיר אין דער פרי אַוועק אויפן „טאָלטשאָק" און האָבן פאַרקויפט אַ ביסל פון אונדזערע זאַכן. כאָטש מיר האָבן זיך אין בריסק געפילט גוט, איז אָבער דער ציל אונדזערער געווען דאָ נישט צו בלייבן, נאָר צו פאָרן ווייטער אין דעם שטעטל יאַנאָוו נעבן פינסק. דאָרט האָט זיך געזאָלט געפינען מיין פרויס ברודער, משה געלבאַרט. איר ברודער איז ביים אויסברוך פון קריג געווען אַ זעלנער אין דער פּוילישער אַרמיי און ווען די מלחמה האָט זיך געענדיקט איז ער אַהיימגעקומען קיין גאָמבין; ער האָט אָבער דאָרט נישט געקאָנט אויסהאַלטן מער ווי עטלעכע טעג און ער איז אַוועק קיין יאַנאָוו, וואו עס האָט געוואוינט זיינס אַ חבר, אויך אַ גאָמבינער, בנימין באַרוך, פון פאַך אַ שלאָסער־מעכאַניק. פון דאָרט האָט מיין שוואָגער אַהיימגעשיקט אַ גרוס קיין גאָמבין דורך אַן אַנדערן גאָמבינער ייד, נח זשעלאַנקאַ, וועלכער האָט זיך אומגעקערט צו זיין פרוי. מיר האָבן

דעריבער באַשלאָסן, אַז דאָס בעסטע וועט זיין, אַז מיר וועלן אַוועק קיין יאַנאָוו און זיך דאָרט איינאָרדנען זאַלבעדריט, צוזאַמען מיטן שוואָגער.

פאַרן אַרויספאָרן קיין יאַנאָוו האָבן מיר באַוויזן אָפּצורופן טעלעפאָניש דאָס שטעטל און אַרויסצורופן באַרוכן. יענער האָט אונדז איבערגעגעבן, אַז מיין פרויס ברודער איז שוין דאָרט נישטאָ, אַז ער איז צום צווייטן מאָל אַוועק אַהיים און אַז מיר האָבן זיך, אויסגעמיטן אויפן וועג. ער האָט אונדז אָבער צוגערעדט, אַז מיר זאָלן אַהיימקומען קיין יאַנאָוו, וואו מיר וועלן זיך קאָנען גרינג איינאָרדנען.

ערשט שפּעטער האָבן מיר זיך דערוואוסט אַז מיין פרויס ברודער איז פאַרן אָנקומען קיין גאָמבין מוראָדיק צעשלאָגן געוואָרן דורך די דייטשן, און ער איז שפּעטער געלעגן מיט אָפּגעשלאָגענע לונגען און איז געשטאָרבן פון די קלעפּ.

דאָס פאָרן קיין יאַנאָוו איז נישט געווען פון די לייכטע זאַכן. קודם כל איז שווער געווען צו באַקומען אַ באַן־בילעט און אַז מען האָט שוין נאָכן אָפּשטיין לאַנגע שעה׳ן געקראָגן דעם בילעט, האָט מען זיך ערשט געדאַרפט קאָנען אַריינרייסן אין דער באַן אַריין, וועלכע זיינען נישט געגאַנגען רעגולער און זענען געווען מוראָדיק געפּאַקט. אָבער דער סוף איז געווען, אַז מיר האָבן מיט גרויס מאָזאָליעס זיך אַריינבאַקומען אין דער באַן. געפאָרן זיינען מיר בלויז זאַלבעצווייט, ווייל אַפּעל און איידל מיצנמאַכער זיינען געבליבן אין בריסק. ווען די באַן איז אָנגעקומען קיין יאַנאָוו האָבן עטלעכע מיליציאָנערן גענומען די אָנגעקומענע ביעזשענצעס און האָבן זיי איינגעאָרדנט אין פּריוואַטע הייזער, ביי די אָרטיקע תושבים. אונדזער גורל איז אויסגעפאַלן אויף אַ פאָרפאָלק, משה׳ל און ברײנע, וועלכע האָבן געהאַט אַ קליינע בעקעריי. זיי האָבן אונדז פריינטלעך באַהאַנדלט.

דאָס שטעטל יאַנאָוו האָט זיך געפונען נישט ווייט פון שטעטל מאָטעלע, וואו עס איז געבוירן געוואָרן פּראָפעסאָר חיים ווייצמאַן. דאָס שטעטל איז געווען קליין, אָבער זייער מאָלעריש, עס איז באַשטאַנען פון אַ גרויסן קוואַדראַטענעם מאַרק מיט קליינע געסלעך, וואָס האָבן געפירט צו די אַרומיקע פעלדער. די ערשטע פאָר וואָכן אין יאַנאָוו זיינען געווען ווי דער איבערגאַנג פון אַ פינצטערן קאָשמאַר צו אַ ליכטיקער ווירקלעכקייט. דאָס שטעטל איז געווען שטיל און אידיליש און נאָך די איבערלעבענישן אין גאָמבין האָט דאָ אַלץ אויסגעזען ווי אין אַ חלום. אָבער דער חלום האָט איינגיכן אָנגעהויבן אויסצורינען.

די ערשטע פאָר טעג האָב איך אָנגעהויבן צו אַרבעטן ביי אַ פריוואַטן שניידער, זיינוול, נאָכן אָפּאַרבעטן אַ וואָך, האָב איך אים געפרעגט, וויפל עס באַטרעפט דער לוין און ער האָט מיר געזאָגט אַ סומע, פאַר וועלכער עס איז אוממעגלעך געווען צו לעבן. איך בין דעריבער פון אים אַוועק און האָב גענומען אַרבעטן פאַר זיך. עס איז מיר אַוועק זייער גוט. קיין אַרבעט האָט ניט געפעלט. מענטשן האָבן מורא געהאַט צו האָבן ליגן שטאָפן, ווייל עס האָט געדראָט אַז מען וועט זיי קאָנפיסקירן, האָט יעדער גענומען זיך אויפנייען מלבושים. אַרבעט האָב איך דעריבער געהאַט אַ סך און די פאַרדינסטן זיינען געווען גענוג אויף פּרנסה פאַר אונדז ביידע.

בעת מיר זיינען געווען אין יאַנאָוו זיינען מיר געשטאַנען אין פאַרבינדונג מיט אונדזערע גאָמבינער יידן, וואָס האָבן זיך געפונען אויף דער רוסישער זייט און עטלעכע זיינען אַפילו געקומען אונדז באַזוכן, ווי צום ביישפּיל יעזשיק זאַלעשטשינסקי, וועלוול פרידלאַנד, לייזער קאָן, פייוויש באָל, מנשה בער און אַנדערע. אין יאַנאָוו האָט זיך איינגעאָרדנט בנימין באַרוכ׳ס ברודער (ער האָט זיך שפּעטער, אין רוסלאַנד אָנגעשלאָסן אין דער פּוילישער אַרמיי און איז דערנאָך אומגעקומען אין דער באַפרייאונג־מלחמה פאַר ישראל). איך בין אַליין עטלעכע מאָל געפאָרן פון יאַנאָוו באַזוכן גאָמבינער יידן אין ביאַליסטאָק און אין בריסק. אין ביאַליסטאָק, אויף קאַשיקאַווע 16, האָבן זיך איינגעאָרדנט אַ־30 גאָמבינער יידן. איך געדענק בלויז די נעמען פון משה וואָלמאַן,

רחלע ליזערשטיין, נתן שוואַרץ, לייזער קאָן, זיין שוועסטער רבקה קאָן, נתנ׳לע פוקס, מענדל וורובעל, יעזשיק זאַלעשטשינסקי, די צוויי ברידער ראָגאַשינסקי, מאָניעק לאַסקי, יצחק וויראָבעק און אַנדערע. זיי האָבן געלעב אין אַ קליין צימערל מיט אַ קיכל וואָס האָט אויסגעזען ווי אַ מוראָדיק הקדש — אָרעמקייט, שמוץ און הונגער. דאָס ביסל ברויט, וואָס זיי האָבן געהאַט, האָבן זיי אויפגעהאָנגען אויפן סופיט, עס זאָל נישט אויפגעגעסן ווערן פון די מייז. זיי האָבן זיך שטאַרק געמאַטערט און האָבן אויספאַרקויפט דאָס ביסל מלבושים אויפן טאָלטשאָק. איך האָב זיי געטראָפן אין אַ זייער געדריקטן מעמד, פאַרצווייפלטע און נידערגעשלאָגענע און אַדורכגענומענע מיט אַ גרויסער בענקשאַפט נאָך זייערע נאָענטע, וואָס זיינען געבליבן אין גאָמבין. אַ טייל פון זיי האָט זיך אַרומגעטראָגן מיטן געדאַנק צוריקצוגיין קיין גאָמבין. און אַזוי איז טאַקע געווען. אַ טײל איז פאַרשיקט געוואָרן קיין טיף־רוסלאַנד און די אַנדערע, וועלכע האָבן זיך אומגעקערט קיין גאָמבין, זיינען אומגעקומען.

אַ צווייט מאָל בין איך געפאָרן צו אַ גרופּע גאָמבינער יידן קיין בריסק. איך האָב דאָרט צווישן אַנדערע געטראָפן דעם פרעזעס פון דער גאָמבינער קהילה, חיים לוריע. אויך ער האָט מיר געזאָגט, אַז ער איז אומגליקלעך און נידערגעשלאָגן און אַז ער וויל צוריקפאָרן אַהיים. ער איז טאַקע צוריק אַוועק קיין גאָמבין און האָט דאָרט געטיילט דעם גורל פון די איבעריקע יידן.

מיט עטלעכע וואָכן שפּעטער איז פאָרגעקומען די ערשטע ענדערונג אין אונדזער רואיקן לעבן אין יאַנאָוו. די „וולאַסט" האָט אָנגעהויבן אַרויסצוּוואַרפן פון זייערע הייזער די שטעטלדיקע „גבירים" און איינעם אַזאַ ייד, פּאָמעראַנץ, ביי וועמען מען האָט פריער נאַציאָנאַליזירט זיין מיל און אַ געוועלב, האָט מען אַריינגעזעצט צו אונדזערע באַלעבאַטים. מיר האָבן זיך דעריבער געמוזט אויסזוכן אַן אַנדער צימער און מיר האָבן זיך אַריינגעצויגן צו אַן אַלטן ייד אין אַ קלענער און פיל אָרעמער הייזל. די צווייטע ענדערונג איז געווען אַ „סאָציאַלע". די יידישע קאָמוניסטן פון שטעטל האָבן זיך דערוואוסט, אַז איך אַרבעט פּריוואַט, זיינען זיי אַ געוויסן טאָג געקומען און האָבן מיך געוואָלט צווינגען, איך זאָל עפענען אַ גרויסן וואַרשטאַט פאַר פרויען־אַרבעט (ווייל אינעם שטעטל האָבן זיך געפונען אַ סך סאָוועטישע נאַטשאַלניקעס מיט זייערע ווייבער). איך האָב מיך באַמיט אָפּצוזאָגן און האָב געשטעלט אַ קעגן־פאָדערונג, אַז מיין פרוי זאָל באַשעפטיקט ווערן אינעם וואַרשטאַט און זיי זיינען דערויף אַיינגעגאַנגען. אָבער איידער וואָס ווען איז געקומען אַ דריטע ענדערונג, דאָס מאָל אַ ראַדיקאַלע, און פון די אַלע פּלענער מיטן וואַרשטאַט איז גאָרנישט געוואָרן.

נאָך מיט אַ צייט פריער האָט די מאַכט געמאָלדן, אַז די ביעזשענצעס באַקומען אַן אויסוואַל: אָדער אָנצונעמען סאָוועטישע בירגערשאַפט אָדער זיך צו רעגיסטרירן אויף צוריקצופאָרן קיין פּוילן. צוליב דעם, וואָס מיר ביידע, מיין פרוי און איך, האָבן געהאַט אַלע אונדזערע נאָענטסטע אין גאָמבין, האָבן מיר באַשלאָסן זיך צו רעגיסטרירן אויף צוריקצופאָרן, ווייל מיר האָבן גוט געוואוסט, אַז מיט אַ סאָוועטישן פּאַס וועלן מיר בלייבן, ווי מיין ברודער האָט געהאַט געזאָגט „פאַרקלאַפּט אין אַ קלאַטקע". נאָך יענער רעגיסטראַציע איז אַ לאַנגע צייט געווען שטיל און מיר האָבן מער וועגן דעם נישט געהערט. אָבער אין אַ געוויסן פרייטיק־צו־נאַכטס האָט זיך אינעם שטעטל פּלוצלונג באַוויזן אַ גרעסערע צאָל רוסן און מיר האָבן גענומען חושד זיין אַז עפּעס קומט דאָ פאָר. וואָס אָבער עס קומט פאָר האָט קיינער נישט געקאָנט טרעפן און עס האָט זיך נישט געפונען קיין איינער, וואָס זאָל זיך האָבן גערעכט, אַז עס גייט אויף אונדז אַזאַ אומגליק.

אינמיטן דער נאַכט האָבן מיר דערהערט אַ קלאַפּן אין דער טיר און עס זיינען אַריין עטלעכע נ.ק.וו.דיסטן מיט געווער אין די הענט. זיי האָבן דערקלערט, אַז זיי זיינען געקומען אויף אַ רעוויזיע. אָבער אָנשטאָט צו

מאַכן די רעוויזיע האָבן זיי אַ זאָג געטאָן: „טוט אייך אָן און קומט מיט אונדז".

מיר האָבן דעמאָלט נישט געוואוסט, אַז די זעלבע סצענע חזרט זיך איצט איבער אין טויזנטער שטובן איבער די „באַפרייטע געביטן" פון אַמאָליקן פוילן. זיי האָבן אונדז געלאָזט מיטנעמען אַ ביסל זאַכן און האָבן אונדז אַרויסגעפירט אינדרויסן, וואו עס איז געשטאַנען אַ פערד און וואָגן. ערשט איצט האָבן מיר דערזען, אַז מיר זיינען נישט אַליין. כמעט פאַר יעדן הויז איז געשטאַנען אַזאַ פערד און וואָגן און פון אומעטום האָט מען געפירט ביעזשענצעס מיט זייערע קלומיקלעך און נאָכדעם ווי מען האָט אַלע אַרויפגעלאָדן אויף די וועגענער, האָט מען אונדז אַוועקגעפירט צו דער באַן־ליניע, הינטערן שטעטל.

דאָרט, אויף די שינעס, איז געשטאַנען אַ לאַנגער פראַכט־צוג מיט וואַגאָנען, אין וועלכע עס זיינען געווען אויפגעקלאַפּט הילצערנע פריטשעס. ווען מען האָט אונדז צוגעפירט צו „אונדזער" וואַגאָן, זיינען שוין אינעווייניק געווען צענדליקער מענטשן. די מערהייט איז געווען יידן, ס'זיינען אָבער אויך געווען פּאָלאַקן, וועלכע האָבן פּונקט ווי מיר, זיך רעגיסטרירט אַהיימצופאָרן. צוזאַמען זיינען מיר געווען אַ־60 פּערזאָן אין אַ וואַגאָן. דער שטראָם מיט ביעזשענצעס האָט זיך נישט אָפּגעשטעלט, עס זיינען כסדר געקומען צו פאָרן נייע וועגענער און מען האָט געהאַלטן אין איין אויסלאָדעווען פרישע פאַרטיעס מיט „פאַרברעכער", מיט איבערגעשראָקענע און צעטרייסלטע יידישע פאַמיליעס, וואָס האָבן נישט לאַנג צוריק זיך געראַטעוועט פון די נאַציס, כדי איצט באַהאַנדלט צו ווערן ווי קאַטאַרזשניקעס דורך די סאָוועטישע באַפרייער.

צו מיין גליק האָט דער נאַטשאַלניק פון דער סטאַנציע מיך געקענט און ער האָט געזען, ווי מען האָט געברענגט מיך צוזאַמען מיט מיין פרוי און אַריינגעפירט אין וואַגאָן אַריין. ער איז געווען אַ רוס, אַ פּאָלקאָווניק און זייער אַ פריינטלעכער מענטש. ער איז צוגעקומען און האָט מיר געפרעגט, צי איך דאַרף נישט עפּעס. איך האָב אים געזאָגט, אַז כ'וואָלט געוואָלט מיך אומקערן אַהיים, ווייל איך האָב דאָרט איבערגעלאָזט נוצלעכע זאַכן. ער האָט מיר דאָס דערלויבט און איך בין אונטער אַ וואַך פון צוויי סאָלדאַטן צוריקגעפירט געוואָרן אין שטוב אַריין, וואו כ'האָב טאַקע גענומען נאָך אַ פּעקל מיט מלבושים. אויפן וועג צו דער באַן האָב איך געזען, ווי אַ סך איינוואוינער זיינען געשטאַנען און האָבן אונדז באַוויינט מיט ביטערע טרערן. עס איז געווען שבת און אַ סך יידן האָבן גענומען אַריינוואַרפן צו מיר אין וואָגן גאַנצע ברייטלעך. די סאָלדאַטן האָבן דאָס געזען, אָבער זיי האָבן זיך געמאַכט נישט קוקן. ווען כ'בין צוריקגעקומען צו דער באַן, האָב איך אין יעדן פראַכט־וואַגאָן אַריינגעוואָרפן צו צוויי ברייטלעך.

מיר זיינען אַזוי אָפּגעשטאַנען אַ גאַנצע טאָג. עס איז געווען זומער, סוף יוני, אין די וואַגאָנען איז געווען זייער הייס. פאַרנאַכט האָבן די סאָלדאַטן פאַרריגלט די טירן און האָבן זיי פאַרשלאָסן מיט שווערע שלעסער. דער צוג האָט זיך גערירט. ערשט איצט האָבן מיר דערפילט אונדזער אומגליק. די וואַגאָנען זיינען געווען איבערגעפּאַקט, די פּריטשעס זיינען געווען האַרט, אָן אַ ביסל שטרוי, אין וואַגאָן איז נישט געווען קיין שום סאַניטאַרע איינריכטונג. דער צוג האָט זיך אָנגעהויבן וואָס אַמאָל שנעלער צו קאָלערן איבער די שינעס. וואוהין זיינען מיר געפאָרן? יעדער פון אונדז איז געזעסן אין זיין ווינקל אַ פאַרזונקענער אין פינצטערע געדאַנקען.

צען טעג האָט זיך אַזוי אונדזער פאַרשלאָסענער פראַכט־צוג געשלעפּט איבער די ווייטקייטן פון רוסלאַנד און קיינער האָט נישט געוואוסט, וואו מען וועט אונדז אַרויסזעצן, כמעט אויף יעדער באַן־סטאַנציע האָבן מיר געזען דאָס זעלבע — מחנות מיט מענטשן, וואָס זיינען געשטאַנען פון דער ווייטנס און האָבן אונדז באַוויינט. ערשט אויפן צענטן טאָג האָט די באַן זיך אָפּגעשטעלט און די סאָלדאַטן האָבן געעפנט די וואָגנס. צום

ערשטן מאָל נאָך אַזוי פיל טעג און נעכט, נאָך אַזאַ שטיקעניש, נאָך די שוידערלעכע אומסאַניטאַרע באַדינגונגען, זיינען מיר אַרויס אויף דער פריי.

דאָס אָרט וואו מיר האָבן זיך אָפּגעשטעלט האָט געהייסן קאָטלאַס, ביים טייך סעווערנאיא דווינא ארכאנגעלסקער אָבלאַסט, אין סיביר. מיר זיינען דאָרט פאַרבליבן אַ גאַנצן נאָכמיטאָג, אָבער ווען עס איז צוגעפאַלן די נאַכט, איז נישט געוואָרן פינצטערער. אַפילו שפּעטער שוין, אינמיטן דער נאַכט, איז געווען אַזוי ליכטיק, אַז מען האָט געקאָנט ביי דער העלקייט פון הימל לייענען דאָס געשריפט פון אַ צייטונג. ערשט נאָכן צופאַלן פון דער נאַכט האָט מען אונדז גענומען איינטיילן אין גרופּעס, וועלכע מען האָט אַוועקגעפירט אין קליינע, אָפענע וואַגאָנעטקעס. מיך, צוזאַמען מיט מיין פרוי און נאָך אַ צאָל פּליטים האָט מען אַוועקגעפירט אַ־20 ביז 25 קילאָמעטער און דאָרט האָט מען אונדז אַראָפּגעלאָזט אין דער טיפעניש פון אַ וואַלד אין אַ פּאָסיאָלעק, פאַר פאַרשיקטע, וואָס האָט געהייסן באַשאַראָווא. אַהינגעקומען זיינען מיר אַרום 3 אַזייגער פאַרטאָג און די גאַנצע צייט פון דער רייזע האָבן מיר מוראָדיק געליטן פון אינסעקטן. גאַנצע כמאַרעס מיט מאָסקיטאָס האָבן זיך איינגעגעסן אין אונדזערע געזיכטער, אין האַלדז, אין די הענט און אין יעדער טייל פון נישט־צוגעדעקטן קערפּער. עס איז אוממעגלעך געווען פון זיי זיך אָפּצויאָגן און זיי האָבן אונדז ממש געגעסן לעבעדיקערהייט. ווען מיר זיינען אַרויסגעשטיגן אינמיטן וואַלד, זיינען די כמאַרעס מיט די אינסעקטן געוואָרן נאָך געדיכטער.

דער פּאָסיאָלעק איז באַשטאַנען פון עטלעכע הילצערנע באַראַקן, וואו מען האָט אונדז אַריינגעפּאַקט צו צוויי־דריי פאַמיליעס אין אַזאַ מין איין־צימערדיקער סוכה. ווען מיר זיינען אַריין אין אונדזער צוגעטיילטער „וואוינונג", האָבן מיר דערזען, ווי די ווענט זיינען געווען רויט, ווי זיי וואָלטן געווען באַקלעפּט מיט רויטע טאַפּעטן, אָבער באַלד האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז דאָס זיינען נישט געווען קיין טאַפּעטן, נאָר גרויסע לעבעדיקע, רויטער ווערים, וואָס האָבן אינגאַנצן צוגעדעקט די ווענט. באַלד זיינען די ווערים געווען אין אונדזערע קליידער, אויף די טישן, אויף די געלעגערס און אין עסן.

אין יעדן באַראַק זיינען געשטאַנען אייזערנע בעטלעך און פּראָסטע, פון האָלץ־צוזאַמענגעקלאַפּטע טישן מיט בענק. צוליב דער ליכטיקייט און צוליב די אינסעקטן און ווערים איז נישט מעגלעך געווען צו שלאָפן. פאַרטאָג, האָט מען אונדז אַלע צוזאַמענגערופן אויף אַ מיטינג. אין פּאָסיאָלעק האָבן זיך אויך געפונען אַ פּאָר רוסישע פאַמיליעס, וועלכע האָבן געדאַרפט אויף אונדז אויפפּאַסן און די אָנפירער זענען געווען — דער נאַטשאַלניק פון נ.ק.וו.ד. באַיאָף און זיין געהילף סאַמסאָנאָוו. דער נאַטשאַלניק האָט גערעדט צו אונדז האַרטע און קאַלטע רייד. „איר זענט נישט געקומען — האָט ער געזאָגט — אויף אַ באַשטימטן טערמין, איר זענט דאָ געקומען אויף אייביק. איר האָט נישט געוואָלט ווערן קיין בירגער פון אונדזער סאָוועטישן סאָיוז; איר האָט אייך אָפּגעזאָגט צו נעמען פּעסער און איר זענט אַזוי אַרום פאַררעטער פון אונדזער פאָטערלאַנד. די פון אייך, וואָס ווילן לעבן, מוזן אַרבעטן, אַלע אַנדערע וועלן דאָ באַגראָבן ווערן אונטער די יאָלקעס. ביי אונדז אין רוסלאַנד איז גילטיק דער פּרינציפּ, אַז ווער עס אַרבעט נישט, דער עסט נישט".

אַ סך פון פאַרזאַמלטן עולם האָבן גענומען אויסרופן זייערע פאַכן. איינער האָט געזאָגט, אַז ער איז אַ דאָקטאָר, אַנדערע האָבן אָנגעגעבן, אַז זיי זיינען שניידערס, שוסטערס אָדער בלעכערס. אָבער דער נאַטשאַלניק האָט אויף דעם אַלעם אַ מאַך געגעבן מיט דער האַנט. „דאָ וועט איר פאַרגעסן, וואָס איר זענט געווען. די איינציקע אַרבעט דאָ איז אין וואַלד ביים האַקן ביימער". ביים פונאַנדערטיילן די אַרבעט איז מיר אויסגעקומען צו ווערן צוגעטיילט צו אַ גרופּע „איזוואָשטשיקעס", וואָס האָט געקריגן פערד מיט שליטנס און די אַרבעט האָט געדאַרפט באַשטיין אין אַרויספירן די אויס־

געהאַקטע ביימער פון וואַלד אַרויס. די אַרבעט איז געווען אַ פּיל שווערערע ווי דאָס שטיין אין וואַלד און האַקן ביימער, דערפאַר אָבער האָט דער נאַטשאַלניק געזאָגט, אַז פאַר דער דאָזיקער אַרבעט באַקומט מען בעסער צו עסן. דאָס בעסערע עסן איז בעשטאַנען אין נאָך אַ 200 גראַם שוואַרץ ברויט.

דער אַרבעט־טאָג האָט זיך אָנגעהויבן פינף פאַרטאָג און אַהיימגעקומען זיינען מיר מידע צעבראָכענע און הונגעריקע 5 פאַרנאַכט. אין פאַרלויף פון גאַנצן טאָג איז נישט געווען מער ווי איין איבעררייס, בעת וועלכן מיר האָבן געקראָגן אַ שטיקל ברויט מיט אַ פליסקייט וואָס האָט דאָ געהייסן זופּ. און פאַר וועלכער מיר האָבן בעדאַרפט באַצאָלן.

באַלד דעם ערשטן טאָג האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז אונדזער אַרבעט פון די „איזוואָשטשיקעס" איז געווען אַן אומגעהויער שווערע. עס איז קודם כל געווען שווער אַרויסצושלעפּן די שטשאַפּעס פון וואַלד אויפן שליטן אַרויף, אָבער די אמתדיקע צרה האָט זיך ערשט אָנגעהויבן ווען די פערד האָבן געדאַרפט שלעפּן די שליטנס מיטן האָלץ. די פערד זיינען געווען אויסגעדאַרט און אויסגעמאַטערט און אייביק הונגעריק און זיי האָבן קוים געצויגן די ביינערדיקע פיס. די רוסן האָבן אונדז אָנגעזאָגט, אַז די פערד קאָנען באַנוצט ווערן בלויז צו דער אַרבעט, אַז מען טאָר אַליין נישט אַרויפזעצן זיך אויפן שליטן, ווייל דאָס לעבן פון פערד איז וויכטיקער ווי דאָס לעבן פון מענטש. דעם דאָזיקן פּזמון איז אונדז אויסגעקומען צו הערן אַ סך צענדליקער מאָל און מיר האָבן געוואוסט, אַז דאָס זיינען נישט קיין הוילע ווערטער. די פערד זיינען טאַקע וויכטיקער געווען ווי מענטשן.

די שפּייז, וועלכע מיר האָבן באַקומען, האָט נישט געקאָנט שטילן אונדזער הונגער און מיר האָבן געמוזט צוזוכן שפּייז אין וואַלד. .זומערצייט איז געווען צו דערליידן, דער וואַלד איז געווען אַ גאַנץ גוטער דערנערער. מיר האָבן דאָרט געפונען יאַגדעס און שוואָמען מיט פאַרשיידענע גרינסן און וואָרצלען און מיר האָבן דערמיט געקאָנט שטילן דעם הונגער. אָבער ביטער איז געווען אום ווינטער. קודם כל איז דער ווינטער געווען מוראַדיק קאַלט און קיינער פון אונדז האָט נישט געהאַט קיין געהעריקע מלבושים. אַרויסגעפירט האָט מען אונדז פון די שטעטלעך אין מיטן זומער, אין אונדזערע זומער־מלבושים, און איצט האָבן מיר אין די שאַרפע און שנײדיקע פרעסט און ביטערע ווינטן געמוזט זיך צודעקן מיטן גאַנצן פאַרמעגן, וואָס מיר האָבן מיטגעברענגט פון יאַנאָוו. אָבער ערגער איז געווען דער הונגער. די יאַגדעס מיט די שוואָמען האָבן זיך אויסגעלאָזט און מיר האָבן געמוזט לעבן בלויז מיט דעם, וואָס מיר האָבן באַקומען פאַרן „אויספירן די נאָרמע", דאָס הייסט מיטן שטיק שוואַרץ און קלעפּיקן ברויט און מיט דער שיטערער און נישט־נאַרהאַפטער זופּ.

גלייך ווי עס האָט זיך געשטעלט דער ווינטער איז דער עולם געוואָרן אָפּגעשוואַכט פון הונגער. אַ סך זיינען געוואָרן קראַנק און געשוואָלן און דאָס איז געווען אַ מין פאַרכשופטער ראָד — ווייל וואָס מ'איז געוואָרן שוואַכער פון הונגער אַלץ ווייניקער האָט מען געקאָנט אַרבעטן און וואָס ווייניקער מען האָט געאַרבעט אַלץ ווייניקער האָט מען געקראָגן צו עסן און אַלץ שוואַכער איז מען געווען. ווען אַ צאָל יידן איז ממש דערגאַנגען צום אונטערגאַנג און מיר האָבן געזען, אַז זיי וועלן פּשוט אָוועקפאַלן, האָבן מיר געשאַפן אַ מין געהיימע גרופּע, וואָס האָט זיך געשטעלט פאַר אַן אויפגאַבע אַרויסצוהעלפן די שוואַכערע, ווי ווייט עס איז געווען מעגלעך. אָבער דער קאָמאַנדיר האָט זיך וועגן דעם דערוואוסט און ער האָט אונדז געוואָרנט, אַז פאַר אָרגאַניזירן אַזעלכע „געהיימע גרופּן" קאָנען מיר שטרענג באַשטראָפט ווערן. אַ ביסל דערטרעגלעכער איז געווען די לאַגע פון די, וואָס האָבן באַקומען פעקלעך פון זייערע קרובים אָדער פריינט, וואָס זיינען געווען אויף דער פריי. אָבער די צאָל זייערע איז געווען אַ קליינע. אַן אַנדערער וועג זיך איינצושאַפן אַ ביסל שפּייז איז געווען זיך אַרויסצוגנבענען פון פאָסיאָלעק און אַוועק אַ 10—12 קילאָמעטער צו אַ

נאָענטן קאָלכאָז און דאָרטן אויסטוישן אַ שטיקל מלבוש אויף עסן. דאָס פלעגט געטאָן ווערן בלויז זונטיק, דעם איינציקן פרייען טאָג. אָבער נישט יעדן זונטיק פלעגט מען דאָס קאָנען טאָן. די „מאַכט” פלעגט זייער אָפט רופן מיטינגען און פלעגט אונדז „איינלאַדן”, מיר זאָלן „פרייוויליק” אָפּגעבן דעם פרייען זונטיק פאַר דעם „סאָוויעצקי סאָיוז” און אַזוי אַרום אַרבעטן זיבן טעג אין דער וואָך. עס האָט זיך, פאַרשטייט זיך, נישט געפונען קיין איינער, וואָס זאָל זיך אַרויסזאָגן „קעגן”.

די מעדיצינישע באַהאַנדלונג איז געווען אַ נישטיקע. קיין דאָקטאָר איז אינגאַנצן נישט געווען און מיר זיינען אַלע געווען אָפּהענגיק פון עפּעס אַ רוסישער מויד, וועלכע איז אָנגעגאַנגען פאַר אַ קראַנקן־שוועסטער. פון איר פּסק איז געווען אָפּהענגיק, צי אַ קראַנקער זאָל מעגן בלייבן אַ טאָג אין דער היים אָדער ער זאָל מוזן קראַנקערהייט אַוועק אין וואַלד אַריין צו דער אַרבעט. אין די דאָזיקע באַדינגונגען האָבן עטלעכע נישט אויסגעהאַלטן און זיינען געשטאָרבן. עס איז אויך געשטאָרבן אַ צאָל ניי־געבוירענע זייג־קינדער. קיין שולע פאַר קינדער איז נישט געווען, דערפאַר אָבער איז געווען אַ תּפיסה, וועלכע מיר האָבן אַלע אויפגעשטעלט און פאַר יעדן מינדעסטן חטא האָט מען אַריינגעשיקט אין דער קאַלטער און אומהיימלעכער „צעלע”, וואו מען האָט פאַרשטייט זיך נישט באַקומען קיין עסן, ווייל „געגעסן האָבן בלויז די, וואָס האָבן געאַרבעט”.

וועגן דעם, וואָס עס איז פאָרגעקומען אין דער אויסערלעכער וועלט האָבן מיר נישט געוואוסט. מיר פלעגן אָפט ליגן גאַנצע נעכט אויף די אייזערנע בעטלעך און געטראַכט: וואָס קומט איצט פאָר אין גאָמבין? וואָס געשעט איצט מיט אונדזערע נאָענטסטע? בלויז די רוסן פלעגן פון צייט צו צייט קריגן עפּעס אַ צייטונג, דאָרט אָבער זיינען געווען גאַנץ קנאַפּע ידיעות וועגן דעם, וואָס עס איז פאָרגעקומען אויף דער וועלט. דער ווינטער, וועלכער האָט זיך געשטעלט זייער פרי, איז געוואָרן וואָס אַמאָל שאַרפער, די שנייען טיפער און די ווינטן — שטאַרקער. און פונקט ווי עס איז פריער, אום זומער 20 שעה ליכטיק און בלויז 4 שעה פינצטער, אַזוי איז איצט געווען נישט מער ווי אַ פּאָר שעה ליכטיק און די איבעריקע שעהן זיינען געווען שוואַרץ ווי פּעך.

ווען עס איז געקומען יום כּפּור, האָבן מיר באַשלאָסן דעם דאָזיקן טאָג צו גיין אין וואַלד אַריין אָבער נישט צו אַרבעטן. דער אָנפירער פון אונדזער בריגאַדע איז געווען אַ יידישער אַדוואָקאַט פון וואַרשע, גליקסמאַן. מיר האָבן טאַקע אַזוי געטאָן. מיר זיינען אַרויס אין וואַלד אַריין און נישט געאַרבעט. דער קאָמאַנדיר האָט גלייך, אַ דערצאָרנטער, אַרויסגערופן צו זיך גליקסמאַנען און האָט אים אַלס שטראָף אַראָפּגענומען אַ טייל פון זיין „לוין”. די טעמפּעראַטור איז דערווייל כּסדר געפאַלן. נאָך קעלטן פון 15 און 20 גראַד זיינען אָנגעקומען פרעסט פון 40 און מער. אויפשטיין 5 פאַרטאָג אין אַזעלכע פרעסט און טאָפּטשען אין די טיפע שנייען איז געווען אַ גיהנום. אין וואַלד אַליין איז אָבער געווען אַ ביסל בעסער, ווייל די ביימער האָבן אונדז באַשיצט פון די ווינטן. אַ חוץ דעם האָט מען אין וואַלד אָנגעצונדן פייערן און מען האָט זיך געקאָנט אַביסל אָנוואַרעמען.

דער הונגער איז אָבער געווען נישט איבערצוטראָגן. יעדער פון אונדז האָט געהאָפט, אַז עס וועט בעסער ווערן, ווען דער ווינטער וועט פאַרביי, אָבער ווען דער ווינטער איז אַוועק האָבן זיך אָנגעהויבן פרישע צרות. מיטן אָנקומען פון די וואַרעמע וועטערן האָט דער שניי גענומען שמעלצן און עס איז אויסגעקומען גאַנצע טעג צו שטיין אין וואַסער. פון דער האָרעוואַניע, פון דער פייכטקייט און פון נישט דערעסן זיינען אַ סך פון אונדז געשלאָגן געוואָרן מיט פאַרשיידענע קראַנקהייטן — אַ סך האָבן גענומען פאַרלירן די ציין, אַנדערע האָבן געקראָגן געשווירן און כּמעט אַלע זיינען מיר קראַנק געוואָרן אויף הינער־בלינדקייט, וואָס איז געקומען פון מאַנגל אין וויטאַמינען.

מיר פלעגן אַ סך מאָל גיין צו דער אַרבעט האַלטנדיק זיך ביי די הענט. מיר זיינען געפירט געוואָרן דורך די, וואָס האָבן געהאַט אַ בעסערע ראיה. די לאַגער־אָנפירערשאַפט האָט זיך סוף כל סוף מרחם געווען און אין אַ געוויסן טאָג האָט מען אונדז געבראַכט אַ גאַנצן וואָגן מיט אַלטע און האַלב־פאַרפוילטע לעבער. ווען מיר האָבן עס אויפגעגעסן איז געשען אַ נס — די הונ־בלינדקייט איז פאַרשוואונדן געוואָרן.

אַזוי האָבן מיר געאַרבעט און געשקלאַפט אין דעם וויטן פאַרוואָרפענעם פאָסיאָלעק, אינמיטן פון אַ ווילדן וואַלד און אָפגעזונדערט פון דער וועלט. ביז אַ געוויסן טאָג, ווען עמעצער פון אונדז האָט געהערט, ווי די אָרטיקע רוסן האָבן זיך איבערגעגעבן אַ נייעס, וועלכע איז געדרוקט געווען אין דער „סעווערנאַיאַ זוויעזדאַ״. עס איז דאָרט געזאָגט געוואָרן, אַז די דייטשן זענען אָנגעפאַלן אויף רוסלאַנד און עס האָט זיך אָנגעהויבן דער סאָוויעטיש־דייטשער קריג. אונדזער ערשטע רעאַקציע איז געווען פרייד. ערשטנס האָט אַזאַ קריג געקאָנט באַדייטן אַ סוף צו דער נאַצישער הערשאַפט אין פוילן, ווייל קיינער פון אונדז האָט אַנדערש נישט געטראַכט, נאָר אַז די סאָוועטישע אַרמיי, וועגן וועלכער מיר האָבן אַזוי פיל געהערט, וועט טאַקע העלפן צו דער דייטשער מפלה. און צווייטנס האָבן מיר אַלע געהאָפט, אַז דער נייער קריג וועט אויך מאַכן אַ סוף צו אונדזער מעמד, אַז עס וועט פאָרקומען עפעס אַן ענדערונג, ווייל אויסהאַלטן לענגער וואָלטן אַ סך פון אונדז נישט געקאָנט.

אין אַ געוויסן טאָג איז טאַקע געשען דאָס, אויף וואָס מיר האָבן געוואַרט. דער קאָמאַנדיר האָט אונדז צוזאַמענגערופן אויף אַ מיטינג און האָט דערקלערט, אַז עס געשלאָסן געוואָרן אַן אָפמאַך צווישן סאָוועט־רוסלאַנד און פוילן און לויטן געשלאָסענעם פאַקט מיט שיקאָרסקין ווערן מיר באַפרייט פון פאַרשיקונג און יעדער וועט באַקומען אַ דערלויבעניש צו פאָרן אין באַשטימטע געגנטן. די שמחה איז, פאַרשטייט זיך, געווען אין לשער. נאָך די פריערדיקע סטראַשונקעס, אַז דאָ זיינען מיר געקומען אויף אייביק און אַז אונדזערע ביינער וועלן „באַגראָבן ווערן אונטער די יאָלקעס״ — האָבן מיר דערזען די ערשטע שטראַל פון האָפנונג, אַז עס איז נישט אויסגעשלאָסן, אַז מיר וועלן איבערלעבן דעם קריג און מיר וועלן צוריקקומען אין די היימען און צוריק באַגעגענען אונדזערע נאָענטע.

דער זעלבער קאָמענדאַנט, וועלכער איז ביז איצט געווען אַזוי ברוטאַל, האָט זיך פון אונדז אינגאַנצן דערווייטערט און האָט מער נישט געוואָלט האָבן מיט אונדז קיין מגע משא. מיר זיינען ווייטער געגאַנגען צו דער אַרבעט, אָבער די קאָנטראָל איז געווען אַ לויזע און סוף כל סוף האָט מען אונדז געגעבן די רעכט צו פאָרן קיין מיטל און דרום אַזיע. קיינער פון אונדז האָט לאַנג נישט געטראַכט, מיר האָבן איינגעפאַקט אונדזערע קלומיקלעך, זיינען אַוועק צופוס צו דער באַן־ליניע און פון דאָרט זיינען מיר מיט די זעלבע אָפענע וואַגאָנעטקעס צוגעפאָרן צו דער ערשטער סטאַציע, וואו מיר זיינען איינגעשטיגן אין אַ פראַכט־צוג און האָבן ווידעראַמאָל זיך אָנגעהויבן צו שלעפן איבער די גרויסע רוסישע שטרעקעס.

די רייזע אין פאָרגעקומען אין שווערע באַדינגונגען. עס איז שוין געווען דעמאָלט זומער, די היצן האָבן געברענט, די וואַגאָנען זיינען געווען אָנגעפראָפט און שמוציק און פון איצט אָן האָבן מיר געמוזט אַליין זאָרגן וועגן עסן. אויף יעדער סטאַציע פלעגן מיר אַראָפגיין און אויסטוישן אַ מלבוש אויף שפייז. גאַנץ רוסלאַנד איז דעמאָלט געווען אין באַוועגונג. אַלע באַנען און אַלע פאַראַכאָדן זיינען געווען געפאַקט. הונדערטער טויזנטער און מיליאָנען מענטשן זיינען געלאָפן פון מערב אויף מזרח, זיינען אַנטלאָפן פון די אָנגרייפערישע נאַצישע אַרמייען. אויפן וועגן האָבן מיר אויך געזען, ווי מען האָט געפירט גרויסע עשאַלאָנען מיט סאָוועטישע דייטשן, איינוואוינער פון דער רעפובליק ביי דער וואָלגע. די סאָוועטישע מאַכט האָט נישט געהאַט צו זיי קיין צוטרוי, מען האָט זיי אַרויסגעטריבן פון זייערע דערפער און

קאָלכאָזן און אַוועקגעפירט קיין סיביר. אונדזער צוג האָט זיך געשלעפּט איבער צוויי וואָכן, ביז מיר זיינען אָנגעקומען אין אַ שטעטל אויף דער וואָלגע, וואָס האָט געהייסן וואָלסק, אין דער געגנט פון סאַראַטאָוו.

די גאַנצע געגנט איז באַשטאַנען פון דייטשע דערפער, וועלכע זיינען געוואָרן אויסגעליידיקט פון די איינוואוינער. מיר זיינען אַראָפּגעשטיגן אין יענעם שטעטל און האָבן אָנגעטראָפן אויף אַ גרויסער שפע מיט עסן. די פוסטע דערפער, אויסגעליידיקטע פון די מענטשן, זיינען געווען פול מיט שפּייז, מיט הינער, מיט בהמות, מיט גרינוואַרג און מיר האָבן באַשלאָסן, אַז דאָ וועלן מיר בלייבן. נאָך די לאַנגע חדשים פאַרשיקונג און הונגער, האָבן מיר דאָ אָנגעהויבן צו קומען צו זיך. מיר האָבן צום ערשטן מאָל נאָך אַזאַ לאַנגער צייט אָנגעהויבן צו עסן צו דער זעט. מיר זיינען געשלאָפן אין אמתדיקע בעטן און האָבן גענאָסן פון אָפּרו.

אָבער לאַנג האָט דאָס גן עדן נישט געדויערט. דער פראָנט האָט זיך גענומען דערנענטערן, אין די נעכט האָבן מיר געהערט די שיסערייען פון קאַנאָנען און אַ סך פון אונדז, און דער עיקר די פרויען, האָבן מורא געהאַט אַז מיר וועלן ווידעראַמאָל אַריינפאַלן אין די הענט פון די נאַציס. אין יענער צייט זיינען מיר געוואויר געוואָרן, אַז עס איז מעגלעך זיך אַריבערצושמוגלען קיין אַפגאַניסטאַן און מיר זיינען צוגעפאָרן מיט אַ פראַכט־צוג צו דער סאָוועטישער סטאַציע, וואָס האָט זיך געפונען האַרט אויף דער אַפגאַניסטאַנישער גרענעץ. דאָס שטעטל האָט געהייסן קאַרושי. מיר זיינען געווען אַ זיבן־אַכט פאַרפעלקער און אונדזער אָנקומען האָט אַרויסגערופן אַ חשד ביי דער מיליץ. דער סוף איז געווען, אַז מען האָט אונדז צוריקגעשיקט אין אַ שטעטל אין אוזבעקיסטאַן, גוזאַרי. דאָס גאַנצע אוזבעקיסטאַנער שטעטל איז פול געווען מיט טויזנטער און טויזנטער אָנגעלאָפענע פּליטים, דער עיקר יידן. אַלע הייזלעך מיט „טשאיכאַנאַס" זיינען געווען אָנגעפּראָפּט מיט מענטשן. מען האָט זיך געוואַלגערט אין די גאַסן. צווישן די אָנגעלאָפענע האָט געהערשט הונגער און קראַנקהייטן. מיר האָבן גיך באַשלאָסן צו פאַרלאָזן דאָס דאָזיקע אָרט און די באַן האָט אונדז אַוועקגעפירט קיין קאַזאַכסטאַן, אין דער ריכטונג פון אלמא אטא. און דאָרט, נישט ווייט פון דער הויפּט־שטאָט, האָבן מיר דערזען אַ שיינע און אַ העל־באַלויכטענע סטאַציע, דזשאַמבול. די סטאַציע האָט אויסגעזען אַזוי ליכטיק און ריין, אַז מיר האָבן געטראַכט, אַז אויך די שטאָט מוז זיין אַזוי מאָדערן און ליכטיק.

מיר זיינען אַראָפּ פון דער באַן מיט אַלע אונדזערע בעבעכעס און באַלד ווי מיר זיינען אַריבער די שוועל פונעם שטעטל האָבן מיר דערזען די קלאָג: דאָס שטעטל איז געווען שמוציק און אָפּגעלאָזט, פול מיט בלאָטעס און ליימיקע הייזלעך, פון וועלכע אַ סך האָבן נישט געהאַט קיין פענצטער. די שטאָט איז באַוואוינט געווען פון קאַזאַכן, אַ פרימיטיוו פאָלק, וואָס האָט נישט געוואוסט וועגן קיין בעטן אָדער וועגן לעפל און גאָפּל. די רעוואָלוציע האָט דאָ גאָרנישט געענדערט, אַזוי האָט דאָס דאָזיקע פאָלק געלעבט הונדערטער יאָרן פריער און אַזוי האָט עס אויך געלעבט איצט. די שטאָט איז פיל געווען מיט פּליטים. עס איז אונדז נאָך לאַנגע באַמיאונגען געלונגען זיך אַריינצוציען צו אַן אָרעמער קאַזאַכישער פאַמיליע, וועלכע האָט אונדז אָפּגעטרעטן אַ מין „צימער", וואָס האָט געהאַט אינמיטן אַן אָרט אויף אַ פייער אויף צו קאָכן און וואַרעמען זיך. צוליב דעם, וואָס מיר זיינען געווען אינגאַנצן אָן געלט, האָבן איך גלייך גענומען זוכן אַן אַרבעט און מען האָט מיר געגעבן אַ שטעלע אין אַ שניידערישן אַרטעל, צו וועלכן איך האָב יעדן טאָג געמוזט גיין אַהין און צוריק צופוס, אַ־12 קלאָמעטער. ווי אַ קוואַליפיצירטער אַרבעטער האָב איך געקראָגן אַ לוין פון 300 רובל אַ חודש. דאָס איז געווען אַ סומע, וואָס האָט קוים געקלעקט אויף איין טאָג לעבן. דאָס איז אויך געווען דער פאַרדינסט פון אַנדערע, מען האָט געאַרבעט 30

טעג און באַצאָלט מען האָט בלויז פאַר איין טאָג. עס איז נישט געווען קיין אַנדערע עצה, ווי צו זוכן פאַרשיידענע אומוועגן, ווי אַזוי צו פאַרדינען אויפן טעגלעכן ברויט. דאָס גאַנצע רוסישע פאָלק האָט אַזוי געמוזט געפינען זייטיקע וועגן, וואָס איז דער עיקר באַשטאַנען אין האַנדלען אויפן שוואַרצן מאַרק. אַזוי האָבן געטאָן אַלע — פון דעם שוואַרצן אַרבעטער ביז צו טשינאָווניק. די וואָס האָבן דאָס נישט געקאָנט, זיינען אויסגעגאַנגען פון הונגער.

נאָכן אָפּאַרבעטן אַ יאָר אויפן דאָזיקן פּאָסטן בין איך פון דאָרט אַוועק און האָב אָנגעהויבן צו זוכן עפּעס אַנדערש. אַ געווויסן טאָג האָב איך געקויפט אויפן טאָלטשאָק אַן אַלטן און אָפּגעטראָגענעם פּאַלטן, האָב איך אים איבערגעאַרבעט און געפאַרבט און ווען כ׳האָב אים פאַרקויפט, האָב איך באַקומען אַ סך מער, ווי כ׳וואָלט פאַרדינט אויפן פּאָסטן דורך אַ גאַנצן יאָר. כ׳האָב אויך גענומען אַרבעטן צוביסלעך פּריוואַט. איך האָב מיר געשאַפן אַ ניי־מאַשין, וועלכע מען האָט געדאַרפט דרייען מיט דער האַנט. אַרבעטן האָב איך געמוזט אין די נעכט, כדי די שכנים זאָלן נישט דערפון נישט וויסן, ווייל דאָס איז געווען שטאַרק „אומלעגאַל״.

דעם ערגסטן גורל צווישן די יידישע פליטים האָבן געהאַט די פון די „פרייע פּראָפעסיעס״. דאָקטוירים אָדער אַדוואָקאַטן זיינען ממש אויסגעגאַנגען פון הונגער. און די לאַגע איז געוואָרן פון טאָג צו טאָג ערגער. וואָס גרעסער עס זיינען געווען די רוסישע מפּלות אויפן פראָנט, אַלץ מער האָט זיך אָפּגעשלאָגן אויף אונדזער מצב. די איינציקע שפּייז, וועלכע מען האָט געקאָנט באַקומען אויף די קאַרטן איז געווען ברויט. און אויך צום ברויט האָט מען געמוזט שטיין גאַנצע נעכט אין אָטשערעדס; דאָס ברויט אַליין איז געווען פון אַ שלעכטער קוואַליטעט. די בעקערס פלעגן צוגנבענען אַ טייל פון מעל און צוגעבן צום טייג וואָס מער וואַסער, כדי עס זאָל האָבן די וואָג. דער הונגער איז געווען אַזוי גרויס, אַז מען האָט יעדן אין דער פרי געפונען אויף די גאַסן טויטע, געשוואָלענע פון הונגער. די לאַגע האָט זיך אַ ביסל פאַרבעסערט, ווען עס האָבן זיך גענומען שאַפן די פּוילישע קאָמיטעטן. מיר האָבן דעמאָלט אָנגעהויבן צו באַקומען פּעקלעך מיט אַ ביסל מעל, קאָנסערווירטע פיש און אַפילו מלבושים. די אַרטיקע באַפעלקערונג, די קאַזאַכן און די רוסן, האָבן דערויף געקוקט מיט גרויס אייפערזוכט.

אין יענער צייט, דאָס איז געווען אין פעברואַר 1943 איז געבוירן אונדזער ערשט קינד, אונדזער טאָכטער חנה. די לאַגע פון שוואַנגערע פרויען איז געווען אַ ביסל אַ בעסערע, זיי פלעגן קריגן אַ ספּעציעלן פּאַיאָק פון פּוטער, דין מעל און ווייס ברויט. מיטן אַנטשטיין פון די פּוילישע קאָמיטעטן האָט זיך אויך אָנגעהויבן אַ רעגיסטראַציע פון פּוילישע בירגער אין דער ניי־געשאַפענער פּוילישער אַרמיי פון גענעראַל אַנדערס. דאָ אָבער האָבן זיך גלייך אָנגעהויבן דיסקרימינאַציעס קעגן יידן. די פּוילישע אָנפירער פון דער רעגיסטראַציע האָבן נישט געוואָלט אַריינגעמען אין דער אַרמיי קיין פּוילישע בירגער פון יידישן אָפּשטאַם. אַ גאָר קליינע צאָל יידישע פליטים איז דעמאָלט אַוועק קיין קויבישעוו, וואו עס איז געווען דאָס זיץ־אָרט פון דער פּוילישער מאַכט און האָט דאָרט געפועלט, מען זאָל זיי אַריינגעמען. די צאָל זייערע איז אָבער געווען אַ קליינע. אין אַלגעמיין האָבן די פּאָלאַקן גאָר גיך אַרויסגעוויזן זייערע אַנטיסעמיטיש פּנים און האָבן אָנגעהויבן צו באַלעבאַטעווען ווי אַמאָל ביי זיך אין פּוילן. די לאַגע איז נאָך געוואָרן ערגער דערמיט, וואָס די רוסן האָבן אין דער זעלבער צייט אָנגעהויבן צו מאַכן אָבלאַוועס און צו שלעפּן די פליכטלינגע אין די אַרבעטער־באַטאַליאָנען. 6 וואָכן נאָכדעם ווי מיין פרוי האָט געבוירן אונדזער טאָכטער, זיינען אין אונדזער שטוב אַריינגעקומען צוויי נ.ק.וו.דיסטן און האָבן פאַרלאַנגט, כ׳זאָל זיי וויזן דעם פּאַס. זיי האָבן גוט געוואוסט, אַז כ׳האָב נישט קיין שום פּאַס, ווייל כ׳בין אַ ביעזשעניעץ. זיי האָבן מיך דעריבער גלייך אַרעסטירט און אַוועקגעפירט אין תפיסה.

אין אַ צימער, אין וועלכן עס וואָלטן געקאָנט אַריין אַ 20 מענטשן האָט מען אַריינגעשיקט ביז 200 אַרעסטאַנטן. די באַדינגונגען זיינען געווען שוידערלעכע. און דאָרט, אין די דאָזיקע באַדינגונגען האָט מען אונדז ווידעראַמאָל פאָרגעלייגט צו „נעמען" סאָוועטישע פּעסער. די מערהייט האָט דאָס אָבער נישט געוואָלט, ווייל יעדער פון אונדז האָט גוט געוואוסט, אַז מיטן מאָמענט, ווען מיר וועלן אָננעמען רוסישע בירגערשאַפט רייסן מיר איבער דעם לעצטן פאָדעם מיט די פאַרגאַנגעהייט. פון די שרעקלעכע באַדינגונגען און פון דעם שמוץ אין דער צעלע, בין איך אין אַ פּאָר טעג אַרום קראַנק געוואָרן אויף אַ געפערלעכן סאָרט דעזינטעריע און דער תפיסה־דאָקטאָר האָט מיר אָפּגעזאָגט דאָס לעבן. ווען די תפיסה־קאָמענדאַטור איז שוין געווען זיכער, אַז כ'וועל שטאַרבן, האָט מען מיך אַריינגעפירט אין דער קאַנצעלאַריע און דאָרט האָט מען מיר געזאָגט, אַז מען באַפרייט מיך צייטווייליק ביז כ'וועל געזונט ווערן. דעמאָלט מוז איך מיך אַליין צושטעלן אין תפיסה אַריין.

דער וועג אַהיים איז געווען בלויז אַ 4 קילאָמעטער אָבער איך האָב מיך געשלעפּט איבער 8 שעה. אין דער היים בין איך אָפּגעלעגן אַרום 12 וואָכן. דער אַרויסגערופענער דאָקטאָר האָט געזאָגט, אַז ס'איז אַ שאָד יעדער אויסגעגעבענער רובל, ווייל די קראַנקהייט איז אומהיילבאַר. אָבער עס איז אונדז געלונגען צו קריגן אַ דאָקטאָרין, וועלכע פלעגט קומען פאַרטאָג און קויפן פאַר מיר אויפן שוואַרצן מאַרק די נויטיקע מעדיקאַמענטן. דער סוף איז געווען, אַז נאָך אַ דריי חדשים בין איך געזונט געוואָרן, כאָטש די שוואַכקייט האָט מיך נישט אָפּגעלאָזט. צוליב דעם, וואָס די אָבלאַוועס פון דער נ.ק.וו.ד. האָבן זיך נישט אָפּגעשטעלט, זיינען מיר אַוועק אַ־70—80 קילאָמעטער פון דער שטאָט, אין אַ קאָלכאָז אַריין, וואו מען האָט אונדז „איינגעאָרדנט" אין מין סטאָדעלע אָן פענצטער, אויף אַ באַרג שטרוי, פול מיט ראָיעדיקע אינסעקטן דער שמוץ און דער הונגער זיינען דאָרט געווען אַזוי גרויס, אַז מיר האָבן באַשלאָסן צוריקצופאָרן קיין דזשאַמבול נישט געקוקט אויף די אָבלאַוועס. דאָרט איז מיר געלונגען צו באַקומען אַ פּאָסטן אין אַ שניידער־אַרטעל, וואָס האָט געהערט צו דער איינזנבאַן. מען האָט געזאָגט, אַז דער „אַרטעל" איז אַ „בראָנירטער" דאָס הייסט, אַז ער באַפרייט פון אַרבעטער־באַטאַליאָן, אָבער אַ געוויסן טאָג זיינען אינמיטן דער אַרבעט געקומען נ.ק.וו.ד. לייט, מען האָט ביי אונדז צוגענומען אַלע דאָקומענטן, אָפּגעשיקט אין „וואָיענקאָמאַט" און פון דאָרט אין אַן אומבאַקאַנטער ריכטונג. אויפן וועג, אין פּראַכט־צוג, זיינען מיר געוואויר געוואָרן, אַז מען פירט אונדז אין די קוילן־שאַכטן קיין קאַראַגאַנדע. נאָכן אָפּפאָרן אַ־ 120 קילאָמעטער בין איך אַרויסגעשפּרונגען פון דער באַן און נאָכן אָפּוואַנדערן עטלעכע נעכט (ווייל בייטאָג האָב איך מורא געהאַט מיך צו רירן אָן אַ דאָקומענט) בין איך צוריק אָנגעקומען אַהיים. פון איצט אָן האָב איך מיך גענומען אויסבאַהאַלטן, כבין געשלאָפן אויף אַ בוידעם און אַזוי אַרום האָב איך אויסגעמיטן די כסדר אָנגייענדיקע אָבלאַוועס. אין אַ צייט אַרום האָבן מיר געשלאָסן באַקאַנטשאַפט מיט אַ פרוי אַ נאַטשאַלניק פון דער פּאַספּאָרטן־אָפּטיילונג און דורך איר — פאַרשטייט זיך מיט דער הילף פון כאַבאַר — האָב איך באַקומען אַ פּוילישן פּאַס, וואָס האָט מיר געגעבן די רעכט זיך איינצומעלדן און אויך צו באַקומען אַ ברויט־קאַרטע. דאָס האָט מיך אָבער ווייטער נישט באַפרייט פון די אָבלאַוועס. מען האָט מיך נאָך עטלעכע מאָל געכאַפּט, אָבער איך בין יעדעס מאָל אַנטלאָפן. איין מאָל האָט מען מיר אַפילו נאָכגעשאָסן, אָבער כ'האָב באַשלאָסן פאַר קיין שום פּרייז נישט צו לאָזן מיך כאַפּן אין דער פאַסטקע פון זייערע לאַגערן.

אַזוי אַרום האָט זיך דערנענטערט דאָס יאָר 1944. די מאַטעריעלע לאַגע האָט אָנגעהויבן צו ווערן אַ ביסל בעסער, ווייל עס האָבן זיך גענומען אומקערן פאַרוואונדעטע סאָלדאַטן פון פראָנט און זיי האָבן מיט זיך מיטגעבראַכט פאַרשיידענע זאַכן, אַפילו

שטאָפּן און מען האָט אָנגעהויבן דערפון צו נייען מלבושים. עס האָט זיך אויך אָנגעהויבן צו פאַרגרעסערן דער האַנדל, די סאָלדאַטן אַליין האָבן זיך אַוועקגעשטעלט אויפן טאָלטשאָק און די שטאָט האָט אַ ביסל אויפגעלעבט. אַ געוויסן טאָג, ווען קיינער האָט זיך אויף גאָרנישט געריכט, האָבן מיר פּלוצלונג דערהערט אַ געטומל אויף די גאַסן און מען האָט זיך דערוואוסט, אַז די מלחמה איז געענדיקט. די דייטשן האָבן קאַפּיטולירט.

די סצענעס זיינען געווען אומאַשרייבלעכע. דאָס גאַנצע רוסישע פאָלק האָט געיובלט און האָט גלייכצייטיק געוויינט: פאַר שמחה, וואָס ס'איז געקומען אַ סוף צו דער בלוטיקער מלחמה און פאַר טרויער — וואָס אַזוי פיל היימען האָבן פאַרלוירן זייערע מענער און זין. פאַר אונדז, פּוילישע יידן האָבן פּלוצלונג אויפגעלויכטן די גרויסע האָפענונג, אָט דערנענטערט זיך דער טאָג, ווען מיר וועלן פאָרן אַהיים, אין אונדזערע שטעט און שטעטלעך, וואו מיר וועלן נאָך אַזוי פיל בלוטיקע און גרויזאַמע יאָרן ווידער באַגעגענען אונדזערע נאָענטע. מיר האָבן פון צייט צו צייט געהאַט באַקומען ידיעות וועגן די דייטשע רציחות, אָבער קיינער פון אונדז האָט זיך נישט פאָרגעשטעלט, אַז די רציחה איז געווען אַזאַ טאָטאַלע.

אָבער טראָץ דעם, וואָס דער קריג האָט זיך געענדיקט האָט זיך אונדזער לאַגע נישט פאַרבעסערט. די אָבלאַוועס זיינען אָנגעגאַנגען ווייטער און מען האָט זיך כסדר געדאַרפט אויסבאַהאַלטן פאַר די כסדרדיקע אַרומלויפנדיקע נ.ק.וו.דיסטן אין יענע טעג האָט מען גענומען הערן וועגן יידן, וועלכע האָבן געשוואַרצט די גרענעץ צוריק קיין פּוילן.

דורך אונדזער אַ באַקאַנטן פּוילישן ייד, וועלכער איז געשטאַנען אין שפּיץ פון אַ פּוילישן קאָמיטעט האָבן מיר זיך אַרויפבאַקומען אויף אַ ליסטע פון „מיליטערישע פאַמיליעס" וואָס זיינען באַשטימט געוואָרן צוריקצופאָרן קיין פּוילן. מיר זיינען מיט איינעם פון די ערשטע טראַנספּאָרטן אַרויסגעפאָרן פון דזשאַמבול, ווידעראַמאָל אין פראַכט־וואַגאָנען, וועלכע האָבן אונדז גענומען פירן אויף צוריק — קיין פּוילן. אין די וואַגאָנען זיינען אויך געווען פיל פאַ־



גרופּע גאַמבינער נאָך דער באַפרייאונג ביי אַ צוזאַמענקום אין לאָדזש, אין 1946.

לאַקן, וועלכע האָבן זיך פון אָנהייב אויפ־געפירט פריינדלעך און מילד, אָבער מיטן מאָמענט ווען מיר זיינען אַריבער די גרע־נעץ, האָבן זי געעפנט זייערע אַנטיסעמי־טישע מיילער און מען האָט ווידער גענומען הערן דעם זעלבן אַלטן פזמון, וועגן „די זשידעס", וואָס זיינען שולדיק אין אַלע צרות; אַז דער קריג איז אויסגעבראָכן צו־ליב די זשידעס; און אַז די זשידעס האָבן מיטגעאַרבעט מיט די רוסן.

ביי דער פוילישער גרענעץ איז פאָר־געקומען די לעצטע רעוויזיע און די באַן איז איבערגענומען געוואָרן דורך פוילישע אָפיצירן. דאָ האָבן זיי גלייך אַרויסגעוויזן זייער מאַכט. יעדער פוילישער פּאַסאַזשיר איז געווען פריי צו פאָרן, וואו ער האָט גע־וואָלט, אָבער די יידן האָט מען אַוועקגע־פירט ווי אַ טראַנספּאָרט קיין נידערשלעזיע, אין דער שטאָט וראָצלאַוו. דער ערשטער באַגעגנטער מענטש, וועלכן מיר האָבן באַ־געגנט נאָכן אַראָפּגיין פון דער באַן, איז געווען אַ פּאָלאַק, וועלכער האָט אונדז אָנ־געקוקט און געזאָגט: „מאָשעק, יעשטשע זשיעש?" (משה דו לעבסט נאָך?).

דעם דאָזיקן צינישן „משה, דו לעבסט נאָך" האָבן מיר געהערט אויף טריט און שריט. ווען מיר האָבן זיך דערוואוסט, אַז גאָמבין איז ליידיק פון יידן, און אַז אויף דער דאָזיקער ערד, וואָס איז אַדורכגע־זאַפּט מיטן בלוט פון אַ גאַנץ יידיש פאָלק, לויערן נאָך טויט־געפאַרן אויף די רעשט־לעך פון די על פי נס געראַטעוועטע, האָבן מיר צו זיך געזאָגט: ניין, דאָ אויף דער ערד, וואָס איז דאָס מאַסן קבר פון אַלע אונדזערע נאָענטסטע, וועלן מיר אונדזער קינד נישט דערציען. דאָ וועלן מיר נישט בלייבן".

א. י.

# הרב יהודה לייב זלאָטניק

הרב יהודה לייב זלאָטניק איז געבוירן געוואָרן אין פּלאָצק, אָבער דער נאָמען פון דאָזיקן מערקווירדיקן ייִד און געלערטן איז ענג פאַרבונדן מיט דער שטאָט גאָמבין. און דאָס איז נישט בלויז דערפאַר, ווייל ער איז געווען גאָמבינער רב פון יאָר 1911 ביז 1918. נאָר אויך דערפאַר, וואָס ער האָט צווישן זיינע וויסנשאַפטלעכע אַרבעטן אַ סך געשריבן און געשאַפן וועגן דער שטאָט גאָמבין.

הרב זלאָטניק איז געבוירן געוואָרן דעם 8טן יאַנואַר 1883 צו דריי יאָר איז ער געוואָרן אַ יתום נאָכן פאָטער, אברהם יצחק זלאָטניק און ער איז דערצויגן געוואָרן דורך זיין מוטער, חנה־נעכע, וועלכע האָט געמוזט באַשפּייזן אַ הויזגעזינט פון 10 קינדער.

ביז 10 יאָר האָט דער קליינער יהודה לייב געלערנט אין חדר דערנאָך איז ער אַוועק צו זיין עלטערן ברודער יונה מרדכי, וועלכער איז געווען רב אין שטעטל זאַקראָטשים. אין יאָר 1910, ווען ער איז אַלט געווען 27 יאָר, האָט ער אויסגעהאַלטן אַ מלוכהשן שול־עקזאַמען און איז אַוועק לערנען אין דער וואָלאָזשינער ישיבה. און מיט אַ יאָר שפּעטער טאַקע, אין יאָר 1911 איז דער נאָמען זיינער פון אַ שאַרפן למדן געוואָרן אַלע באַקאַנט אַז ער איז אויסגעקליבן ווי דער רב פון גאָמבין, וואו ער איז פאַרבליבן גאַנצע 8 יאָר, ביז 1919. ער איז אָבער געווען נישט בלויז רב, ער האָט אויך זייער פיל אויפגעטאָן אויפן געזעלשאַפטלעכן באָדן, ער האָט אָרגאַניזירט און אַנטוויקלט די ציוניסטישע באַוועגונג און איז געווען איינער פון די מנהיגים פון גייסטיקן און קולטורעלן לעבן אין גאָמבין.

אין יאָר 1920 האָט יהודה לייב זלאָטניק געגרינדעט דעם „מזרחי״ אין פּוילן און איז געוואָרן דער גענעראַל־סעקרעטאַר פון דער ניי־געשאַפענער פּאַרטיי. דער דאָזיקער אַמט האָט אים געצווינגען צו פאַרלאָזן גאָמבין און צו באַזעצן זיך אין וואַרשע. אין די יאָר 1925, 1929, 1931 און 1935 איז ער געווען אַ דעלעגאַט אויף ציוניסטישע קאָנגרעסן, אַחוץ דעם האָט ער אין שליחות פון „מזרחי״ געמאַכט אַ סך רייזעס איבער פאַרשיידענע לענדער. סוף 1920 איז ער אויסגעקליבן געוואָרן ווי דער נשיא פון „מזרחי״ אין קאַנאַדע און ער האָט זיך באַזעצט אין מאָנטרעאָל. ער איז אָבער געווען אַן „אומרואיקע נשמה״ און עס איז אים שווער געווען איינצוזיצן אויף אַן אָרט. אין 1925 האָט ער באַזוכט דרום־אַפריקע, אין 1935 — אַרגענטינע און אין 1946 — אויסטראַליע. דאָס אַלץ האָט ער געטאָן אין די אינטערעסן פון דער צוויניסטישער באַוועגונג.

פון יאָר 1938 ביז 1949 איז ער געווען דער אָנפירער פון יידיש־רעליגיעזער דערציאונג אין יאָהאַנעסבורג — דרום־אַפריקע. און פון יוני 1949 ביזן סוף פון זיין לעבן איז ער געווען אין מדינת ישראל.

יהודה לייב זלאָטניק איז אָבער געווען נישט בלויז אַ ציוניסטישער מנהיג. ער איז אויך געווען אַ קרעפּטיקער שרייבער און וויסנשאַפטלער. ער האָט אָנגעהויבן צו שרייבן זייער יונג. אין עלטער פון 17 יאָר האָט ער אָנגעשריבן אויף העברעאיש די ביאָגראַפיע פון ישו הנוצרי. ער האָט אָבער דאָס בוך נישט פאַרעפנטלעכט צוליב טעמים פון צענזור. ער האָט אויך אין יענער צייט געשריבן לידער אויף העברעאיש און יידיש. אייניקע זיינען געדרוקט געוואָרן אין העברעאישן זשורנאַל „הקול״.

אין יאָר 1915 האָט ער אָנגעהויבן צו שרייבן אַרטיקלען וועגן ציוניסטישע פראַגן אין דער לאָדזשער צייטונג „פאָלקסבלאַט“ אָבער דער עיקר — און דאָס איז געווען די סאַמע וויכטיקסטע אַרבעט זיינע — ער האָט אָנגעהויבן צו שרייבן וואָגיקע און אינ־טערעסאַנטע אַרבעטן וועגן יידישן פאָלק־לאָר. ער איז געוואָרן אַ מיטאַרבעטער פון די „זאַמלביכער“ פון באַרימטן יידישן פאָלקלאָר־פאָרשער, ד״ר נח פרילוצקי. ער האָט אויך אַרויסגעגעבן אַ גאַנצע ריי בי־כער אויף טעמעס פון יידישן פאָלקלאָר ווי „יידישע מאכלים“, „דער וואונדער־אוצר פון דער יידישער שפּראַך“ און פיל אַנ־דערע.

פון זיין ליבע צו פאָלקלאָר האָט אויך געגאָסן די שטאָט גאָמבין, ווייל זייענדיק גאָמבינער רב האָט ער געפאָרשט די ווייַ־טע פאַרגאַנגענהייט פון דער שטאָט, האָט געפאָרשט אַלטע דאָקומענטן, פּנקסים און די מצבות אויפן אַלטן בית עולם.

הרב יהודה לייב זלאָטניק, וועלכער האָט אויך געשריבן אונטער די נעמען ד״ר יהודה עלזעט און יהודה אבידע, האָט אַזוי אַרום דאָס גרויסע פאַרדינסט, וואָס אַ דאַנק זיינע פאָרשונגען איז מעגלעך געווען צו שאַפן זיך אַ בילד פון גאָמבינס ווייטער פאַרגאַנגענהייט.



די מצבה פון פּנחס שאַכער אויפן גאָמ־בינער בית־עולם (געבליבן נאָכן חורבן)

אברהם שולמאַן

# רייזל זשיכלינסקי

רייזל זשיכלינסקי, אונדזער גאָמבינער־געבוירענע דיכטערין, פאַרנעמט אַ גאָר וויכטיק אָרט אין דער יידישער פּאָעזיע. נישט לאַנג צוריק האָט זי אַרויסגעגעבן אַ ניי בוך לידער אונטערן נאָמען „שווייגנדיקע סירן״.

דאָס בוך האָט אַרויסגערופן אַ סך באַגייסטערונג ביי יידישע קריטיקער און ביי די פאַרערער פון איר פּאָעזיע.

מיר גיבן דאָ ווייטער אויסצוגן פון אַ גרעסערער אָפּשאַצונג פון יידישן שרייבער און ליטעראַטור — קריטיקער אַבֿרהם שולמאַן.

## די לידער פון רייזל זשיכלינסקי

עס איז אוממעגלעך צו לייענען רייזל זשיכלינסקיס אַ ליד און נישט צו ווערן צערודערט באַלד ביי די ערשטע צוויי אָדער דריי שורות. אָט זיינען ווי אַ ביישפּיל די אָנהייב־טענער פון אירס אַ ליד ווינקלען פיר, וואָס האָט נישט מער ווי עלף פערזן: „דער ים האָט אַלע גרענעצן פאַרגאָסן, די נאַכט האָט אַלע וואָקזאַלן אויסגעלאָשן״. אָדער אַן אַנדערער קורצער אָנהייב פון אַ ליד, וואָס האָט נישט מער ווי 8 שורות: „ביז איך וועל צוקומען צו דער בריק וועט זי שוין נישט זיין״. אָדער: „אַלץ איז גרייט. פאַר געבורט אָדער טויט?״ אָדער: פרעגט נישט קיין שטומען אויף קיין גאַס — דערשרעקט נישט, צעטומלט נישט דעם קאָנטינענט״. אָדער: „אַלע ביימער וואַרטן אויף גאָט״. דאָס זיינען בלויז עטלעכע ביישפּילן פון געציילטע ווערטערדיקע רענדלעך, וואָס גיבן פּלוצעם אַ פראַל אויף אַן אומגעריכט און אַ דערשיטערנדיק בילד אָדער צושטאַנדן פון אַ דערשיטערט געמיט.

***

די ווערטער־באַהעפטונג אין אירע לידער זיינען אומגעריכטע, די בילדער זיינען נישט־געוויינלעכע און אויסטערלישע, אָבער צוזאַמען מיטן געפיל פון דער אויסטערלישער אומגעריכטקייט דערפילט מען ביים לייענען אירע שורות, אַז דאָס האָט אונדז די דיכטערין בלויז געהאָלפן צו פאַרוואַנדלען אין ווערטער אונדזערע אַרויפגעצוואונגענע און אומבאַהאָלפענע איינדזלען פון שווייגן.

אָט איז אַ ליד פון רייזל זשיכלינסקי, וואו די פּשוטע ווערטער פאַלן זיך צוזאַמען ווי אין אַ קורצשלוס און רייסן אויף אַן אומגעריכטע איבערלעבונג. דאָס ליד האָט נישט מער ווי צען שמאָלע שורות און הייסט פאַרן שפּיגל:

וויפל פרויען האָבן שוין דערזען
די ערשטע גרויע האָר
אין די קאַלטע אויגן פון דעם שפּיגל.
עס ענדיקט זיך דער חלום,
מיר טרעטן אַריין אין דער וואָר —
די וועלט ווערט קלאָר און ווייס,
דאָס וואַסער ווערט געפרוירן.
אַ בלוי שטיק אייז
ווערט אונדזער שיף.

דאָס ליד איז אַ קורצער און קנופּיקער סך־הכל פון אַ מענטשלעכער דראַמע. פון דער דראַמע פון אַלט ווערן, פון דער דראַמע פון פאַרגיין. דאָס איז די דראַמע פון מענטשלעכער ברעכלעכקייט, וועלכע לויפט איבער אונדז און וואָס פאַרוואַנדלט „אונדזער שיף אין אַ בלוי שטיק אייז״. דאָס קורצע ליד איז די „סומא סומארום״ פון אַ גאַנצן ביאָלאָגישן טראַקטאַט מיט אָנגעשפּאַרנטע ניהיליסטישע שטעכעלקעס, דאָס ליד האָט דעם ים מיט די פלייצנדיקע

ווערטער אַראָפּגעזעצטע ערגעץ אויף אַ דנאָ. אויף דער אויבערפלאַך זיינען פאַרבליבן די געציילטע שפּיצן פון קורצע, אָנטפּלעקערישע ווערטער.

אַן ע:לעך אויפטרייסלענדיק ליד, אַן אומפאַרגעסלעך ליד, אַ ליד, וואָס גיט פּלוצעם אַ צעשויבער און אַ צערודער און אַ צעצווייג אונדזערע אַראָפּגעדריקטע און אומהיימלעכע אומרועז, איז אַ ליד, וואָס האָט ניט מער ווי געציילטע עטלעכע און צוואַנציק ווערטער:

ביינאַכט
ווען איך שלאָף
וואַכט ביי מיין בעט
מיין סקעלעט.
מיט ווייסע קני —
אַ ווייסער פידל.
פון די אויגן־לעכער
שטראַלט די לבנה־סאָנאַטע
אין מיין חלום.

דאָס בילד איז נישט בלויז אַ רגעדיקע האַלוצינאַציע. דער „ביינערדיקער סקעלעט מיט די ווייסע קני" שטייט צוקאָפּנס פון אַלע זשיכלינסקיס לידער. איר פּאָעזיע איז באַהאָפטן מיט טויט, מיט פאַרגענגלעכקייט, מיט הויערנדיקע אומרוס, זשיכלינסקי איז דורכאויס אַן אינדיווידואַליסטישע דיכטערין. אירע איבערלעבונגען זיינען אירע פערזענלעכע. זי זוכט נישט קיין אָנטשעפּ־קלאַמערן מיט אַנדערע מיטמענטשן, די בילדער אין אירע לידער זיינען נאַקעטע, מענטשן־ליידיקע פּייזאַזשן אָדער פאַרגליווערטע שטיל־לעבנס. און אויב ס'באַווייזט זיך אַמאָל אין אַ ליד אירס אַ מענטש, איז עס אַ מענטש, געזען פון הינטערווייטלעכס ווי אויף די לייוונטן פון גרויסן מיזאַנטראָפּ־אוטריללאָ.

דער זין פון אירע לידער גרענעצט אַ סך מאָל מיט וואַנזין. די פאַרבן זיינען ביןהשמשותדיקע. די פילאָזאָפיע פון אירע לידער איז די פילאָזאָפיע פון ווייסע קליניקס, פון סקאַלפּעלס, פון כירורגיע, עס איז אָבער אינטערעסאַנט, אַז טראָץ דעם, טראָץ איר נאַקעטער איינזאַמקייט, איז רייזל זשיכלינסקי נישט קיין אַסאָציאַלע דיכטערין. אויפן ווייטן הינטערשלאַק פון אַ סך פון אירע לידער באַוועגן זיך — ווי אויף אַ פלאַכער, כמעט אומוואַרשיינלעכער וואָר — געשטאַלטן פון „לאַנגע, הייסע נעגער", „גרויע פרויען פון די שעפער", „אַלטע לייט, דורכזיכטיקע, וואָס גייען פון שווייגן צו שווייגן", אַן „אַראָפּגעטריבענער שיכור פון די קלויסטער־

רייזל זשיכלענסקיס גאָט? — „יעדן פרימאָרגן טו איך תפילה צו דעם קוימען, צו דעם געטלעכן נאַר אויף מיין דאַך". איר באַגער? — „כ'וויל זיין אַ נעגערין, מיט געלע אויגן טרינקען לבנות". די פרייד פון דער דיכטערין? — „דער דיאַלאָג פון מענטשנס לייכטער מיט די גרינע קרעלן איז עלטער פון מיר. און וועט אָנגיין נאָך מיר. ציטער איך פון גליק, וואָס די זון נעמט מיך אַריין אין זייער מיט". איר באַגלייטנדיקער פּייזאַזש?:

די זון איז אונטערגעגאַנגען
אין איר לעצטן רויט.
די פייגל זיינען אַריבערגעפלויגן
פון גרוי צו שוואַרץ
און שטיל געוואָרן.
דער אומזעבאַרער,
וואָס קוקט אויף אייביק אָן
וואָס וועט ער איצט טאָן
מיט אונדזער האַלדז?

***

די יידישע פּאָעזיע האָט אין אַלגעמיין מזל צו גוטע דיכטערינס, אָבער פון אַלע יידישע דיכטערינס שטייט רייזל זשיכלינסקי אויף אירס אַן אייגענעם, אָפּגעטיילטן און איזאָלירטן אינזל. עס איז מערקווירדיק, וואָס אונדזערע פרויען־פּאָעטינס זיינען אין אַלגעמיין ווייניקער ליריש ווי די מענער. זיי זיינען אַ סך מער גריבלעריש, מער פאַרקנעטן אין אַ טראַדיציאָנעלער און אַפילו גמרא־יידישקייט. רייזל זשיכלינסקי איז די יידישע סעקולאַרע דיכטערין. זי איז אונדזער „פענצטער צו דער וועלט" וועלכע עס איז איצט מאָדיש געוואָרן צו פאַרקלאַפּן מיט פּובליציסטישע כלומרשט־רעליגיעזע ברעטער. רייזל זשיכלינסקי איז אַ קינד און

אַ שוועסטער פון רעמבאָ, פון ווערלען, פון וואַלערי, און פון רילקע. רייזל זשיכלינסקי איז אַ יידישע דיכטערין, אָבער איר יידישקייט ליגט נישט אין קיין פאַרפּאָעטישטע תרי״ג מצוות, נאָר אין אַ טיפן הומאַניזם. אין אַ הומאַניזם, וואָס באַפעלט איר נישט צו פאַרגעטערן אונדזערע בערדיקע אָבות, נאָר זיך אָנצונעמען פאַר דער קריוודע פון „דער קליינער הגר, וואָס בלאָנדזשעט נאָך אַלץ אין דעם גרויען מדבר און וויינט״, אָדער פון דער קריוודע פון עשׂיון, וועלכער „איז געלאָפן פון פעלד מיט דעם געפאַנג... אָ זאָל, מיך אויך בענטשן דער אַלטער פאָטער יצחק!... צו שפּעט — האָט געזשומעט אַ פליג, וואָס האָט געלעקט די לעצטע שטיקלעך ברכה פון דעם טעלער, צו שפּעט. עשו האָט געוויינט״.

רייזל זשיכלינסקי איז אַ גרויסע יידישע דיכטערין. עס איז אַ פאַרגעניגן אָנצושרייבן דאָס ביליק־געוואָרענע אינפלאַציע־וואָרט „גרויס״ און פילן, אַז דאָס מאָל האָט עס זיין פולן ווערט.

---

מ. גייער

# העניעך גאָלדשמידט

ביז מיין אָפּפאָר קיין אַמעריקע אין 1921 בין איך אומצערייסבאַר געווען פֿאַרבונדן מיט העניעך גאָלדשמידטן אין גאָמבין. צוזאַמען זיינען מיר געשטאַנען ביי דער בונדישער אַרבעט, צוזאַמען דורכגעמאַכט אַרעסטן. נאָך אַ פּאָליטישן אַרעסט בין איך אָפּגעפאָרן, אין 1921, קיין אַמעריקע. אָבער מיין פֿאַרבינדונג מיט העניעך גאָלדשמידטן איז נישט איבערגעריסן געוואָרן. דאָס אידילישע פּוילישע שטעטל צווישן וועלדער איז געווען טיף איינגעבאַקן אין האַרצן פֿון יעדן גאָמבינער, וואָס האָט פֿאַרלאָזן די אַלטע היים. מיט פֿרייד האָבן מיר גאָמבינער אין אַמעריקע אויפגענומען די דערקוויקנדיקע נייעס, אַז אונטער דעם וואַכזאַמען אויג פֿון העניעך גאָלדשמידטן לעבט ווייטער אין אונדזער שטעטל יענע אידעאַליסטישע באַוועגונג, וואָס מיר האָבן געהאָלפֿן בויען. פֿון דאַנען, פֿון אַמעריקע, האָבן מיר זיי מיטגעהאָלפֿן בויען. פֿון דאַנען, פֿון אַמעריקע, האָבן מיר זיי מיטגעהאָלפֿן אָנהאַלטן זייער קאַמף, זייערע אָרגאַניזאַציעס.

העניעך גאָלדשמידט איז געקומען צום „בונד" אויף אַן אייגנאַרטיקן אופֿן. געבוירן אין יאָר 1889 ווי אַ קינד פֿון אַן אָרעמען אָבער „שיינעם ייד". (זיין טאַטע איז געווען אַ גמרא מלמד), איז העניעך געווען אַ פֿרומער ייִנגל, ווען איבער די שטעט פֿון צאַרישן רוסלאַנד האָט זיך אַ טראָג געטאָן דער הייסער אָטעם פֿון דער רעוואָלוציע אין 1905. אין שטאָט האָט מען גערעדט וועגן אַ געהיימניספֿולער חברה „אַחדות", וואָס באַשטייט פֿון יונגעלייט, וועלכע גלויבן נישט אין גאָט, ווילן אַראָפּוואַרפֿן דעם קיסר און זאַמלען זיך יעדן שבת אין די גאָמבינער וועלדער, וואו זיי רויכערן אין געהיים פּאַפּיראָסן און זינגען „פֿאַרשייטע" לידער.

דאָס פֿרומע בחורל, דעם גמרא־מלמדס זון, האָט זיך אַריינגענומען אין קאָפּ אַריין, אַז ער מוז אויפזוכן דעם „קיסר" פֿון דער חברה „אַחדות" (אַזוי האָט מען גערופֿן אין שטעטל דעם פֿירער און גרינדער פֿון „בונד" אין גאָמבין, יאַקוב ראָטבאַרד, איצט אין פּיטסבורג) און אים אַרויספֿירן אויפֿן גלייכן וועג. געזאָגט און געטאָן. העניעך גאָלדשמידט האָט זיך דערשלאָגן צום „קיסר" פֿון דער אַחדות. אָבער דער רעזולטאַט איז געווען אינגאַנצן אַן אַנדערער ווי דאָס פֿרומע בחורל האָט לכתחילה געפּלאַנט. נישט ער יאַקוב ראָטבאַרדן, נאָר יאַקוב ראָטבאַרד האָט אים געוויזן דעם ריכטיקן וועג אין לעבן. העניעך גאָלדשמידט ווערט אַ בונדיסט.

פֿון גרונט אויס אַ מענטש, וואָס האַט געשטרעבט צו גאַנצקייט, האָט העניעך גאָלדשמידט זיך נישט געוואָלט באַנוגענען בלויז מיט אָננעמען דעם סאָציאַליזם אַלס אידייע. עס האָט נישט לאַנג געדויערט און ער האָט געמאַכט אַ צווייטן שריט — ער איז געוואָרן אַן אַרבעטער.

גאָמבין איז געווען אַ וואַלקער־שטעטל. אין צאָל איז דאָס וואַלקער־פֿאַך אין גאָמבין נישט געווען גרויס. אָבער דאָס ביסל וואַלקערס, וואָס זיינען געווען, זיינען געווען פּראָגרעסיוו, רעוואָלוציאָנער. העניעך גאָלדשמידטס ביישפּיל האָבן נאָכגעטאָן אַנדערע ישיבה־בחורים. דער וועג אין גאָמבין האָט געפֿירט פֿון דער ישיבה צו וואַלקעריי.

אַ שטילער, געלאַסענער מענטש איז העניעך אַריין אין דער באַוועגונג מיט פֿיל אינערלעכן פֿייער. ווען די ערשטע גרינדער פֿון דער באַוועגונג זיינען אַוועק נאָכן יאָר 1905, ווערט ער די נשמה פֿון דער בונדי־

שער באַוועגונג אין שטאָט. נישט קיין עפנטלעכער רעדנער צוליב אַן אָרגאַנישן פעלער וועלכן ער האָט געהאַט (ער האָט אַ ביסל געשטאַמלט), האָט הענעך געהאַט אַן אומגעהויערע קראַפט צו באַווירקן מענטשן און זיי אַריינצוציען אין דער באַוועגונג. אין די שווערסטע יאָרן נאָך דער דורכגעפאַלענער רעוואָלוציע פון 1905, האָט הענעך אונטערגעהאַלטן די אינטימסטע פאַרבינדונג מיט דער שטעטלדיקער יוגנט, געוועקט אין איר בענקשאַפט צו אַ שענער לעבן. אַרויסגערופן ביי איר אינטערעס צו אַ שיין בוך, צו פּאָליטישע פּראָבלעמען, צו דער אַרומיקער וועלט. יעדן שבת האָט מען געקענט זען גאָלדשמידטן אין וואַלד, אַרומגערינגלט מיט גרופּן יוגנט — לייענען פאַר זיי אַ בוך, אַן אינטערעסאַנטן אַרטיקל, אָדער סתם פירנדיק אויפקלערונגס־אַרבעט.

אין 1908 האָט גאָלדשמידט צום ערשטן מאָל זיך אַרויסגערוקט אויבנאָן פון אַ פאַרביטערטן אַרבעטער־קאַמף. אין שטאָט האָט דאַן עקסיסטירט אַן אומלעגאַלער פּראָפעסיאָנעלער פאַראיין (אַ יוניאָן), וועלכער האָט אַרומגענומען אַלע פאַכן. דער פאַראיין, אָנגעפירט פון אַ „ביוראָ" אין שפּיץ פון וועלכן עס איז געשטאַנען אַ פאַרטרעטער פון „בונד", האָט לאַנגע צייט געפירט די אַרבעטער צום ווידערשטאַנד קעגן די פאַרריסענע באַלעבאַטים. מיר האָבן געעפנט פאַר די אַרבעטער אַ פרייע קיך און מיר האָבן איינגעקויפט מאַשינען פאַר אַן „אַרטעל". הענעך איז געווען דער אָנפירער פון גאַנצן קאַמף.

אין 1909 האָט גאָלדשמידט צוזאַמען מיטן שרייבער פון די שורות געמוזט פאַרלאָזן די שטאָט צוליב אַ מסירה פון די באַלעבאַטים. שפּעטער אָבער זיינען מיר צוריקגעקומען אַהיים און דורך די שווערסטע רעאַקציע־יאָרן האָבן מיר אויפגעהאַלטן אין שטעטל אַ גרופּע פון טרייע חברים און חברטעס, אויסגעהאַלטן אַן אומלעגאַלע קליינע ביבליאָטעק און אַפילו אונטערהאַלטן באַציאונגען מיט בונדיסטן אין אַנדערע שטעט, באַזונדערס אין די זומער־חדשים, ווען דער באַקאַנטער בונדישער פירער פון לאָדזש ישראל ליכטענשטיין (געשטאָרבן זומער 1933 אין אַמעריקע, געשיקט געוואָרן אַהער אין שליחות פון צ. ק. פון „בונד" אין פּוילן) פלעגט זיך באַזעצן אויף עטלעכע וואָכן אין די גאָמבינער וועלדער.

ווען די צאַרישע אַרמיי איז אַרויסגעשטויסן געוואָרן פון פּוילן אין ערשטן וועלט־



הענעך גאָלדשמידט מיט זיין פרוי רחלע

קריג און דאָס לאַנד איז אָקופּירט געוואָרן דורך דער דייטשער אַרמיי, האָט די אַרבעטער־באַוועגונג באַקומען געוויסע מעגלעכקייטן פון לעגאַלער טעטיקייט. גאָמבין איז באַדעקט געוואָרן מיט פּראָלעטאַרישע אינסטיטוציעס, אַ פּאַרטיי־אָרגאַניזאַציע, אַ ביבליאָטעק, אַ קינדער־היים, אַ קאָנסום־קאָאָפּעראַטיוו, שפּעטער אַ ביסל — די יוגנט־אָרגאַניזאַציע „צוקונפט".

גאָלדשמידט איז געווען אומעטום. אויסער, וואָס ער האָט געאַרבעט אַלס אָנגעשטעלטער אין קאָאָפּעראַטיוו, האָט ער נאָך געפונען צייט צו פירן עטלעכע זעלבסט־בילדונג־קרייזן פון דער יוגנט און צו אַרבעטן אין אַלע אַנדערע אינסטיטוציעס, וואָס

די באַוועגונג האָט אויפגעבויט. באַזונדערס רירנדיק איז געווען זיין באַציאונג צו דעם יונגן דור. וועגן זיך האָט ער כמעט קיינמאָל נישט געטראַכט. פון פרי ביז נאַכט איז ער געווען פאַרנומען מיט די אינטערעסן פון דער באַוועגונג. דאָ דאַרף מען באַזאָרגן אַ בריוו צו צ. ק. קיין וואַרשע, דאָ דאַרף מען אַרויסהעלפן דער יוגנט אין עפּעס, דאָ דאַרף מען באַזאָרגן קוילן פאַר דער קינדערהיים — שטענדיק איז ער געווען מיט עפּעס באַשעפטיקט (אַגב: אין 1917 האָט געאַרבעט אין אונדזער קינדערהיים די חברטע סאָניע טשעמעלינסקי, חבר עמנואל נאָוואָגרודסקיס שפּעטערדיקע פרוי, וועלכע איז אומגעקומען ווי אַ מאַרטירערין אין געטאָ פון וואַרשע).

אין 1919, בעת די ערשטע פרייע שטאָט ראַט־וואַלן אין פּוילן, האָט דער „בונד" אין גאָמבין דערזען די פּרוכטן פון זיין אַרבעט: אַלע 4 קאַנדידאַטן, וואָס דער „בונד" האָט אַרויסגעשטעלט, זיינען דערוויילט געוואָרן אַלס ראַטמענער. וואָלטן מיר אַרויסגעשטעלט מער קאַנדידאַטן, וואָלטן זיי אויך געוויילט געוואָרן — שטימען האָבן מיר באַקומען מער, ווי אויף 4 ראַטמענער.

דאָ, אין אַמעריקע, האָבן מיר כסדר געהאַט גרוסן פון גאָלדשמידטס איבערגעגעבענער אַרבעט אין גאָמבין. עס האָבן אים נישט אָפּגעקילט די רעפּרעסיעס פון 1920, נישט אַנטמוטיקט די קאָמוניסטישע שפּאַלטונגען. ביז זיין אָפּפאָר קיין בראַזיל, סוף 1938, איז ער געבליבן אויף זיין פּאָסטן אַלס אָנערקענטער פירער פון דער אַרבעטער־באַוועגונג אין שטעטל.

אין דער ווייטער בראָזיל איז הענעך געבליבן דערזעלבער טרייער בונדיסט, וואָס ער איז געווען דאָס גאַנצע לעבן. פון יעדן בריוו זיינעם האָט געווייעט מיט דער זעלביקער האַרציקייט, וועלכע איז געווען אַזוי אייגנאַרטיק פאַר אים אין יענע יאָרן, ווען מיר האָבן געאַרבעט צוזאַמען אין גאָמבין.

דזשוניאַ וואָלפּאָוויטש, ישראל

# מאַרק וואָלפּאָוויטש

מיין פֿאָטער, מאַרק וואָלפּאָוויטש, איז געבוירן געוואָרן אין גאָמבין, אין 1883.

נאָך דעם, ווי ער האָט באַקומען עלע־מענטאַרע בילדונג אין דער היים, האָט ער געענדיקט די טעכנישע שולע אין לאָדזש.



מאַרק וואָלפּאָוויטש שניידט איבער אַ באַנד ביי דער דערעפֿענונג פֿון דער ציוניסטישער ביבליאָטעק.

מיין זיידע־באָבע האָבן געטאָן אַלץ, אַז זייערע קינדער זאָלן קריגן די בעסטע דער־ציאונג, וועלכע איז נישט לייכט געווען צו באַקומען אין יענע באַדינגונגען אין אַזאַ קליין שטעטל ווי גאָמבין.

ער האָט זייער פֿרי דערפֿילט אַ דראַנג צו העלפֿן אַנדערע, נישט צו לעבן פֿאַר זיך אַליין, צו באַטייליקן זיך אין אַ טעטיקייט, וואָס האָט פֿאַר אַ ציל דאָס אויסבעסערן דאָס לעבן פֿון כּלל. ער האָט דעריבער זייער יונג זיך אָנגעשלאָסן אין דער סאָציאַ־ליסטישער באַוועגונג, וואו ער איז געוואָרן זייער אַקטיוו.

אין יאָר 1905 האָט ער זיך באַטייליקט אין דעם רעוואָלוציאָנערן אויפשטאַנד. ווען דער אויפשטאַנד איז אַדורכגעפאַלן און ווען די סאָציאַליסטישע באַוועגונג איז גע־וואָרן אונטערדריקט דורכן צאַרישן רע־זשים, האָט מיין פֿאָטער — מורא האָבנדיק פֿאַר אַרעסט — אויסעמיגרירט קיין אַמע־ריקע, וואו ער האָט געלעבט ביז צום סוף סוף פֿון דער ערשטער וועלט־מלחמה.

דאָ, אין אַמעריקע, האָט ער געאַרבעט אין דער עדיסאָן קאָמפּאַני. ער האָט אָבער דאָ נישט געקאָנט בלייבן, עס האָט אים צוריקגעצויגן קיין גאָמבין און ווען די ערשטע וועלט־מלחמה האָט זיך געענדיקט, האָט ער זיך דאָרט אומגעקערט און ער האָט געווידמעט זיין גאַנצע צייט צו גע־זעלשאַפֿטלעכע אַרבעט. ער איז געוואָרן אַ ראַטמאַן אין דער גמינע. אונדזער היים איז געשטאַנען אָפֿן פֿאַר יעדן נויטבאַדערפֿטיקן, נישט בלויז פֿאַר יידן, נאָר אויך פֿאַר נישט־יידן. זיי זיינען געקומען צו אונדזער פֿאָ־טער נאָך עצות און נאָך הילף. איך געדענק זייער גוט אַ סך פֿון די יידן, וואָס זיינען געקומען צו אים מיט בריוו, וואָס זיינען אָנגעקומען פֿון אַמעריקע, אָנגעשריבן אויף ענגליש. מיין פֿאָטער האָט געדולדיק דער־קלערט דעם אינהאַלט פֿון די בריוו און ער האָט פֿאַר זיי איבערגעזעצט זייערע ענט־פֿערס אויף ענגליש.

איך געדענק גוט, ווי גליקלעך ער איז געווען, ווען ער האָט באַקומען פֿון דער רעגירונג אַ באַשטעלונג פֿאַר די גאָמבי־נער יידישע שוסטערס צו מאַכן שיך פֿאַר דער אַרמיי. די אַרבעט זיינע ווי אַ ראַטמאַן איז געווען בלויז אַ טייל פֿון זיין טעטיקייט. ער איז אויך געווען אַ גוטער און אַקטיווער ציוניסט און אַ וועג־ווייזער פֿאַר דער ציו־ניסטישער יוגנט. ער האָט געהאָלפֿן אָר־גאַניזירן מיטינגען און קינסטלערישע אויפֿפֿירונגען און ער האָט געשטיצט די ציוניסטישע באַוועגונג אויף אַלע מעגלע־כע אופֿנים. אַ סך יוגנטלעכע האָט ער גע־

האָלפן פאַרלאָזן פוילן און עולה צו זיין קיין פּאַלעסטינע. ער האָט געגלויבט, אַז די צוקונפט פון די יידן איז אין פּאַלעסטינע, און אַז אַ יידישע היים איז דער איינציקער אויסוועג פאַר די יידן.

במשך פון טאָג האָבן מיר, די קינדער, זייער זעלטן געזען אונדזער טאַטן. ער איז כסדר געווען פאַרנומען מיט זיינע פיל באַשעפטיקונגען און נישט בלויז האָט אונ־דזער מוטער געמוזט אַכטונג געבן אויף דער שטוב, נאָר אויך אויף די געשעפטן. זי האָט זיך אָבער קיינמאָל נישט באַקלאָגט



זעליק וואָלפאָוויטש

פאָטער פון איינער פון די רייכסטע פאַמיליעס אין גאָמבין

און האָט קיינמאָל נישט געשטערט אונדזער פאָטער אין זיין געזעלשאַפטלעכער אַרבעט. זי האָט געאַרבעט פון דער פרי ביז שפּעט אין אָוונט. זי איז געווען אַ גוטע, אַ פּרעכ־טיקע מוטער און דאָס בעסטע ווייב און דער בעסטער אַרויסהעלפער פאַר אַ מאַן, אַ געזעלשאַפטלעכן עסקן.

בלויז ווען עס איז געקומען פרייטיק־צונאַכטס זיינען מיר געוואָרן אַ געאייניקטע פאַמיליע. נאָך דעם טראַדיציאָנעלן מאָל־צייט זיינען מיר געבליבן זיצן ביים טיש און האָבן פאַרברענגט צוזאַמען. די פריי־טיק־צונאַכטסן און די שבתים זיינען געווען די שענסטע טעג אין מיין קינדהייט.

די מלחמה אין 1939 האָט געמאַכט אַ סוף צו אונדזער נאָרמאַל לעבן.

אין נאָוועמבער 1939 איז די געשטאַ־פּאָ געקומען אין אונדזער הויז צו נעמען אונדזער פאָטער ווי אַ משכון. אין דער לעצטער מינוט איז ער אַנטלאָפן דורך אַ זייטיקער טיר און איז קיינמאָל נישט צו־ריקגעקומען.

ער איז אַוועק אין וואַרשעווער געטאָ, וואו ער איז ווייטער געווען אַקטיוו אין דער ציוניסטישער באַוועגונג. ער איז געווען אין כסדרדיקן קאָנטאַקט מיט דער אָרגאַניזאַ־ציע. ער האָט געהאָלפן אויסהאַלטן יתומים־הזער און האָט אַרום זיך געזאַמלט גאָמבי־נער יידן, וואָס האָבן זיך געפינען אין וואַר־שע.

צום לעצטן מאָל האָב איך געזען מיין פאָטער דעם 5טן סעפּטעמבער 1942. בעת אַ „סעלעקציע" האָבן די ס. ס.־לייט אויס־געקליבן מיין מוטער צו שיקן איר צום טויט, קיין טרעבלינקע. מיין פאָטער האָט זיך געקאָנט דעמאָלט ראַטעווען, אָבער ער האָט זיך אַוועקגעשטעלט נעבן איר און צו־זאַמען זיינען זיי אַוועק צו זייער אומקום.

אונדזערע עלטערן זיינען אומגעקומען אין די גאַז־קאַמערן פון טרעבלינקע אין סעפּטעמבער 1942.

זיי האָבן נישט דערלעבט צו זען די רעאַליזירונג פון זייערע חלומות — דעם ווידערגעבורט פון ישראל. זיי זיינען געווען צווישן די, וואָס האָבן געווידמעט זייערע לעבנס צו דעם אידעאַל פון אַ יידישער היים.

לואיס פיליפס

# מיין פּאָטער, ראובן פּאָטשעכאַ

מיין פאָטער, אַ הויכער, שלאַנקער ייד מיט אַ הדרת פנים, איז געבוירן געוואָרן אין פלאָנסק. ער האָט געהאַט אַ הערצליאַנישער באָרד, וואָס האָט איינגערעמט זיין איידל געזיכט, און בלויע גוטמוטיקע אויגן. ער איז געווען אַ „פאַדריאַדטשיק” פון שטיוול צום רוסישן מיליטער און אַ סך גאָמבינער יידישע פאַמיליעס האָבן געצויגן חיונה פון דער אַרבעט.

זיין באַשעפטיקונג האָט אים געצוואונגען צו מאַכן לאַנגע נסיעות אין נאָענטן און ווייטן רוסלאַנד און צו שטיין אין פאַרבינדונג מיט פירנדיקע רוסישע פערזענלעכקייטן. ער האָט באַנוצט אַ ריינע, רוסישע שפראַך און האָט געקאָנט שעהן לאַנג דערציילן וועגן זיינע רייזעס און האַלטן זיינע צוהערער אין שפאַנונג. נישט איינמאָל איז אים אויסגעקומען צו אינטערווענירן וועגן גורל פון יידישע סאָלדאַטן אין די פאָלקן, פאַר וועלכע ער האָט צוגעשטעלט שטיוול און איך געדענק פאַלן, ווען זיינע אינטערווענצן האָבן אַ סך פאַרבעסערט די מערכה פון יידישע סאָלדאַטן, וואָס זיינען פאַרוואָגלט געוואָרן אין ווייטע פאָלקן, אין די איינזאַמע טיפענישן פון רוסלאַנד.

אָבער נישט געקוקט אויף זיין אָנגעזעענקייט אין שטאָט, האָט ער קיינמאָל נישט פאַרנומען קיין קהלשע אַמטן, ווייל ער האָט אין דעם געזען אַ נוסח פון הערשאַפט און ער האָט מורא געהאַט, אַז יעדע הערשאַפט דערפירט דעם מענטש צו נסיונות. אַ סך מאָל האָט מען אָנגעבאָטן אין פלאָצק, וואו מיר האָבן געלעבט אַ צאָל יאָרן, און שפעטער אין גאָמבין, צו ווערן דאַזאָר אָדער גבאַי, אָבער ער האָט זיך דערפון אָפגעזאָגט.

ווען מיר האָבן געוואוינט אין פלאָצק האָבן פאַר מיין פאָטער געאַרבעט, ביים פראָדוצירן די שטיוול, אַרעסטאַנטן פון דער פלאָצקער תפיסה. צווישן די ערך 100 שוסטערס־אַרעסטאַנטן, האָט זיך אויך געפונען אַ צענדליק יידישע, מערסטן טייל בעלי־מלאָכות פון פריער און אַנדערע, וואָס האָבן זיך אויסגעלערנטן דאָס פאַך אין דער טורמע. מיך פלעגט דער פאָטער שיקן אין דער טורמע, וואו איך האָב געפירט די בורכהאַלטעריע. איך וועל קיינמאָל נישט פאַרגעסן, ווי די יידישע אַרעסטאַנטן האָבן זיך אַראָפגערעדט פון האַרץ און סע האָבן זיך פאַר מיר צום ערשטן מאָל אויסגעוויקלט אַזוי פיל טיפע, מענטשלעכע טראַגעדיעס. זיי האָבן אַ סך געליטן פון די נישט־יידישע אַרעסטאַנטן, בלוטיקע אַנטיסעמיטן. מיין פאָטער האָט אַ סך מאָל אינטערווענירט ביים נאַטשאַלניק פון דער תפיסה, אָבער עס איז געווען אַ מורא, אַז טאָמער וועט דער נאַטשאַלניק אויסבעסערן די לאַגע פון די יידישע אַרעסטאַנטן, וועט דאָס נאָך מער צעפלאַקערן דעם האַס פון די אַנטיסעמיטן. דער סוף איז געווען, אַז מיין פאָטער האָט דאָס מער נישט געקאָנט פאַרטראָגן. ער האָט מער נישט באַנייט דעם קאָנטראַקט מיט דער טורמע און דאָס איז געווען די סיבה, צוליב וועלכע מיר האָבן פאַרלאָזט פלאָצק און זיינע אַוועק קיין גאָמבין, מיין פאָטער האָט געפלאַנט צו ווערבירן אין גאָמבין אַ 100 שוסטערס און איבערטראָגן דאָ די שטיוול־פראָדוקציע פאַרן רוסישן מיליטער.

מיט זיין ענערגיע האָט ער דאָס גלייך אַדורכגעפירט. מיט דער הילף פון אונדזער שוועסטערקינד העלערמאַן, האָט ער צוזאַמענגערופן אַן אַסיפה פון יידישע און

אויך פּוילישע שוסטערס, וועלכע האָבן אַלע מאָל געליטן פון וויניק אַרבעט. אין פאַרלויף פון עטלעכע טעג האָט זיך מיין פאָטער איינגעגעבן צו ווערבירן גענוג שוסטערס צו עפנען דעם ערשטן גרויסן וואַרשטאַט פאַר די, וואָס האָבן געוואָלט אַרבעטן אין אַ גרופּע. און באַזונדער האָט ער אָנגעשטעלט די וואָס האָבן געוואָלט אַרבעטן ביי זיך אין דער היים.

גאָמבין איז געווען דער בעסטער פּלאַץ, וואָס האָט געקאָנט אַרויסגעבן אויסגעצייכנטע שטיוול, ווייל מיין פאָטער האָט צוגעשטעלט די שטיוול צו דער רוסישער קאַוואַלעריע און זיי האָבן געמוזט זיין פון ערשטן גראַד. גאָמבין האָט געהאַט גוטע קוואַליפיצירטע שוסטערס, שניידערס און אַן אייגענע גאַרבעריי, מיט ערשטקלאַסיקע פּאַכלייט. דאָס דוקציע האָט ממש אויפגעלעבט אַ גרויסע אַריבערפירן קיין גאָמבין די שטיוול־פּראָצאַל יידישע פאַמיליעס — לעדער־סוחרים, גאַרבאַזשעס, קאַמאַשן־מאַכערס, שוסטערס.

איך וועל קיינמאָל נישט פאַרגעסן אונדזער איבערציען זיך קיין גאָמבין. בלויז מיין מוטער איז געווען פאַראומערט. עס איז איר געווען שווער צו פאַרלאָזן אונדזער באַקוועם איינגעפונדעוועט הויז, און אַזוי פיל שכנים און גוטע פריינט. אָבער מיין פאָטער איז געווען פול מיט התלהבות און אויך איך, כאָטש איך האָב געמוזט פאַרלאָזן די פּלאָצקער גימנאַזיע און ווערן אין גאָמבין אַן „עקסטערן”, בין געווען פול מיט באַגייסטערונג מיר האָב מיט אַ סך פלייס געפּאַקט אין גרויסע קאַסטנס אונדזערע חפצים — דאָס געשליפענע גלאָזנוואַרג, די זילבערנע קאַראַפקעס, די זילבערנע מנורה, מיין טאַטנס ספרים און שווערע, לעדער־געבונדענע גמרות. דאָס האָט געטאָן מיין פאָטער אַליין, ער האָט דערצו קיינעם נישט צוגעלאָזט. איך האָב אויך מטפל געווען מיין מוטערס שיין־געבונדענע, „פּעטריקאָווער” מחזורים, דעם קרבן מנחה סידור מיט דער צאינה וראינה, און אויך מיין אייגענע, לעדער־געבונדענער רוסישע ביכער...

אונדזער אָנקומען קיין גאָמבין איז געווען אַ גרויס געשעעניש אין אונדזער לעבן. אָבער אויך דאָ — ווי פריער אין פּלאָצק — איז אונדזער הויז געוואָרן אַ וואַרימע יידישע היים. אָבער דער עיקר איז עס געוואָרן אַן אויפלעבונג פאַר יידישע בעלי־מלאָכות. אַ סך צענדליקער יידישע פאַמיליעס זיינען געוואָרן פאַרבונדן מיט מיין פאָטערס אונטערנעמונג. אַזוי אַרום האָט מיין פאָטערס איניציאַטיוו, במשך פון יאָרן, געשפּילט אַ וויכטיקע ראָלע אין עקאָנאָמישן לעבן פון פילע גאָמבינער יידן.

אַברהם זיידעמאַן

# מיין ברודער, מאיר זיידעמאַן

אין אַרכיוו פון דער גאָמבינער סאָסייטי זיינען געבליבן פיל דאָקומענטן, וואָס זיינען דער לעצטער אָנדענק פון אונדזער אונטערגעגאַנגען שטעטל. דאָס זיינען בריוו, סטאַטיסטיקס און באַריכטן פון דער גאָמבינער „גמילת חסדרים”, וועלכע איז אויסגעהאַלטן געוואָרן דורך די לאַנדסלייט אין אַמעריקע. די אַלע דאָקומענטן זיינען געשריבן מיט אַ לויטערער און וואונדערליך־שיינער האַנטשריפט און עס איז נישט פאַראַן אַוודאי אַ גאָמבינער, וואָס וועט גלייך נישט דערקענען, אַז דאָס האָט געשריבן דער סעקרעטאַר פון דער גמילת חסדים באַנק און פון דער גאָמבינער יידיש גמינע — מאיר זיידעמאַן. ער איז געווען אַ פּאָפּולער געשטאַלט אין גאָמבין, אַ נישט־געוויינלעכער טיפּ פון אַ יידישן אינטעליגענט, וועלכער האָט אַליין זיך געבילדעט און וואָס האָט אַלע זיינע פייאיקייטן אַוועקגעגעבן לטובת הכלל. גאַנץ גאָמבין האָט ביי אים געשריבן „פּראָשעניעס” — צוליב זיין האַנטשריפט, צוליב זיין פּויליש און צוליב זיין שטענדיקער גרייטקייט צו דינען דער שטאָט. ער איז אויך געווען דער כראָניקלער פון דער שטאָט. ער איז אויך געווען דער קאָרעספּאָנדענט פון דעם יידישן געלערנטן דר. יעקב לעשטשינסקי, וועמען ער האָט סיסטעמאַטיש צוגעשטעלט גאָמבינער מאַטעריאַלן פאַר זיינע פאָרשונגען.

מאיר זיידעמאַן איז געבוירן געוואָרן אין 1910. ער האָט צו דרייצן יאָר געענדיקט די פּוילישע „„פּאָווסעכנע” שולע און האָט געמוזט איבעררייסן דאָס לערנען צוליב די „באַרימטע” מאַטעריעלע סיבות אין יידישע שטובן. ער האָט אין דאָזיקן יונגן עלטער אָנגעהויבן צו אַרבעטן ווי אַ „וואָזשנע” אין דער ציוניסטישע ביבליאָטעק. און די דאָזיקע אַרבעט אין אַ ביבליאָטעק איז געווען פאַר אים אַ גליקלעכע זאַך — ווייל ער האָט מיט גרויס גיריקייט גענומען לייענען די ביכער און אין קורצן איז ממש נישט געווען קיין בוך אין גאָמבין, וואָס ער האָט נישט געהאַט אַדורכגעלייענט. דאָס האָט אים אויך באַוואויגן צו נעמען סיסטעמאַטישע קאָרעספּאָנדענץ־קורסן, ווייטער זיך צו לערנען און צו באַקומען דעם „מאַטורע”־דאָקומענט פון ענדיקן אַ מיטל־שולע.

ווען עס איז געגרינדעט געוואָרן, אונטער דער אָנפירונג פון חיים לוריע, דער האַנטווערקער פאַראיין, האָט חיים אויך דאָרט אָנגעהויבן צו אַרבעטן, צוערשט ווי אַ פשוטער באַדינער און דערנאָך — שטופּנווייז — האָט ער זיך מיט זיינע פייאיקייטן אַרויפגעאַרבעט צו דעם וויכטיקן אַמט פון סעקרעטאַר.

באַלד איז אין יידישן גאָמבינער לעבן אויפגעקומען די גמילת חסדים קאַסע, וואָס איז געוואָרן די בריק צווישן יידישן גאָמבין און די אויסגעוואַנדערטע גאָמבינער יידישע פאַמיליעס אין אַמעריקע. מאיר זיידעמאַן איז געוואָרן דער געהילף פון אַברהמעלע טיבער און מיט דער צייט איז ער אַליין געוואָרן סעקרעטאַר.

צום העכסטן און פּאָפּולערסטן אַמט האָט מאיר זיידעמאַן זיך דערשלאָגן, ווען דער האַנטווערקער פאַראיין, האָט אין די דרייסיקער יאָרן, באַקומען די מערהייט אין דער יידישער גמינע. עס איז געווען אַ נאַטירלעכע זאַך, וואָס ער איז מיט זיין דערפאַרונג, קענטענישן, פייאיקייטן און — נישט־געוויינלעך קרישטאָל־ריינער האַנטשריפט, געוואָרן אויך סעקרעטאַר פון דער גמינע.

אָבער די פּאָפּולערקייט איז דער עיקר

געלעגן אין דעם, וואָס ער האָט „געדינט" דער שטאָט. ער איז געוואָרן דער „פּראָשעניע" שרייבער פאַר דער גרעסטער טייל גאָמבינער יידן, וואָס האָבן זיך גענויטיקט אין אַזעלכע ביטעס צו פאַרשיידענע אינסטאַנצן פון דער מאַכט. און די פּאָפּולערקייט האָט ביסלעכווייז גענומען אַריבערשטייגן די גרענעצן פון גאָמבין. מען האָט אויך גענומען קומען צו אים פון שכנותדיקע שטעט און שטעטלעך.

ווען דער באַרימטער יידישער פאָרשער און פּובליציסט דר. יעקב לעשטשינסקי, האָט דערקלערט אַ קאָנקורס אויף אַ מאָנאָגראַפּיע פון אַ יידיש שטעטל, האָט פון די הונדערטער אָנטיילנעמער באַקומען דעם פּרייז מיין ברודערס מאָנאָגראַפּיע פון גאָמבין. פון דעמאָלט אָן איז ער געוואָרן דער כסדרדיקער צושטעלער פון מאַטעריאַלן פאַרן יידישן געלערנטן.

ער האָט אויך געשריבן לידער און געדרוקט אין די „ליטעראַרישע בלעטער". ווי אַ קענער פון העברעאיש האָט ער איבערגעזעצט ביאַליקס באַרימטע פּאָעמע „די כאַפּערס". ער איז אויך געווען אַקטיוו אין פּאָליטישן לעבן פון דער שטאָט און האָט זיך אַרומגעטראָגן מיט אַ נישט־געוויינלעכע אידעע פון צוזאַמענפאָרן סאָציאַליסטישן ציוניזם מיט רעליגיע. ער האָט געוואָלט גרינדן אַ „שומר הדת", אַ געמיש פון לינקן שומר מיט טראַדיציאָנעלער יידישער פרומקייט. עס זיינען אָבער נישט געווען גענוג אַמאַטאָרן אויף אַזאַ נישט געוויינלעכן שידוך.

אין יאָר 1937 האָט ער חתונה געהאַט מיט רויזע האָדעס פון גאָמבין און זיי האָבן געהאַט אַ ייִנגעלע. ווען די נאַציס זיינען אַריין אין גאָמבין האָבן זיך אַלע אַמטן פון מאיר זיידעמאַן געענדיקט. מיט זיין פרוי און 2־יעריקן ייִנגעלע איז ער אַריינגעוואָרפן געוואָרן אין דעם בלוטיקן גיהנום פון די יידן אין פּוילן. בעת דער לעצטער אויסזידלונג איז ער מיט דער פרוי און קינד דעפּאָרטירט געוואָרן צום אומקום קיין כעלמנאָ.

מרדכי ראָטבאַרד

# טיפן און געשטאַלטן פון יידישן גאָמבין

## ר׳ ישראל שוחט

ר׳ שמואל שוחט איז געווען אַ ייד אַ בן־תורה. בעת ווען ער איז נישט געווען פאַרנומען מיט שחיטה, פלעגט ער זיצן אַריינגעטאָן אין אַ ספר און לערנען.

שחטן פלעגט ער דאָס מערסטע עופות, וואָס די פרומע ווייבער פון דער גאַנצער שטאָט האָבן צו אים געבראַכט. זיי פלעגן זאָגן, אַז ר׳ ישראלס שחיטה מעג עסן אַפילו דער גרעסטער צדיק. שחטן פלעגט ער אין הויף, אין הינטערשטן טייל פון זיין הויז, וואָס האָט זיך געפונען אויף דער מתים־גאַס. ס׳פלעגט אָפט טרעפן, אַז מ׳האָט אים געמוזט אַוועקרייסן פון אַ ספר אין וועלכן ער איז געווען פאַרטיפט אַריינגעטאָן. קוקנדיק דאַן אויף אים האָט מען געזען אַן אומצופרידנהייט, פאַרוואָס מ׳האָט אים איבערגעשלאָגן זיינע רעיונות צוליב אַזאַ אומוויכטיקער זאַך ווי שחטן אַן עוף.

ר׳ ישראל שחט איז אויך געווען אַ בעל־תפילה, איינער פון די בעסטע. זיין דאַווענען פאַרן עמוד איז געווען צוקערזיס, און אַ מחיה צו הערן, בפרט אין די ימים־נוראים, ווי אויך אין די אַנדערע יום־טובים. זיינע ווערטער וואָס ער פלעגט בנימותדיק אַרויסברענגען פון זיין מויל איז געווען אַ קלאָרער שטראָם וואַסער, וואָס פליסט אַרונטער פון אַ הויכן באַרג. זיין אינטאָנאַציע איז געווען אַן אויסנאַם־גוטע. ער פלעגט מאָדולירן די טענער און מיט געשמאַק אַרויסברענגען דעם נוסח פון דער תפילה, אַז ס׳האָט זיך צעגאָסן איבער אַלע אברים. דאַווענען פלעגט ער אין גרויסן בית־מדרש, וואָס איז אַלע מאָל געווען געפּאַקט בעת ער האָט געדאַוונט פאַרן עמוד.

די דאַווענער זיינען געווען דאָס מערסטע פון דעם אָרעמען קלאַס יידן פון שטאָט, כל־ערליי בעל־מלאכות, דאָרפס־גייערס און קליינע הענדלערס. זיי פלעגן שלינגען יעדעס וואָרט, וואָס ער האָט אַרויסגעבראַכט פון זיין מויל. און זיי זיינען געווען זיכער, אַז דער רבונו־של־עולם וועט זיך צוהערן צו די תפילות און זיך מרחם זיין אויף די יידן.

ר׳ ישראל שוחט האָט אויך דערצויגן אַ שיינע משפחה. זיינע טעכטער זיינען געווען פאַרהייראַט צו זייער חשובע מענער אין גאָמבין. זיינע קינדער האָבן שוין אויך דערצויגן זייערע אייגענע שיינע משפחות. עס איז כדאי דאָ צו דערמאָנען עטלעכע פון ר׳ ישראל שוחטס אייניקלעך, ווי די וואָלמאַנס קינדער, וואָס האָבן שפּעטער פאַרנומען אַן אָנגעזעענעם אָרט אין די נייע מאָדערנע יידישע באַוועגונגען. די אומפאַרגעסלעכע און צני׳עותדיקע אייניקלעך זיינע שרה גאָלדע מיט איר מאַן שמואל לייב, ע״ה, ביז צו לאַנגע יאָרן זיין אייניקל ברכה מיט יצחק משה גייער, וואָס נעמען ביז היינט־צו־טאָג אַ גרויסן אָנטייל אין דער יידישער שולבאַוועגונג אין שיקאַגאָ (לאָמיר האָפן, אַז נאָך אויף לאַנגע יאָרן).

אָבער דער גרעסטער טייל פון ר׳ ישראל שוחטס משפחה איז אויסגעראָטן געוואָרן פון די דייטשישע היטלער־רוצחים, ימח שמם וזכרם צוזאַמען מיט די זעקס מיליאָן יידישע קדושים פון אונדזערע שוועסטער און ברידער מיט זייערע אומשולדיקע און טייערע קינדער. זאָל מיין פאַרצייכענונג דאָ זיין ווי אַ מאָנומענט פאַר איינער פון די שענסטע פאַטריאַרכאַלישע יידישע משפחות וואָס גאָמבין האָט געהאַט.

# יוכבד

יאָכוועד גאָלדבערג, ווי זי איז געווען באַוואוסט אין גאָמבין, הגם איר ריכטיקער נאָמען איז געווען יוכבד. נאָר ווען אימי־צער זאָל איר געווען רופן ביי איר ריכטיקן נאָמען, וואָלטן זייער ווייניק געוואוסט ווער דאָס איז.

יוכבד איז געווען בלינד אויף ביידע אויגן. ס׳איז געווען ווייניק באַוואוסט ווי אַזוי דאָס איז צו איר געקומען. מ׳האָט דערציילט, אַז זי איז אַזוי געבוירן געוואָרן. אַנדערע האָבן גערעדט, אַז זי האָט דאָס געקראָגן יונגערהייט, בעת זי איז נאָך גע־ווען אַ קינד. אָבער ווי אַזוי די זאַך זאָל ניט האָבן פּאַסירט, איז זי אָבער אין דער זעלביקער צייט געווען דער גרעסטער חידוש פון שטאָט.

אַזוי בלינדערהייט האָט זי אָנגעפירט אַן אייגנאַרטיקן געשעפט אין שטאָט. און מיט דעם מיטגעהאָלפן איר פאָטער ווי־עס־איז אַדורכצושלעפּן דעם עול פון חיונה. קיין גרויסע גליקן זיינען פון זייערע ביידנס געשעפטן נישט געווען, נאָר מען איז ווי־עס־איז אַדורכגעקומען. איר פאָטער, יעקב ראָזענטאַל, האָט געהאַנדלט מיט „טריי־פענע סחורה", ווי מ׳האָט דאָס גערופן. ער פלעגט האַנדלען מיט אַ ביסל טערקישן גוטן טאַבאַק, סאַכאַרין און נאָך אַזעלכע סחורות, וואָס זיינען געווען פון דער רוסי־שער רעגירונג שטרענג פאַרבאָטן, סיידן מ׳האָט געהאַט אַן אַקציז, וואָס אויף דעם איז געווען אַ גרויסער שטייער. אַנדערש פלעגט זיין אַ גרויסע שטראָף צו האַנדלען מיט די דאָזיקע סחורות. נאָר ווי גייט דאָס יידישע גלייכווערטל: „אַ ייד, אַ למדן, גיט זיך אַן עצה", און אַ שטיקל למדן איז יעקב גאָלדבערג יאָ געווען. ביי אים אין גרויסן צימער איז געשטאַנען אַ שאַפע מיט ספרים, און ער פלעגט שטענדיק האַלטן אַ ספר אין האַנט, און אין אים אַריינגעקוקט. ער האָט זיך געמאַכט נישט זעענדיק, וואָס אַרום אים אין פאַרגעקומען, הגם קיין שרעקלעכע זאַכן זיינען דאָרטן חלילה נישט געווען. אָבער פון אַ קוקווינקל פון אַ פרומען, ער־לעכן אידן איז דאָס געווען ווייט פון צו זיין דערלויבט. יעקב גאָלדבערג פלעגט פון צייט צו צייט אַוועקרייסן זיינע אויגן פון ספר און געבן אַ קוק אין דער זייט מיט אַ זויערן, אומצופרידענעם קוקעלע. אָבער גע־זאָגט האָט ער קיין זאַך און ווידער אַריינ־געטאָן זיינע אויגן א ןידעם ספר אַריין.

יוכבדס געשעפט איז באַשטאַנען אין פאַרקויפן נאַשוואַרג צו דער גאָמבינער יידי־שער יוגנט. ביי איר האָט מען געקאָנט קריגן פון די טייערסטע צוקערוואַרג, נאַשערייען פון כל־ערליי סאָרטן, שטרודלען און פאַר־שיידענע ניסוואַרג. און וואָסערע נאַשוואַרג דען נישט? דער אויסוואַל פון די סאָרטן האָט זיך נישט געקאָנט פאַרשעמען אין פאַרגלייך מיט די גרעסטע שטעט אין פוילן.

ביי יוכבדן פלעגן אַריינקומען אין איר וואוינונג, וואָס האָט זיך געפונען אויפן צווייטן גאָרן פון הויז, וואָס איז געווען אין האַרץ פון מאַרק (ניט ווייט אַרונטער פון פּאַזנאַנסקיס קאָמעניצע, וואָס איז געווען געמויערט פון ציגל און געהאַלטן פינף גאָרן די הויך). קינדער פון שטעטל זיינען צו איר אַריינגעגאַנגען. ביי יוכבדן אין וואוינונג האָבן יונגוואַרג פון אַרום 12 ביז 17־18 יעריקע קינדער, געקראָגן דעם ערשטן ליבעס־ציטערס אין זייערע יונגע הערצער... הגם, ווי אַזוי דאָס זאָל היינטיקע צייטן נישט אויסזען — פרעמד און אוממעגלעך — פלעגן די יונגע בחורימלעך מיט די מיידלעך זייער זעלטן אויסריידן אַ וואָרט איינער צום צווייטן. מ׳האָט געהאַלטן שטאַט און נישט געוואָלט קריגן אַ שלעכטן נאָמען אין שטאָט. דאָס יונגוואַרג האָט געפילט איני־סטינקטיוו, אַז אין אַ קליין שטעטל האָבן מענטשן לאַנגע צינגער און מ׳האָט האַלט צו באַרעדן אַנדערע. און אַזעלכעס קאָן שאַטן צום יחוס, און אפשר אַמאָל אין דער צו־קונפט — צו אַ שידוך. יעדער איינער האָט זיך באַמיט צו זיין אָרנטלעך און אָנשטענ־דיק און אָנהאַלטן דרך־ארץ איינער צום

צווייטן. עס האָבן פּאַסירט אויסנאַמס־פאַלן, ווען ס׳פלעגט זיך צעפלאַקערן אַ פייערדיקע ליבע און אַמאָל אויך מיט אַ שידוך, וואָס פלעגט זיך פאַרענדיקן מיט אַ חתונה. אָבער דאָס זיינען געווען זעלטענע פּאַסירונגען. דאָס מערסטע האָט מען זיך באַפרידיקט מיטן טרעפן זיך מיטן צווייטן מין. און טאָמער איז מען אַמאָל פאַרכאַפּט געוואָרן פון אַ ליבע — האָט מען דאָס געטראָגן אין זיך שטיל און באַשיידן און געוואַרט פאַר אַ בעסערער און פּאַסיקערער געלעגנהייט...

און ווי מערקווירדיק דאָס זאָל נישט קלינגען, האָט יוכבד בלינדערהייט אָנגעכאַפּט די געפילן פון איינעם צום אַנדערן און זיך באַמיט, אַז איינער זאָל האָבן אַ מעגלעכקייט צום צווייטן אַרויסריידן אַ וואָרט. און ס׳ווערט פאַרשטענדלעך, פאַרוואָס אַלע האָבן יוכבדן האָלט געהאַט. זי פלעגט דינען דער יונגוואַרג ווי אַ גוטע מאַמע און אַמאָל נאָך מער.

יוכבד האָט אָנגעפירט איר נאַשוואַרג־געשעפט מיט דער גרעסטער געשיקטקייט. זי האָט פאַרמאָגט אַזאַ אויסערגעוויינלעכן חוש, אַז טאָמער האָט איר ווער באַצאָלט, האָט זי גענומען די מטבעות אין האַנט אַריין, און געוואוסט גענוי וואָסערע דאָס זיינען — זילבערנע אָדער קופּערנע — אויסגערעכנט פּינקטלעך וויפל איר קומט, און טאָמער האָט זי געדאַרפט געבן רעשט, האָט זי זייער זעלטן געמאַכאַ אַ טעות. אַלע מאָל צוריקגעגעבן פּינקטלעך וויפל יענעם איז געקומען. זי האָט אַלעמען געקענט גענוי ווי דער גרעסטער פּסיכאָלאָג. טאָמער האָט אַמאָל אויסגעפעלט עמעצן אַ פּאָר גראָשן צו באַצאָלן, האָט זי געוואוסט וועמען צו געטרויען און וועמען נישט. די פאַרטרויענסווערטע אירע פלעגט זי נאָך צוריידן: נעם, נעם, דו וועסט מיר שוין שפּעטער באַצאָלן. אַזאַ איז געווען יוכבד, יעקב גאָלדבערגס טאָכטער. נישט איין גאָמבינער, וואָס איז מיט איר געקומען אין באַרירונג, האָט איר קיינמאָל נישט פאַרגעסן, נאָר אַלע מאָל זי געדענקט מיט ליבשאַפט און דאַנקבאַרקייט. זי האָט דאָס כשר פאַרדינט.

## לייזער וויגדעראָוויטש דער חסיד

לייזער וויגדעראָוויטש איז געווען אַן אָנגעזעענער מענטש אין גאָמבין. שוין דער נאָמען אַליין — וויגדעראָוויטש — האָט געלאָזט וויסן, אַז דאָס איז אַ מענטש פון „גרויסן פאַרנעם” און וויכטיקייט. זיין פיגור אַליין האָט אַרויסגערופן דרך־ארץ. אַ שיינע „אָסאָבע” (פיגור), אַ הויכער מיט אַ ליכטיקן פנים, אַ באָרד שיין פאַרקעמט. פון זיינע אויגן האָט אַרויסגעשיינט אַ פריילעכקייט און אַן אַרויסרוף צו אַלעמען: זעט מענטשן, מיין פּערזאָן! מיינע פרומע הויות, מיין שאָקלען זיך אין אַלע זייטן ביים דאַווענען, מיין אַרונטערגיין פון דער מזרח־וואַנט (אַוואו ער האָט זיך אַלע מאָל געפונען ביים דאַווענען) צו די פּראָסטע יידן, די אָרעמע און אָנשרייען אויף זיי, הלמאי זיי פאַרהאַלטן זיך נישט רואיק ביים דאַווענען. טאָמער האָבן די יינגלעך, וואָס זיינען נאָרוואָס געוואָרן בר־מצווה, מיט די תפילין אויפן קאָפּ, זיך גענומען אַרומדרייען איבערן בית־מדרש (זיי האָבן אפשר אומבאַוואוסטזיניק נאָכגעטאָן די חסידים, און אַפילו זיך געוואָלט אַרויסווייזן אַז זיי זיינען שוין פּאָלנע יידן מיט אַלעמען צוגלייך). פלעגט לייזער, דער חסיד, אָנכאַפּן אַזאַ יינגל ביים של־ראש פון די תפילין און איבערן גאַנצן בית־המדרש אים צופירן צו דער טיר — און אַרויסוואַרפן. פאַרשטייט זיך, אַז די בר־מצווה יינגלעך זיינען געוואָרן זיינע דם־שונאים. אָבער קיינער האָט ניט געוואַגט זיך צו שטעלן אַנטקעגן לייזער דעם חסיד, אַפילו נישט די עלטערן פון די יינגלעך, וואָס אין האַרצן האָט דאָס זיי זייער פאַרדראָסן, פאַרוואָס ער האָט אַזוי פאַרשעמט זייערע קינדער.

דער שיינער ייד לייזער וויגדעראָוויטש האָט געהאַלטן אַ שניט־קראָם פון אַ גרויסן פאַרנעם, וואָס האָט זיך געפונען אויפן ראָג פון דער מתים־גאַס און דעם מאַרק (אַוואו עס האָט זיך אָנהויבן די פּלאָצקער גאַס). זיין וואוינונג איז געווען הינטער דער שניט־קראָם. עס איז געווען אַ שיין הויז: אַחוץ

די רייכע מעבל, האָבן זיך דאָרטן געפונען גרויסע קופערטס, וואו אַחוץ זיין אייגן געלט, האָט ער דאָרט געהאַלטן די סומען וואָס די אָרעמע פרויען האָבן ביי אים אַוועקגעלייגט („איינגעלייגט", ווי מען האָט דאָס גערופן אין גאָמבין), און געזאַמלט נדן פאַר זייערע טעכטער. די אָרעמע פרויען איז יעדער אָפּגעשפּאָרטער גראָשן אָנגעקומען ווי קריעת ים סוף. אָבער וואָס טוט נישט אַ מאַמע פאַר קינדער? האָט מען זיך נישט פאַרגונען דאָס נייטיקסטע, אַבי אָנצוזאַמלען אַ שיינעם נדן פאַר דער טאָכטער, כדי צו קענען טאָן אַ שיינעם שידוך, און זאָל די טאָכטער האָבן אַ בעסערע מערכה (מזל) ווי די מאַמע האָט געהאַט. אַזוי ווי קיין באַנקן האָבן זיך אין גאָמבין נישט געפונען און צו האַלטן געלט אין די אָרעמע שטיבער, וואָס זיינען כמעט געווען אָפן, האָט מען נישט געוואָלט, פלעגט מען דאָס אָנטרויען די שיינע, רייכע יידן, וואָס האָבן דאָס געלט געהאַלטן אין זייערע קופערטס. צום מערסטן איז דאָס געלט איינגעלייגט ביי די רייכע יידן געווען גאַנץ זיכער. יעדער איינגעלייגטער גילדן איז ביי די יידן געווען מער אָפּגעהיט ווי זייער אייגן געלט. לייזער חסידס הויז איז געווען אַזאַ הויז, וואו די אָרעמע פאַמיליעס האָבן געהאַלטן זייערע אָפּגעשפּאָרטע געלטער.

ווי שוין דערמאָנט, האָט לייזער וויגדעראָוויטש געטאָן געשעפטן אין גרויסן פאַרנעם. ער פלעגט קויפן זיין סחורה אין לאָדזש, זשיראַרדאָוו, פּאַביאַניץ און אין אַנדערע שטעט, וואו מ׳פלעגט אויסאַרבעטן די פּחורות און וואו עס זיינען געווען גרויסע סקלאַדן, וואָס האָבן פאַרקויפט צו די געשעפטן פון די אַלע שטעט איבער גאַנץ פּוילן. טייל פאַבריקאַנטן האָבן אָפּגעזעצט זייער סחורה אויך אין אַנדערע פּראָווינצן איבער גאַנץ רוסלאַנד.

דער האַנדל איז שוין דאַן צוגעגאַנגען מיט באָרגן סחורה אויף אָפּגעשטעלטע טערמינען. און לייזער חסיד האָט אויך אַזוי געהאַנדלט: געגעבן וועקסלען אויף טערמינען. ווי די זאַך זאָל נישט האָבן געווען פאַרגעקומען, האָט מען זיך פּלוצלונג דערוואוסט אין שטאָט, אַז לייזערס שניט־קראָם איז פאַרמאַכט און פאַרשלאָסן מיט עקסטראַ שווערע שלעסער. וואָס איז געשען? לייזער חסיד האָט שוין ווידער באַנקראָטירט. ס׳איז שוין געווען אַ באַוואוסטע זאַך אין גאָמבין, אַז לייזער חסיד זאָל גיין באַנקראָט פון צייט צו צייט. ס׳פלעגט אַרומגיין אַ ווערטל אין גאָמבין, אַז לייזער חסיד גייט באַנקראָט אַלע „מאָנטיק און דאָנערשטיק".

נו, וואָס איז געוואָרן פון די פאַרהאָרעוועטע איינגעלייגטע געלטער פון די אָרעמע פרויען? זיינען זיי נעבעך געקומען צו לויפן אָן אַן אָטעם, אָפּגעהאַקט די טירן ביי ר׳ לייזערן. אַ סך מאָל איז די וואוינונג אויך געשטאַנען פאַרשלאָסן פאַר עטלעכע טעג. אָבער די פאַמיליע האָט זיך גיך אָפּגעזוכט און זיך באַוויזן אין שטעטל. און ווען די אָרעמע מענטשן זיינען געקומען צו לויפן מיט געשרייען און געוויין, האָט דער שיינער ייד מיט זיין יידענע אָנגעשטעלט אַ טרויעריקן און וויינענדיקן פּנים און זיך פּשוט געבעטן רחמנות צו האָבן אויף אים מיט זיין משפּחה, וואָס עס האָט זיי נעבעך געטראָפן אַזאַ אומגליק, אַז אַפילו אַ פאָדעם פון אַלץ וואָס זיי האָבן פאַרמאָגט, איז זיי נישט געבליבן. „עטץ זעט דען נישט, גוטע מענטשן, וואָסער בראָך אונדז איז געשען?"

וואָס איז דאָ לאַנג צו ברייען? מ׳האָט געשריען, געמאַכט געוואַלדן און אַפילו געשאָלטן מיט טויטע קללות. ס׳האָט קיין זאַך נישט געהאָלפן. לייזער חסיד איז געווען באַנקראָט. און די קבצנים האָבן נעבעך פאַרלוירן יעטוועדן גראָשן וואָס זיי האָבן ביי אים געהאַלטן.

ס׳איז אַוועקגעגאַנגען אַ שטיקל צייט, דאָס שניט־געוועלב האָט זיך ווידער געעפנט און איז געוואָרן אָנגעפילט מיט נאָך מער פּחורה ווי פריער. און אָרעמע ווייבער, מאַרק־זיצערקעס און אַנדערע אָרעמעלייט, האָבן ווידער אָנגעהויבן ברענגען זייערע אָפּגעשפּאָרטע, אויסגעהאָרעוועטע געלטער צו לייזער וויגדעראָוויטשן, אַז ער זאָל דאָס פאַר זיי האַלטן אין די אייזערנע קופערטס.

און דאָ האָט פּאַסירט דער גרעסטער חידוש, וואָס עס איז שווער דערויף צו

ענטפערן (און עס איז אַ גרויסער ספק, צי דער גרעסטער חכם וואָלט אויף דעם געקאָנט געבן אַ קלאָרע תשובה), הגם עס האָט זיך אַ סך מאָל איבערגעחזרט דאָס באַנקראָטירן פון דעם „וצדקתך" — דעם גרויסן חסיד — לייזער וויגדעראָוויטש, האָבן זיך נאָך יעדן באַנקראָט ווידער באַוויזן מענטשן, וואָס האָבן ווייטער אָנגעהאַלטן צו ברענגען זייערע אָפּגעשפּאָרטע גילדנס, אַז דער „צדיק" אין פּעלץ, ר' לייזער וויגדעראָוויטש, „דער גרויסער חסיד", זאָל דאָס פאַר זיי האַלטן. ווי אַזוי איז מעגלעך אַזאַ רעטעניש אויפצוקלערן און דאָס צו פאַרשטיין?

## „הערשאַרן"

ווען הערשהאַרן איז געבוירן געוואָרן, האָט מען אים אַ נאָמען געגעבן נאָך צוויי זיידעס ע"ה, הירש און אהרן, וואָס האָט געמיינט הירשהאַרן. נאָר אַזוי ווי די גאָמבינער יידן זיינען נישט מדקדק אַרויסצוריידן קלאָר נעמען, ווערט דער נאָמען אָפּגעפּטרט אויף אין דער גיך, און פון ביידע זיידנס נעמען איז געוואָרן הערשהאַרן — אַזוי ווי איין נאָמען.

ווען ער איז נאָך געווען גאָר יונג, נישט לאַנג נאָך בר־מצווה, איז ער געוואָרן אַ שניידער־געזעלן. איז געקומען די רוסישע נאַטשאַלסטוואָ פון צאַר ניקאָלאַי דעם ערשטן קיין גאָמבין און מ'האָט פאַרכאַפּט אַ צאָל קינדער אין עלטער פון צען ביז 15 יאָר און זיי צוגענומען אין מיליטער־דינסט. זיי האָבן געמוזט אָפּחשכן פאַרן צאַר און „פאָטערלאַנד" 25 יאָר. הערשהאַרן איז געווען איינער פון זיי. אָבער צו דעם גאַנצן אומגליק, וואָס ער איז אָפּגעריסן געוואָרן אַזוי יונג פון זיינע עלטערן, שוועסטער, ברידער און פריינט, חברים, ווי אויך פון איינגעשטעלטן יידישן לעבן, מיט וועלכן ער איז געווען אַזוי ענג פאַרבונדן און איינגעלעבט, איז ער פלוצלונג אַוועקגעריסן געוואָרן און אַריינגעפאַלן אין אַ פרעמדער סביבה און אַן אייזערנער דיסציפּלין.

און דאָך איז ער נאָך געווען מזלדיקער פון אַ סך אַנדערע, וועלכע זיינען אויך געווען אַוועקגעריסן ווי ער. ראשית, מיט דעם וואָס ער איז געווען אַ שניידער־געזעלן, און די צאַרישע רעגירונג האָט געזוכט צו האָבן פרייע אַרבעטער, האָט מען אים אַריינגעגעבן אין אַ סאָלדאַטסקע שוואַלניע, וואו מ'נייט מונדירן פאַר דעם מיליטער. און והשנית, האָט מען אים אַוועקגעשיקט קיין ווילנע, וואו עס האָט זיך געפונען אַ גרויסער מיליטערישער שניידער־וואַרשטאַט. און אין ווילנע האָט ער אָפּגעדינט די פולע 25 יאָר ביז מ'האָט אים באַפרייט.

אין ווילנע האָט עפּעס פּאַסירט מיט אים, וואָס האָט אים געמאַכט גליקלעך און געהאַט אַ השפעה אויפן גאַנצן לעבן. אין ווילנע האָט ער באַגעגנט אסתר־מלכהן, אַ געזונטע און קלוגע יידישע טאָכטער, מיט וועלכער ער האָט חתונה געהאַט. און ווען ער איז באַפרייט געוואָרן פון מיליטער, איז ער מיט אסתר־מלכהן צוריקגעפאָרן אַהיים קיין גאָמבין. ער האָט מיט זיך מיטגעבראַכט דריי שוין אונטערגעוואַקסענע און שיינע טעכטער. אין גאָמבין האָט הערשהאַרן זיך געקויפט אַ באַקוועמע דירה, מיט איין גרויסן צימער, אויף דער מתים־גאַס, וואָס דאָס איז געווען אַ זעלטנהייט אויף דער גאַס. אין דעם גרויסן צימער האָט ער געלאָזט אויפשטעלן אַ גרויסן ווייסן קאַכלענעם אויוון, און דער אויוון, ווען מען האָט אים איינגעהייצט ווינטער־צייט אין אַן ערב־שבת, האָט ער געהאַלטן היס ביז מוצאי־שבת. דער קאַכלענער אויוון מיט דעם גרויסן צימער זיינען שפּעטער געוואָרן פּאָפּולער אויף דער מתים־גאַס. ווינטער, ווען עס זיינען געווען גרויסע פרעסט, איז אסתר־מלכה געוואָרן אַ גרויסע מכניסי־אורחים. נישט בלויז אייגענע משפחה, נאָר אויך פרעמדע מענטשן, שכנים און אָרעמע באַקאַנטע פון דער מתים־גאַס, האָבן אַלע מאָל אָנגעפילט זייער גרויסן צימער. זי פלעגט נאָך די פאַרבעטענע געסט דערלאַנגען כבוד אַ קיכל, אַמאָל אַ גלעזל קוואַס פון געטריקנטע עפּל, וואָס זי פלעגט ערב־

שבת אָפּקאָכן אין גרויסע טעפּ. בקיצור, הערשקאָרנס און אסתר־מלכהס וואָרעמע און פריינטלעכע שטוב איז געוואָרן זייער באַרימט אין גאָמבין אויף דער מתים־גאַס.

זייער גרויסער צימער איז אויך געווען דער פּלאַץ פאַר פראַווען חתונות פון הער־



באַקאַנטע פאָלקס־טיפּן:
ברידער אברהם, יאָסל און פּיטעל,
מרדכי ראַטבאַרדס פעטערס.

שאָרנס משהה, וואָס איז געווען היפּש גרויס, ווי אויך פון צייט צו צייט פון פרעמדע מענטשן, וואָס פלעגן בעטן ביי אסתר־מלכהן דעם צימער פאַר דער חתונה פון זייערע טעכטער. אסתר־מלכה האָט ניט געהאַט קיין האַרץ קיינעם אָפּצוזאָגן. אויך האָבן זיך שטענדיק געפונען עקסטראַ ברעטער פאַר טישן מיט בענק אויסצוזעצן דעם עולם.

קאָמישע זאַכן האָבן פון צייט צו צייט פאַסירט אין זייער הויז אַרום אָט די שמחות.

הערשאָרנס אַ קרוב האָט אַמאָל חתונה געמאַכט זיינס אַ טאָכטער. מען האָט געדאַרפט אויסשטעלן גענוג טישן פאַר די געסט, האָט דאָס יונגוואַרג, שוועסטער און ברידער פון דער כלה, גענומען אויסשטעלן די טישן און בענק. ווי אַזוי מ׳האָט נישט געשטעלט, איז אויסגעקומען, אַז ס׳וועט נישט זיין גענוג אָרט פאַר אַלע געסט. האָבן זיי צוגערופן דעם פעטער הערשאָרן און אים געבעטן ער זאָל העלפן אונטערשטעלן די ברעטער פאַר די בענק, אַז עס זאָל זיין גענוג פּלאַץ פאַר אַלעמען. האָט הערשאָרן אונטערגעשטעלט זיין „דלאָניע" אונטער דער באַק און געזאָגט: לאָמיר נאָר זען, וויפל דענקט איר דאָ אויסצוזעצן? האָבן זיי אים געזאָגט. רופט זיך אָן הערשהאָרן — ס׳וועט נישט אויסהאַלטן. האָבן זיי געקייכט פון געלעכטער און געטאָן אַזוי ווי זיי האָבן געוואָלט. ווען מ׳האָט זיך אַרומגעזעצט אַרום די טישן פאַר דעם מאָלצייט מיט דער גילדענער יויך פאַר חתן־כלה און גענומען פראַווען דעם מאָלצייט (אַלע זיינען געווען פריילעך) פּלוצלונג, באַך! די באַנק האָט זיך איינגעבראָכן, די געסט זיינען געבליבן אויסגעלייגט אויפן דיל, אַנדערע מיט צעהאַקטע זייטן און אַ טייל פון דעם געשיר מיטן עסן אויף זייערע אויסגעפּוצטע קליידער. אָבער דער גאַנצער עולם האָט געקייכט פון געלעכטער. צווישן די אויף דעם דיל זיינען גראָד געווען די, וואָס האָבן פריער זיך געוויצלט, ווען דער פעטער האָט זיי געזאָגט, אַז די בענק וועלן ניט אויסהאַלטן. רופט זיך אָפּ הערשאָרן צו זיי: האָב איך דען ניט געזאָגט פריער, אַז דאָס וועט נישט אויסהאַלטן?

כלערליי פּאַסירונגען זיינען פאָרגעקומען אין הויז פון דער משפחה הערשהאָרן. זיי זיינען אָבער קיין מאָל נישט געוואָרן דערצאָרנט און ווייטער געווען פריינטלעך, און ווען מען איז געקומען בעטן, אַז זיי זאָלן אָפּגעבן זייער צימער פאַר אַ געוויסן ציל, האָבן זיי קיינעם נישט אָפּגעזאָגט.

ווען אסתר־מלכה איז געקומען קיין גאָמבין, האָט זי מיט זיך מיטגעבראַכט דאָס

ייִדישע לשון, ווי אַזוי מ׳האָט גערעדט אין איר געבוירן־שטאָט ווילנע. אָבער נאָך דעם ווי זי איז אָפּגעוועזן עטלעכע יאָר אין גאָמבין און זיך איינגעלעבט מיט גאָמבינער ווייבער פון איר מאַנס משפחה, ווי אויך מיט אירע שכנים, האָט זי געביטן איר ליטווישן ייִדיש און האָט גענומען ריידן ריכטיק אַזוי ווי די גאָמבינער ווייבער. די זעלביקע אויסשפּראַך — „עטץ״ און „יענץ״, אי אַנשטאָט אָי און עס איז שוין שפּעטער ניט געווען מער צו דערקענען, אַז זי זאָל אַמאָל האָבן אַנדערש גערעדט, ווי מ׳רעדט אין גאָמבין. דאָס האָט אויך פּאַסירט מיט אירע אונטערגעוואַקסענע טעכטער, וועלכע זיי האָבן געבראַכט פון ווילנע קיין גאָמבין. עטלעכע שטריכן זיינען אָבער ביי איר פאַרבליבן פון איר יוגנט פאַרן גאַנצן לעבן — און דאָס איז געווען איר ניכטערער און פּראַקטישער חוש, ווי אויך איר געמיט־צושטאַנד. זי האָט זיך נישט געקאָנט גיך באַגייסטערן פאַר זאַכן, ווי די גאָמבינער פרויען פלעגן דאָס אָפט טאָן. די גרעסטע צופרידנקייט וואָס מ׳האָט ביי איר געזען איז געווען, ווען הערשאָרן, וועלכער האָט פאַרמאָגט אַ לייכטן געמיט־צושטאַנד ווי ביי אַ קינד (געמישט מיט אַ ביסל נאַאיוויטעט), פלעגט אָפּטאָן עפּעס אַ חכמהלע, וואָס מ׳האָט נישט געקאָנט וויסן, אויב דאָס איז בכיוון, אָדער מחמת נאַאיווקייט. פלעגט זי דאַן פּשוט אָנקוועלן פון זיינע חכמות. און דאָס האָט פּאַסירט, ווען זיי זיינען שוין געווען ביידע אין די עלטערע יאָרן, מיט דערוואַקסענע קינדער און עטלעכע אייניקלעך.

הערשאָרן, ווען ער איז צוריקגעקומען קיין גאָמבין נאָך דעם ווי ער האָט זיך אָנגעפּלאָגט 25 יאָר ביי „פּאָניע־גנב״, האָט באַלד איינגעזען, אַז קיין גרויסער שניידערשער בעל־מלאכה איז ער פון דער סאַלדאַטסקע שוואַלניע נישט אַרויסגעקומען. האָט ער זיך תיכף גענומען צו דעם וואָס אַ געוויסער טייל ייִדן האָבן שוין געטאָן פאַר אים — איינגעפּאַקט טלית און תפילין, מיט נאָדל־פאָדעם, אַ בלעכן פּענדל, שער און אייזן און נאָך עטלעכע קלייניקייטן, (ריידן הויך־דייטש, ווי מ׳רעדט אין דער נידערונג האָט ער נאָך גוט געקאָנט) געלאָזן צופוס אין דער נידערונג, און זאָל גאָט העלפן. הערשאָרן איז געווען אַ פעסטגעבויטער ייִד מיט אַ זייער סימפּאַטישן אויסזען, האָט אים נישט לאַנג גענומען זיך צו דערווערבן אַ קליענטעלע ביי די דייטשן. דער פאַקט איז, אַז די דייטשן מיט די דייטשקעס האָבן אים פּשוט האָלט געקראָגן. זיין מענטאַליטעט איז געווען דער זעלביקער ווי זייערער. אַ חכמהלע מיט אַ גלייכווערטל זיינען ביי אים אַלע מאָל געווען אויף די ליגע. איז ער גיך פאַרוואָרפן געוואָרן מיט אַרבעט. די מאָדע איז דאַן געווען, אַז די רייכערע דייטשע ווירטן פון נידערונג פלעגן אַריינגעמען שניידערס אין זייערע הייזער און ער פלעגט דאָרטן אַרבעטן אַזוי לאַנג ביז וואַנען די אַרבעט איז פאַרטיק געוואָרן. ס׳האָט אָפטמאָל גענומען וואָכן־לאַנג אָפּצואַרבעטן אין אַ הויז ביי די דייטשן. אָבער פרייטיק נאָכמיטאָג פלעגט זיך אויפכאַפּן דער שניידער מיט דעם העלפער, אויב ער האָט געהאַט אַזאַ, אַהיימגיין צופוס צו זיין פאַמיליע און פאַרברענגען אין דער היים דעם שבתדיקן טאָג, און אויך דעם זונטיקדיקן. מאָנטיק פאַרטאָג האָט דער שניידער צוריק איינגעפּאַקט טלית און תפילין (אַמאָל האָט ער נאָך געדאַרפט מיטברענגען מיט זיך אַ ביסל צודאַטן, וואָס ער האָט איינגעקויפט אין שטאָט אין אַ אידיש געשעפט) און זיך געלאָזט אין וועג, ביז דער ענדע וואָך.

הערשאָרן האָט באַלד מצליח געווען, און ווען ער איז פאַרטיק געוואָרן דעם ערשטן פרייטיק אַהיים צו גיין, האָט אים די דייטשע ווירטין פון הויז מיטגעגעבן אַ ביסל מעל מיט אַ ביסל אַרבעס פאַר זיין פרוי, וואָס ער האָט אַריבערגעבראַכט פון אַזאַ ווייטער מדינה ווי ווילנע, רוסלאַנד. אַזוי איז ער אַ פריילעכער אַהיימגעקומען דעם פרייטיק צו אסתר־מלכהן מיט די טעכטער.

ווי שוין דערמאָנט פריער, האָט הערשאָרן פאַרמאָגט אַ נאַטירלעכן הומאָר. ער

האָט איינגעפירט אַ נייע מאָדע ביי די דייטשן אין זייערע הייזער. ס׳ערשטע איז געווען פריילעך־מאַכן אין הויז. האָט ער דערציילט כלערליי וויצן, פון וועלכע דאָס גאַנצע הויזגעזינד האָט געלעקט די פינגער, און אָנגעקוואָלן פון זיינע שטיק. נאָך דעם האָט ער איינגעפירט אַ מאָדע, אַז באַלד ווי נאָר די איבערגעניצעוועטע מלבושים מיט די צייגענע (באַנוועלנע) תחתונים, וואָס ער האָט אַלץ געמאַכט מיט דער האַנט (קיין מאַשינען צום נייען זיינען נאָך דאַן נישט געווען פּאָפּולער), און נאָכדעם ווי מאַשינען זיינען שוין יאָ געוואָרן באַוואוסט, האָט זיך הערשאָרן נישט געוואָלט צורירן צו די „שמאָכטעס", ווי ער האָט זיי גערופן. איידער מ׳וועט זיך צורירן צו די מאַשינען, וואָס קאָנען נאָך קאַליע מאַכן דעם בגד, אָדער גאָר צעקאַליעטשען די הענט און אפשר קאָן נאָך אַ שטיק פון דעם אַריינפליען אין דעם פּנים אַריין. איידער צו פּאַטשקען זיך מיט דעם, פלעגט ער אַזוי גיך ווי אַ פייל פון בויגן, מיט די הענט און נאָדל־פּאָדעם, גיבן אַ לויף איבער דער נאָעט, און פאַרטיק. אַ מאַשין קאָן דאָס קיין מאָל אַזוי שטאַרק און גוט דאָס מאַכן. ווען דער „פּאָדריאַט" איז פאַרטיק געוואָרן, האָט ער צונויפגערופן דאָס גאַנצע הויזגעזינד, אַפילו די קנעכט מיט די דינסטן, און געזאָגט: „ווען אַלץ איז שוין מיט מזל פאַרטיק, מוזן מיר מאַכן אַ הולאַנקע". ער האָט באַפוילן, אַז אַלע, דער ווירט מיט דער ווירטין, אַלע דינער אָן אויסנאַם, מוזן מיט אים זינגען אָט דאָס דאָזיקע ליד, וואָס איך ברענג דאָ ווייטער: די בוקסן זענען שיק; טראַ־לאַ־לאַ, טראַ־לאַ־לאַ. די בוקסן זענען פיקס, טראַ־לאַ־לאַ, טראַ־לאַ־לאַ. טשערע בערע בוקסן; מענער שניידער, טשערע בערע בוקסן, דאַמען־שניידער (צוויי מאָל) טראַ־לאַ־לאַ, טראַ־לאַ־לאַ, טראַ־לאַ־לאַ. נאָך דעם ווי ער האָט דאָס געהאַט איינגעשטודירט מיט אַלעמען, האָט מען ערשט גענומען אַ סך מאָל איבערחזרן דאָס קונסט־שטיק. די גראָבע איבערגעפרעסענע דייטשן פלעגן זיך אָזש קייקלען אויף דער ערד פאַר געלעכטער. עס איז קיין וואונדער נישט געווען, וואָס הערשאָרן פלעגט שטענדיק זיין איבער די אויערן פאַרוואָרפן מיט דער אַרבעט ביי די דייטשן פון דער נידערונג.

איין מאָל איז צו אים צוגעשטאַנען אַ גראָבע, איבערגעוואַקסענע דייטשקע. זי האָט געוואָלט, אַז ער זאָל פאַר איר מאַכן אַ פּאָר פּלודערן (ברייטע הויזן). איז ער געבליבן שטיין ווי פאַרגאַפט. וואָס טוט מען דאָ? מ׳מוז דאָך האָבן אַ מאָס פאַר אַזאַ גראָבן הינטן צו מאַכן אַ פּאָר הויזן. האָט ער אונטערגעשטעלט זיין דלאָניע פון דער רעכטער האַנט אונטערן באָק (אַזוי איז געווען זיין געוואוינטהייט יעדעס מאָל ווען אים איז געווען שווער צו באַשליסן אַ זאַך) די דייטשקע איז דערוויל געשטאַנען פאַרוואונדערט און געקוקט אויף אים מיט אירע קעלבערנע אויגן, וואָס טראַכט ער אַזוי פיל דער יודע? זי האָט נישט פאַרשטאַנען, אַז הערשאָרן וועט נישט גיין אַרומנעמען אַ פרוי צו נעמען איר מאָס. מילא, אַז ער דערלויבט זיך אַמאָל צו נוצן אַ פאַרגלעזטן ערדענעם טעפּל פון אַ דייטשקע אויף אויסקאָכן אין דעם פאַר זיך גראָבע קלויצקעס, געפינט ער תיכף אַן אויסרייד. טאָמער נוצט ער ברויט וואָס די דייטשקע האָט געבאַקן, האָט דער פייער פון אָנגעהייצטן אויוון אַלץ אַדורכגעברענט. אַ שטיקל גוטע קעז, וואָס די דייטשקע האָט אַליין געמאַכט מיט אפשר פאַרפעצטע הענט. אויף דעם האָט ער אויך געפונען אַן אויסרייד. אָבער ווי נעמט מען עס אַרום אַ פרוי, צו נעמען איר אַ מאָס און נאָך אַ דייטשקע דערצו? פע! ניין, דאָס וועט הערשאָרן זיך נישט דערלויבן צו טאָן.

אַזוי פאַרטראַכט, איז אים פּלוצלונג איינגעפאַלן אַ געדאַנק. ער ווייס שוין וואָס צו טאָן. איז ער אַוועק, אַרויסגענומען זיין רענצל, אַרויסגעשלעפּט פון דאָרטן אַ גרויס שטיק פּאַפּיר, וואָס ער פלעגט אַלע מאָל מיטנעמען מיט זיך, כדי צו מאַכן פאַרמען, אויך מיטגענומען אַ שטיק קרייד. איז ער צוגעקומען צו דער דייטשקע, וואָס איז נאָך אַלץ געשטאַנען פאַרחידושט און געוואַרט

צו זען וואָס דאָ וועט זיין. הערשאָרן האָט אויסגעשפרייט דאָס שטיק פּאַפּיר אויפן דיל און האָט געגעבן אַ באַפעל צו דער דייטשקע: לייג זיך אַוועק אויפן פּאַפּיר, און צי אויס די פיס! האָט זי אַזוי געטאָן ווי געהייסן. די דייטשקע, ווי כמעט אַלע דייטשקעס פון דער נידערונג, זיינען געווען קנאַפּע צנועות. איז זי געלעגן מיט דער דערוואַרטונג צו זען וואָס וועט דאָ זיין. דער־ווייל האָט הערשאָרן גענומען אַרומטאַנצן נעבן איר. זי איז געלעגן און געשמייכלט, און זיך צוגעקוקט ווי הערשאָרן מיטן קרייד אין דער האַנט צייכנט עפּעס אַרום אירע היפּטן, און טאַנצט אַרום פון אַלע זייטן. ווען ער איז שוין פאַרטיק געוואָרן מיט דער צייכענונג, גיט ער איר אַ באַפעל: „איצטער קאָנסטו שוין אויפשטיין!" די גראָבע דייטשקע האָט זיך מיט גרויס מי און מאַטערניש אויפגעהויבן פון דער פּאָד־לאָגע. הערשאָרן האָט איר צוגעזאָגט, אַז אויב די פלודערן וועלן אַרויסקומען גוט ווי עס באַדאַרף צו זיין, וועלן מיר דאַן מאַכן אַ ספּעציעלע הולאַנקע".

אַזעלכענע שטיק פלעגט הערשאָרן פּראַ־ווען מיט זיינע דייטשישע קליענטן פון דער נידערונג. הערשאָרן איז געווען אַ טיפּ פון אַ יידישן מענטשן אין גאָמבין.

## הערשעלע מוליכער

מ׳האָט אים גערופן מוליכער, הגם דאָס איז נישט געווען זיין צווייטער נאָמען. אַ מוליכער ווערט איינער גערופן, וואָס פירט אָדער שוואַרצע מענטשן אַדורך דער גרע־נעץ. און אַזוי ווי גאָמבין איז געווען ווייט פון דער גרענעץ, איז שווער צו פאַרשטיין פאַרוואָס מ׳האָט אים גערופן מוליכער. אָבער לאָמיר דאָס איבערלאָזן. אפשר וועלן זיך אַנדערע וועלן גריבלען אין דעם. פאַר אונדזער שילדערונג פון דעם יידן איז עס נישט נייטיק.

העלשעלע מוליכער האָבן אַלע געקאָנט אין גאָמבין. ראשית, צוליב זיין גאַלאַנ־טעריע קראָם, וואָס ער האָט געהאַט אין מיטן מאַרק, אַרונטער פּאָזנאַנסקיס 5־גאָרנדיקער קאַמעניצע. און והשנית, צוליב זיין גרויסן מויל, וואָס ער האָט געהאַט. ער האָט גע־קאָנט אַלעמען אַריינזאָגן, אַז עס זאָל יענעם אַריין ביז אין דער זיבעטער ריפּ.

אַמליבסטן האָט ער געהאַט אָפּצוחוזקן פון די כלי־קודש, דעם רוב מיט דער רבי־



העקע וואַסער־טרעגער אין גאָמבין

צין, ווי זי פירט זיך אויף ווען זי גייט אין מקווה אַריין און דערציילן וועגן שפּאַ־סיקע מעשיות, אָפּלאַכן פון חזן מיט דער חזנטע און אַנדערע פירער פון דער גאָמ־בינער קהילה.

ער האָט געהאַט אַרום זיך אַ גרופּע, וואָס האָט פּשוט אַנגעקוואָלן פון זיינע לצנותן. איינער פון זיי איז געווען דער „פּראָשעניע"־שרייבער, וואָס האָט געהאַט אַ פערלדיקע האַנטשריפט און ווען ער פלעגט אָנשרייבן אַ פּראָשעניע, האָט עס פּשוט אַראָפּגעטאַנצט פון פּאַפּיר. ער איז געווען באַקאַנט מיט אַלע טיטולן פון דער רוסישער נאַטשאַלסטווע; ער האָט זיי גע־קאָנט אַזוי אויפהייבן, אַז זיי זאָלן זיך דערפילן דערהויבן און אַנקוועלן פון שמחה און פון זייער גרויסקייט. און יידן וואָס האָבן באַדאַרפט אַזעלכענע פּראָשעניעס צו דער העכערער נאַטשאַלסטווע אָדער צום ריכטער, זיינען צו אים געקומען און ער האָט דאָס שוין פאַר זיי באַזאָרגט. אָט דער פּראָשעניע־שרייבער איז געשטאַנען אַמ־נאָענטסטן אויף הערשעלע מוליכערס זייט און האָט אים אָפט אַרויסגעהאָלפן אין זיינע לצנותן.

וואָלטן דאָך אַנדערע געקאָנט מיינען, אַז דער הערשעלע איז געווען אַן עם־הארץ, אָדער אַ פּראָסטאַק, איז דאָס אָבער געווען פּונקט דאָס פאַרקערטע. ווען מען איז אַריינ־געקומען אין זיין גאַלאַנטעריע־געוועלב עפּעס קויפן, האָט מען אים אַלע מאָל גע־טראָפן אַריינגעגראָבן זיינע אויגן אין אַ ספר, געדרוקט מיט דראָבנע רש״י־כתב. אויפגעפירט האָט ער זיך אַזוי ווי אַלע יידן פון גאָמבין, נישט מער וואָס ער פלעגט כמעט אַלע מאָל זיך אַוועקזעצן אויף דער הינטערשטער באַנק אין שול, אָדער בית־המדרש — צוזאַמען מיט זיין כנופיא.

אין מיינע שפּעטערע יאָרן, ווען שוין זייענדיק ווייט אַוועק פון גאָמבין, האָב איך זיך געחידושט וואָסערער פאַרט מענטש איז דער הערשעלע מוליכער געווען. איז ער געווען אַ משכיל? פאַרוואָס האָט מען קיין מאָל פון קיינעם קיין פּיפּס נישט געהערט וועגן דעם אַזוי ווי דער שטייגער איז גע־ווען פון די משכילים צו פּראָפּאַגאַנדירן זייער השכלה צו אַנדערע? און אפשר איז ער גאָר געווען אַן אַפּיקורס און זיך געוואָלט פאַרשפּאָרן, אַז מען זאָל אים נישט פאַר־פאַרפאַלגן אין אַזאַ קליינער יידישער טראַ־דיציאָנעלער שטאָט ווי גאָמבין? ס׳איז שווער צו פאַרשטיין. אָבער איין זאַך איז זיכער, אַז לגבי דער יידישער באַפעלקערונג פון גאָמבין איז ער געווען אין גאַנצן אַנדערש ווי אַלע יידן. און מחמת דער פאַרשיידנ־אַרטיקייט פון גאָמבינער יידישן לעבן פאַר־צייכן איך דאָ דעם „אַנדערשדיקן״ טיפּ יידן פון גאָמבין.

## חיהלע שטאָלצמאַן

חיהלע שטאָלצמאַן, וועגן וועלכער איך וועל דאָ דערציילן, האָט נישט באַלאַנגט צו דעם עלטערן דור איינגעזעסענע און פאַר־וואָרצלטע יידן פון גאָמבין, וועגן וועלכע איך האָב דערציילט אין מיינע פריערדיקע קאַפּיטלען זכרונות.

חיהלע איז געווען די טאָכטער פון אַ רייכער יידישער משפּחה — די שטאָלצ־מאַנס. איר באָבע וואָס האָט נאָך דאַן גע־לעבט און איז געווען פון דעם טיפּ פון אַ „מירעלע אפרת״ אויף איר אייגענעם שטיי־גער. למשל, זי האָט צוזאַמענגעהאַלטן די גאַנצע משפּחה, זין, טעכטער, אייניקלעך, אַלע האָבן זיך צוגעהערט און רעספּעקטירט איר יעדעס וואָרט, וואָס זי האָט אַרויסגע־רעדט. אירע אַלע קינדער, מיט דעם אויס־נאַם פון איין זון לייבעלע, וואָס איז געווען אַ גרויסער חסיד פון אַ רבין, זיינען געווען האַלב אַסימילירט. די טעכטער, זין און שנורן האָבן גערעדט בלויז פּויליש און ווען מען האָט געדאַרפט אַמאָל זיך דורכריידן מיט אַ יידן, האָט מען „געשפּראָכן דייטש״. מחמת דער גרויסער דייטשישער באַפעל־קערונג פון אַרום גאָמבין, האָבן אַ סך יידן גערעדט אויף דריי שפּראַכן — יידיש, פּויליש און דייטש. די שטאָלצמאַנס וואָס האָבן געהאַלטן אַ גרויסע שענק און זייערע קינדער זיינען געווען פון דער רייכסטער דייטשישער באַפעלקערונג פון אַרום גאָמבין, האָבן אַלע אַחוץ דער פּוילישער שפּראַך (וואָס מ׳האָט דאָס מערסטע גערעדט אין זייערע היימען) זיך אויך באַנוצט מיט דייטש.

נאָכדעם ווי איך האָב שוין באַוויזן חיהלעס היימישע אַטמאָספערע און פון וואָ־סערער פאַמיליע זי האָט געשטאַמט, איז כדאי צו דערציילן פון איר ווייטערדיקן לעבן.

חיהלע האָט פון איר פריסטער יוגנט אָן געקראָגן די בעסטע דערציאונג וואָס רייכע ׳האַלב־אַסימילירטע׳ יידישע עלטערן האָבן געקאָנט געבן פאַר זייערע קינדער אין אַזאַ קליינער שטאָט ווי גאָמבין. מ׳האָט געהאַלטן פּריוואַטע לערער, וואָס האָבן איר געלערנט שפּראַכן — פּויליש, דייטש און רוסיש. מ׳האָט איר געלערנט שפּילן פּיאַנאָ און אַלץ וואָס איז נאָר נייטיק געווען צו דערציען אַ פּוילישע ׳פּאַניענקע׳, וואָס שטאַמט פון יידן. אַ גוטן קאָפּ האָט זי געהאַט צום לערנען, האָט זי אַלץ אין זיך אַריינגעזויגן, און פון דער פריסטער יוגנט אָן איז זי געוואָרן אַ ליידנשאַפטלעכע לייע־

נערין פון די בעסטע ביכער, וואָס זי האָט נאָר געקאָנט דערגרייכן. איר באַלעסטע שרייבער זיינען געווען די דייטשישע דיכטער געטהע, שילער, לעסינג און אַנדערע. די מוזיקער, וועלכע זי האָט פּשוט פאַרגעטערט, זיינען אַלע געווען דייטשן, ווי בעטהאָווען, היידן, שומאַן, שובערט און נאָך. מיט איין וואָרט, זי איז פּשוט געווען פאַרליבט אין דער דייטשישער קולטור. פּוילישע שרייבער און מוזיקער זיינען ביי איר געשטאַנען אויף אַ נידעריקערער מדרגה לגבי די דייטשן. אַחוץ די אַלע באַלערנטקייטן אירע, איז זי אין דער זעלביקער צייט געווען אַ זעלטן איידעלער מענטש, סימפּאַטיש צו יעדן איינעם מענטשן אָן אונטערשייד פון וואָסער פאָלק ער שטאַמט, מיטגעפילט מיט אָרעמע לייט און נישט געקאָנט פאַרטראָגן אומגערעכטיקייטן.

פון קליינערהייט אָן האָט זי געהאַט אַ פריינדינע, וועלכע איז אויך געווען אַ גבירישע טאָכטער. דער פריינדינעס עלטערן זיינען נאָך נישט געווען אַזוי ווייט אַריינגעטאָן אין אַסימילאַציע ווי די שטאָלצמאַנס. מאַלטשע וואָלפאָוויטשעס טאַטע, זעליג וואָלפאָוויטש, הגם ער איז שוין דאַן געווען אַ גרויסער גביר, האָט ער אָבער נאָך אַלץ געטראָגן אַ ברייטע שיינע אויסגעקעמטע באָרד. אין די שבתים, וואָס ער איז אַהיימגעקומען פון זיינע וואַלד־געשעפטן (צוליב וועלכע ער איז אָפט געווען אַוועק) פלעגט ער און איטעלע, זיין ווייב, זיך אויספּוצן און שבת־פרימאָרגנס קומען אין שול אַריין. ער — אונטן און איטעלע — אין דער הויך, אין דער ווייבערשער אָפּטיילונג. נאָכן דאַוונען האָבן זיי זיך ווידער באַגעגנט און צוזאַמען אַהיימגעגאַנגען.

זעליג אבא'ס (אבא איז געווען זיין פאָטערס נאָמען) איז געווען אַ ייד אַן „אָסאָבע". אַ הויכער, מיט אַ ברייטן פולע צעוואַקסענעם קערפּער און אַ בלאָנדע, ברייטע, אויסגעפּוצטע באָרד, האָט ער אויסגעקוקט ווי אַ ריז לגבי זיין ווייב איטעלע, וואָס איז געווען אַ נידעריקע און אַ דינע. דאָס האָט אָבער נישט געשטערט, אַז איטעלע האָט אים געבוירן אַרום אַ האַלבן טוצן קינדער. מיט דעם אויסנאַם פון איינעם (וואָס איז נישט געווען קיין געראָטענער) זיינען אַלע געווען געזונטע און פעאיקע, אַריינגערעכנט זייער בת־יחידה מאַלטשע, חיהלעס נאָענטסטע חברטע.

ווען עס האָט זיך געגרינדעט אין גאָמבין אַן אָרגאַניזאַציע פון יידישן אַרבעטער „בונד", איז חיהלע מיט איר חברטע סאַלטשע געווען פון די ערשטע פרויען וואָס זיינען אַריינגעטראָטן אין דער באַוועגונג. ביידע זיינען נאָך דאַן קיין פולע 17 יאָר נישט אַלט געווען. זיי זיינען גיך געוואָרן פון די נאָענטסטע און איבערגעגעבענסטע פון דער באַוועגונג. פון זייער ערשטער אַרבעט פאַרן „בונד" איז געווען צוצוקריגן נייע מיטגלידער, ווי אויך דאָס לערנען זיך די יידישע שפּראַך, בכדי צו קאָנען לייענען די יידישע בראָשורן, פּראָקלאַמאַציעס און אויך אַנדערע צייטשריפטן פון „בונד". ביידע זיינען געווען איבערגעגעבן מיט לייב און לעבן פאַר דער נייער באַוועגונג. אַחוץ דעם האָבן זיי נאָך געבראַכט די גרעסטע נוצן פאַר דער באַוועגונג אויף אַן אַנדערן געביט:

די גאָמבינער צאַרישע באַאַמטע האָבן גענומען דערשפּירן די אַרבעט פון דער נייער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג און עס איז געווען געוואַלטיק וויכטיק, אַז מ'זאָל נישט „אַריינפאַלן" נאָך איידער אַפילו די באַוועגונג האָט באַוויזן זיך אויסצוברייטערן און זיך פאַרפעסטיקן. די צוויי חברטעס זיינען געווען אויסגעבונדן מיט די קינדער פון דעם בירגער־מייסטער, אַגב אַ פּאָליאַק (און ווי מיר האָבן זיך שפּעטער דערוואוסט, איז ער שוין אויך נישט געווען פאַרליבט אין דער צאַרישער רעגירונג). אַ דאַנק חיהלען און סאָלטשען האָבן מיר אַרויסגעקריגן אַלע סודות, וואָס זיינען פאָרגעקומען אין ראַטהויז צווישן דער פּאָליציי און מיר האָבן מחמת דעם געוואוסט ווי אַזוי און ווען זיך צו היטן.

ווען ס'איז ס'ערשטע באַוואוסט געוואָרן, אַז עס וועלן קומען זשאַנדאַרן פון

פּאָוויאַט גאָסטינין און מ׳וועט מאַכן „אַביסקעס” אין מיטן נאַכט, האָבן מיר שוין געזען, אַז קיין ליטעראַטור זאָל זיך אין די היימען נישט געפונען. אַנדערע וויכטיקע חברים זיינען סתם נישט אַהיימגעקומען נעכטיקן אין דער דאָזיקער צייט. שפּעטער־צו, אַ דאַנק די צוויי חברטעס האָט מען אונדז שוין כמעט ווי דירעקט געלאָזט וויסן, ווען עס וועלן אַרונטערקומען זשאַנדאַרן און וועמעס הויז מ׳וועט באַזוכן (ס׳איז איצטער אין דער היינטיקער באַשרייבונג מער באַריכותדיק אוממעגלעך זיך אַריינצולאָזן אין דעם ענין. לאָמיר האָפן, אַז דאָס וועט אַמאָל געטאָן ווערן ביי אַן אַנדער געלעגנהייט).

נאָך איין באַמערקונג וועגן חיהלע שטאָלצמאַן מיט איר חברטע: קיין פיינערע און צאַרטערע און אויך אין מאָראַלישן זין טיפּ פרויען, ווי זיי זיינען געווען קאָן איך זיך היינט (נאָך קרוב 60 יאָר שפּעטער) גאָרנישט פאָרשטעלן. הגם ס׳איז אויך אמת, אַז די גאַנצע יידישע יוגנט אין יענער צייט איז געווען באַהערשט פון אַ געוואַלטיקן אידעאַליזם. און די מערסטע פון יענער באַוועגונג האָבן זייער ווייניק געטראַכט וועגן פּערזענלעכע ענינים מ׳איז געווען באַהערשט פון אַ פּסיכאָז, און די יידישע יוגנט איז געווען גרייט אויף אַלע מענטשלעכע קרבנות אַבי צו דערגרייכן מענטשלעכע חשיבות און פרייהייט פאַר דעם יידן, ווי אויך פאַר אַלע מענטשן־קינדער. די יידישע יוגנט האָט אויך געפילט, אַז זי מוז אויסקעמפן, אַחוץ דער אַלגעמיינער פרייהייט פאַר דער גרויסער רוסישער מדינה, מוז זי אויך גוט מאַכן אַלע עוולות און דערנידערונגען, וואָס זיינען באַגאַנגען געוואָרן לגבי דעם יידישן פאָלק אין זיין גאַנצער בלוטיקער געשיכטע. דעריבער, ווען מען איז אַריינגעטאָן מיטן גאַנצן לייב און לעבן אין אַזאַ קאַמף טראַכט מען ווייניק וועגן פּערזענלעכן גליק (דאָס איז מסתמא אויך געווען די סיבה וואָס האָט אַוועקגעהאַלטן פון פּערזענלעכע געפילן).

ביז אַרום 1909, שוין זייענדיק 3 יאָר אין אַמעריקע, פלעג איך נאָך פון צייט צו צייט קריגן אַ צושריפט פון חיהלען. אָבער זינט דאַן האָב איך מער קיין זאַך ניט געוואוסט וואָס מיט איר האָט פּאַסירט. ביזן יאָר 1947 אָדער 1948 בין איך געווען אויף אַ באַזוך אין מאָנטרעאָל, קאַנאַדע. דאָרטן ביי מיין שוועסטער אין הויז האָב איך באַגענט אַ לאַנדסמאַן פון גאָמבין, וואָס האָט זיך אַרויסגעראַטעוועט פון היטלערס ימ״ש בלוטיקע הענט. אויספרעגנדיק אים וועגן פאַרשיידענע מענטשן און פּאַסירונגען אין גאָמבין, האָב איך אים געפרעגט, צי ווייס ער עפּעס וועגן חיהלע שטאָלצמאַן. האָט ער מיר געזאָגט, אַז בנוגע איר ווייסט ער גענוי אַלץ וואָס האָט מיט איר פּאַסירט. דער נאָמען פון דעם פּליט איז אַברהם גזשיוואַטש (ברוך גזשיוואַטשעס אַן אייניקל). און אָט איז וואָרט ביי וואָרט וואָס ער האָט מיר דערציילט:

בעת די היטלער־אַרמייען זיינען באַפאַלן פּוילן און אַזוי גיך ווי זיי זיינען אַריינגעקומען קיין גאָמבין, האָבן זיי באַלד זיך גענומען איזדיעקעווען איבער די יידן. מ׳האָט אַרעסטירט און אַוועקגעריסן מענער פון פרויען און קינדער, מ׳האָט אויסגעראַבעוועט, צוגענומען אַלץ וואָס מ׳האָט געפונען אין די יידישע הייזער, רעקווירירט די יידיש הייזער וואָס זיינען זיי געפעלן, געשלאָגן, געהרגעט און אַרויסגעוואָרפן יידן כמעט נאַקעטע פון זייערע היימען, נאָך דעם ווי מ׳האָט ביי זיי אַלץ צוגענומען.

חיהלע שטאָלצמאַן האָט דאָס אַלץ צוגעקוקט מיר אירע אויגן און האָט נישט געקאָנט באַנעמען, אַז דאָס דייטשע פאָלק פון אַזאַ הויכער קולטור, דאָס פאָלק פון געטהע, שילער און לעסינג, וועמען זי האָט אַזוי שטאַרק ליב געהאַט און זיי פּשוט פאַרגעטערט, ווי אַזוי איז דאָס מעגלעך, אַז אַזאַ פאָלק פון אַזאַ הויכער קולטור זאָל קאָנען באַגיין אַזעלכע געמיינהייטן. זי האָט אַלץ געמיינט, אַז די נידערטרעכטיקייטן ווערן באַגאַנגען פון די פּראָסטע סאָלדאַטן, וואָס ווערן צעווילדעוועט אין צייטן פון מלחמה. ס׳איז אוממעגלעך, אַז די העכערע אָפיצירן זאָלן אַפילו וויסן וועגן דעם, וואָס די פּראָסטע נידעריקע סאָלדאַטן טוען דאָ

אָפּ. כאַפּט זי זיך אויף איין טאָג, און איז זיך מיט קיינעם נישט מיישב וועגן דעם און לאָזט זיך אַוועקגיין צום קאָמענדאַנט פון גאָמבינער דיסטריקט. זי וועט אים אַלץ דערציילן, וואָס דאָ גייט אָן, און וואָס זיינע סאָלדאַטן טוען דאָ אָפּ מיט די יידן.

ווען דער קאָמענדאַנט האָט איר דערזען, האָט ער איז אָנגעקוקט מיט אַ חוזדיקער פאַראַכטונג און מיט רציחה אַ געשריי געטאָן אויף איר: „דו פאַרדאַמטע שווייַנישע יודען! ווי אַזוי וואַגסט דו צו מיר אַריינצוקומען?" ער האָט תיכף אַריינגערופן סאָלדאַטן, זי געהייסן בינדן. פאַר עטלעכע טעג האָט מען איר געמאַטערט מיט כלערליי פּייניקונגען און טאָמער איז דאָס פאַר זיי ניט געווען גענוג, האָט מען איר נאָך צולעצט צוגעבונדן צו אַן עק פון אַ פערד און נאַקעטערהייט אַרומגעפירט איבער די גאָמבינער גאַסן. און די טייערע פּוילישע שכנים אונדזערע האָבן זיך צוגעקוקט און געשטירעט מיט געלעכטער און שפּאָט פון זייערע חזירשע פּרצופים. און אין דער פּראָצעסיע האָט זי אויסגעהויכט איר ריינע נשמה. זאָל דאָס פאַר אַלע דורות פאַרשריבן ווערן, און זאָל דאָס מערדערישע פאָלק וואָס האָט געקענט אַזעלכענע זאַכן אָפּטאָן זיך קיינמאָל נישט קענען אָפּוואַשן פון דעם בלוט פון אונדזערע קדושים! כבוד איר הייליקן אָנדענק!

## חאַמעלע — ס'איז גוט אַזוי...

יידן מיטן נאָמען חאַמעלע זיינען געווען אַ גרויסע צאָל אין גאָמבין (מסתמא פון חיים אָדער חיימל), אָדער יעדער חאַמעלע האָט געהאַט אַן אַנדער צונאָמען, אַנדערש וואָלט מען נישט געוואוסט, וועלכן חאַמעלע מ'מיינט. דער חאַמעלע, וועלכן איך באַשרייב דאָ, האָט געהאַט אַ צונאָמען „ס'איז גוט אַזוי". עס איז אים געגעבן געוואָרן דער צונאָמען מחמת אַ קאָמישע פּאַסירונג, וואָס עס איז כדאי צו באַשרייבן.

חאַמעלע איז געווען אַ נידעריקער פעסט־געבויטער יידעלע, שוין אין די מיטעלע יאָרן. ער האָט געהאַט אַ ווייב און אַ שטוב מיט קינדער. עטלעכע פון זיינע זין זיינען שוין געווען דערוואַקסענע און האָבן צוזאַמען מיט פאָטער געאַרבעט אין זייער אייגענעם וואַרשטאַט. זיי האָבן געמאַכט פּויערישע סיערמיענגעס (ביליקע וואַטענע זשופּיצעס) אויף טאַנדעט. ווי קליין ער איז געווען, איז אָבער ער געווען אַ גוטער בעל־מלאכה אין זיין פאַך. און די פאַמיליע האָט זיך געלעבט גאַנץ נשקשהדיק לגבי אַנדערע יידישע בעל־מלאָכות פון גאָמבין.

הגם ער איז שוין געווען אַ ייד אין די מיטעלע יאָרן, איז ער אָבער נאָך אַלץ אַרומגעגאַנגען אין אַ צופרידענעם געמיט־צושטאַנד און זיך פאַרהאַלטן און אפשר געהאַנדלט אַזוי ווי אַ קינד. דאָס האָט אים אָבער נישט אָפּגעהאַלטן פון אויפפירן זיך אַזוי ווי אַלע אַנדערע יידן אין שטעטל.

פלעגט קומען אַ שבת, האָט חאַמעלע געפירט טיש. ער איז געזעסן מיט זיינע בנים און אָפּגעקנאַקט אַ זמירות, אַז עס איז געווען וואָס צו הערן. די מערסטע ניגונים זיינען זיינען גענומען פון די קערוסעלעס, וואָס פלעגן אָפּט קומען אין שטאָט אַריין און געשפּילט, אָדער גאָר פון די כאַכלאַצקע לידער פון די רוסישע סאָלדאַטן, וואָס האָבן געזונגען אַדורכמאַרשירנדיק די שטאָט. איין ניגון פאַר „צור משלו אָכלנו" איז ביי אים געווען גאָר אַ „צאַצקעדיקער". ער האָט געקלונגען ריכטיק ווי אַ רוסישער מיליטערישער מאַרש. צום באַדויערן איז ער נישט געווען דער איינציקער וואָס האָט צוגעפּאַסט פרעמדע, אָפּטמאָל ביליקע ניגונים צו שבתדיקע זמירות (אין מיינע שפּעטערדיקע יאָרן האָב איך געלייענט דעם יידישן שרייבער ווייסענבערגס אַ דערציילונג מיטן נאָמען אַ „טאַטע מיט בנים" האָב איך זיך דערמאָנט אין מיין־עיר חאַמעלע, ס'איז גוט אַזוי).

קיין גאָמבין פלעגן אָפּט קומען אין די זומערדיקע חדשים קערוסעלעס. זיי פלעגן זיך אָפּשטעלן אויפן דייטשישן מאַרק און אַמוזירן דאָס שטעטל פאַר אַ וואָך אָדער צוויי. אַלע אָוונט פלעגט דאָרט קומען די יוגנט

פון שטעטל, די פּוילישע און אויך די יידישע. די קערוסעלע האָט אָנגערעגט די יוגנט און ביי זיי אַרויסגערופן אַ פאַרלאַנג זיך אַרויפצוכאַפּן אויף אַ פערדל, אָדער זיך אַריינצוזעצן אין אַ בריטשקע און דרייען זיך אַרום און אַרום, באַגלייט פון די מאָנאָטאָנע מוזיקאַלישע טענער, וואָס דער שפּיל־קאַסטן האָט אַרויסגעגעבן. דאָס יונגוואַרג האָט מיט זיך מיטגעבראַכט יעדן גראָשן, וואָס זיי האָבן געקאָנט אַרויסשלעפּן פון זייערע היימען, כדי צו באַצאָלן פאַר עטלעכע מינוט דרייען זיך. אַנדערע האָבן באַוויזן קונצן, וואָס בשעת דעם גיכן דרייען זיך האָבן זיי זיך אַריבערגעכאַפּט פון הינטערשטן פערדל אויפן פאָדערשטן, אָדער גאָר פון אַ בריטשקע אויפן פערדל, אָדער גאָר זיך אַריינצוזעצן אין אַ בריטשקע און דרייען זיך אַרום און אַרום. דער טומל איז געווען גרויס און עס איז געווען פריילעך.

חאַמעלע האָט נישט אַדורכגעלאָזן קיין איין קערוסעלע, אַז ער זאָל דאָרטן נישט זיין. ווען עס איז געקומען אַ קערוסעלע אין שטאָט אַריין איז ער געוואָרן אַן אויפגעלעבטער. אַ ייד מיט אַ באָרד אין מיטן פון דעם טומלדיקן יונגוואַרג. די יידישע בחורימלעך פלעגן זיך מיט אים רייצן: „חאַמעלע איך גיי מיט אייך אין געוועט, אַז איר וועט ניט אויסהאַלטן אפילו איין מאָל זיך אַרומצודרייען. איר וואָלט אַוועקגעחלשט אָדער אַראָפּגעפאַלן פון פערדל. איר זייט אַ ציטערדיקער מענטש, וואָס שרעקט זיך פאַר יעדער קלייניקייט". אַזוי האָבן זיי אים צוגעוואָרפן און האָבן זיך געריצט מיט אים. חאַמעלע האָט זיך פאַר אַ לאַנגער צייט צוריקגעהאַלטן. ער האָט עפּעס געפילט, אַז ער איז דאָך דער איינציקער ייד מיט אַ באָרד צווישן אַזוי פיל „לאָבוזעס", האָט ער זיך אַ ביסל געשעמט. אָבער דאָס האַרץ איז ביי אים אויסגעגאַנגען פאַר גרויס חשק זיך אַרויפצוכאַפּן אויף אַ פערדל פון דער קערוסעלע און אויך פילן דעם פאַרגעניגן פון דרייען זיך.

איין מאָל האָבן די יונגע לצים אַזוי שטאַרק גענומען רייצן זיינע אַפּעטיטן און פאַרגעלייגט אַ געוועט מיט אים, אַז ער וועט דאָס נישט אויסהאַלטן (דאָס דרייען זיך), אַז דאָס מאָל האָט ער שוין מער נישט געקאָנט צוריקהאַלטן. האָט ער זיך פּלוצלונג אויף גיך אַרויפגעכאַפּט אויפן פערדל, באַצאָלט די עטלעכע גראָשן וויפל עס האָט געקאָסט און יאַזדאַ.

דאָס יונגוואַרג האָט דאָ אָפּגעהאַלטן „אַ גוואַלדיקן" נצחון איבער אים. זיי זיינען געשטאַנען אַרום דער קערוסעלע און יעדעס מאָל וואָס דאָס פערדל, אויף וועלכן חאַמעלע האָט זיך געהאַלטן, איז אַדורכגעפאָרן, האָבן זיי אים נאָכגעשריען: „חאַמעלע, ס'איז גוט אַזוי". חאַמעלע, ס'איז גוט אַזוי! געפּאַטשט מיט די הענט און געשריען: ס'איז גוט אַזוי.

בקיצור, ווען עס האָט זיך אָפּגעשטעלט דאָס דרייען זיך, איז חאַמעלע אַרונטערגעקראָכן אַ ביסל אַן אויסגעבלייכטער, זיך געוואַקלט אויף די פיס פון קאָפּ־דרייעניש. און וואָס זאָל איך אייך זאָגן, וואָס עס האָט זיך נאָך דעם אָפּגעטאָן אין שטעטל? קינד און קייט האָבן געקייכט פון געלעכטער, און ווער עס האָט אים אָנגעטראָפן האָט אים באַגריסט מיט אַן אויסרוף: „חאַמעלע, ס'איז גוט אַזוי חאַמעלע, ס'איז גוט אַזוי! „חאַמעלע, ס'איז גוט אַזוי" איז שוין פאַרבליבן זיין צונאָמען אויפן גאַנצן לעבן.

## דער משוגענער יאָסל

יאָסעלע דער משוגענער איז געווען דער היפּוך פון דער משוגענער רחלע. זיין משוגעת איז געווען פון דעם מעלאַנכאָלישן מין. ער פלעגט זיך אַרומשלעפּן איבערן שטאָט אַ שטילער. זעלטן אַרויסגערעדט מיט עמעצן אַ וואָרט, אָבער אין דער זעלבער צייט האָט ער אָפּגעטאָן כלערליי משוגעתן. למשל, אין די זומערדיקע חדשים איז זיין נאַכטלעגער געווען אין דער מטה, אין וועלכער מ'האָט אַרויסגעטראָגן די פאַרשטאָרבענע אויפן בית־עולם. די מטה איז געווען באַדעקט מיט אַ שוואַרצן טוך אין דער הויך, איבערגעצויגן אויף רייפן און האָט אויסגעזען ווי אַ בויד. דער אונטערשטער טייל האָט אויסגע־

זען ווי אַ בעט אויף שטאַנגען, און האָט געהאַט אַרויסגעשטעקט הענטלעך פון פאָרנט און פון הינטן, כדי די נושא־המטה, וואָס האָבן געטראָגן דעם טויטן, זאָלן זיך האָבן ביי וואָס צו האַלטן. אַזוי ווי ביז צום בית־עולם איז געווען אַ גרויסע שטרעקע, פלעגט מען אויפהייבן די מטה ביי די הענטלעך און אונטערשטעלן אַ זעקס אָדער אַכט פלייצעס. ווען די טרעגער זיינען מיד געוואָרן, האָבן אַנדערע איבערגענומען. קיין פורן אָדער וועגענער זיינען דאַן נאָך ניט באַנוצט געוואָרן אַוועקצופירן טויטע אין דער אייביקער רו אַריין.

די מטה האָט זיך אַלע מאָל געפונען אין פאָליש פון שול, איז דאָרטן געשטאַנען אויף פיס, און האָט זיך געעפנט און פאַרמאַכט. אין דער דאָזיקער מטה האָט יאָסעלע געהאַט זיין נאַכטלעגער. די חברה־קדישא זיינען טאַקע געווען זייער אומצופרידן מיט דעם און האָבן אים אָפטמאָל אויסגעמוסרט. דאָ האָט יאָסעלע געקראָגן לשון און האָט **יענעם** געגעבן אַ זאָג־אַריין: „הער נאָר „דו" אַזוינער (ער פלעגט אַלע מאָל אַריינטרעפן אין אַ וויכן אָרט, אַוואו עס האָט אַם מערסטן ווי געטאָן). עס איז יענעם אַריין ביז אין דער זיבעטער ריפ. אַנדערע האָבן זיך פשוט פאַרשעמט פון זיינע אַריינזאָגעכצער. האָט מען שוין מורא געהאַט מיט אים אָנצוהייבן און אים געלאָזט צו רו. הייב זיך אָן מיט אַזאַ משוגענעם!

יאָסעלע האָט זיך משמעות נישט גערעכנט מיט דער לעגענדע וואָס איז אַרומגעגאַנגען אין גאָמבין, אַז אַלע נאַכט קומען זיך צוזאַמען די מתים אין שול און מ'פראַוועט דאָרטן ווענטן. מ'לייענט די תורה, מ'רופט אויף צו עליות. ס'האָט אַמאָל געטראָפן, אַז אַ ייד איז אַמאָל פאַרבייגעגאַנגען די שול אין מיטן דער נאַכט בשעת מ'האָט געלייענט די תורה. און אָט הער ער, ווי מ'רופט אויס זיין נאָמען פאַר אַן עליה. דער ייד האָט שוין געוואוסט, אַז ווען די טויטע רופן עמעצן אויף פאַר אַן עליה, מוז מען גיין. ווען נישט — קאָן מען חלילה אַוועקפאַלן אַ טויטער אין מיטן גאַס. נאָך אַ זאַך דאַרף מען געדענקען, אַז מען דאַרף אַריינגיין אין שול. מ'טאָר זיך נישט אומקוקן נאָר אַרויפגיין גלייך אויף דעם בעלעמער, מאַכן אַ ברכה איבער דער תורה; די אויגן דאַרף מען האַלטן פאַרמאַכט, און ווען מען ווערט פאַרטיק, מוז מען שטיל אַרויסגיין פון שול. אָבער מ'טאָר זיך נאָך אַלץ ניט אַרומקוקן ביז מ'קומט צוריק אַרויס אין גאַס.

אַזעלכע און אַנדערע לעגענדעס זיינען אַרומגעגאַנגען אין גאָמבין, אָבער יאָסעלע דער משוגענער האָט ניט געהאַלטן פון די דאָזיקע מעשׂיות. ער איז אַזוי אָפגעשלאָפן אין דער טויטע מטה יאָרן לאַנג, און, ווי ס'האָט אויסגעקוקט, האָבן די מתים אים נישט געטשעפעט אין זיין שלאָף, ער איז דאָך נעבעך אַ משוגענער. האָבן זיי אים געלאָזן צו רו...

ווינטער־צייט אין די קעלטן פלעגט ער זיך אויסציען אויף דער האַרטער באַנק לעבן דעם וואַרעמען אויוון אין בית־מדרש און דאָרט איז געווען זיין דירה פאַר איבערן ווינטער.

יאָסעלע האָט נאָך אָפגעטאָן אַנדערע משוגעתן. ער פלעגט טאָג־טעגלעך אַרומגיין איבער די הייזער און בעטלען. די פרויען האָבן אים געגעבן אָפצועסן אַ ביסל גריץ, אָדער אַנדער געקעכץ, אָבער צום מערסטן פלעגט ער קריגן אַ מוצא ברויט. האָט זיך ביי אים אָנגעזאַמלט ברויט מער וויפל ער האָט געקאָנט אויפעסן. טאָ וואָס זאָל ער טאָן מיט די איבעריקע שטיקער ברויט? אַוועקוואַרפן? דאָס נישט! אפשר וועט ער מאָרגן גאָרנישט קריגן און דאַרפן אַרומגיין אַ הונגעריקער? האָט ער גענומען די שטיקער ברויט און באַהאַלטן, אַז קיינער זאָל נישט וויסן אַוואו דאָס געפינט זיך. טאָ אַוואו באַהאַלט מען? האָט ער אויסגעזוכט אַלערליי לעכער, און דאָרטן אַריינגעשטופט **ברויט.** איינע פון זיינע בעסטע באַהעלטענישן וואָס ער האָט אויסגעפונען איז געווען אין אָרון־קודש פון בית־המדרש. דאָרט זיינען געווען אַ סך ווינקלען, וועלכע ער האָט אָנגעשטופט מיט ברויט. פלוצלונג האָבן זיך באַוויזן אַ סך מייז, וואָס זיינען אַרומגעלאָפן אין בית־

המדרש. האָט שלמה יוקעוו שאַמעס גענומען זוכן און אויסגעפונען פון וואַנען עס האָבן זיך גענומען אַזוי פיל מייז. ער ווייסט, אַז קיינער נעמט מיט זיך ניט מיט קיין שפייז אין בית־המדרש אַריין. האָט ער גענומען אויספרעגן די אָרעמע בחורים, וואָס פלעגן כסדר זיצן אין בית־המדרש און לערנען תורה, אפשר ווייסן זיי עפּעס, אָדער טאָמער ברענגען זיי מיט זיך מיט עפּעס עסנוואַרג. האָט דער שלמה יוקעוו נעבעך געזוכט און געפאָרשט אין געהיים, אפשר וועט ער עמעצן געפינען וואָס ברענגט עסנוואַרג אין בית־המדרש אַריין.

איין מאָל, שפּעט ביינאַכט, זיינען געזעסן בלויז עטלעכע בחורים, אַריינגעטאָן און פאַרטיפט אין לערנען ביי אַ בלאַט גמרא, האָט שלמה דערהערט פון ווייטנס, אַז עפּעס רודערט זיך ביים אָרון־קודש. איז ער גיך צוגעלאָפן זען וואָס דאָרטן טוט זיך. האָט ער דערזען, יאָסעלע משוגענער איז אַריינגערוקט מיטן קאָפּ אין אָרון־קודש. יאָסעלע, וואָס זוכסטו דאָרטן, האָסט דאָרט עפּעס אַריינגעלייגט? גאָרניט, קיין זאַך ניט.

ווען שלמה יוקעוו האָט גענומען אונטערזוכן, איז אים שלעכט געוואָרן: אוי! אַ בראָך איז מיר! אַלע ווינקלען זיינען געווען אָנגעפילט מיט שטיקער דאַרע ברויט... ס׳האָט דעם שאַמעס גענומען אַ סך מי ביז וואַנען ער האָט אויסגערייניקט דעם אָרון־קודש, און פּטור געוואָרן פון די מייז.

אַזעלכע און אויך אַנדערע משוגעתן האָט יאָסעלע דער משוגענער אָפּגעטאָן. עס איז געווען שווער פון אים אויסצוהאַלטן. קיינער האָט אָבער נישט געפונען קיין עצה, ווי אַזוי פּטור ווערן פון אים און פון זיינע שטיק.

## רחלע די משוגענע

ס׳איז געווען אין אַלגעמיין אַ באַוואוסטע זאַך, אַז כמעט יעדע יידישע קהילה האָט געהאַט אַ שטאָט משוגענעם. גאָמבין איז געווען באַשערט צו האָבן צוויי — אַ מאַן און אַ פרוי אוןביידע האָבן געלעבט אין דער זעלביקער צייט. לאָמיר איצט דערציילן פון רחלע די משוגענע.

דאָס איז געווען אַ מויד פון העכערן געוויקס, מיט אַ בלאָנדן פּנים, מיט אַן אידיאָטיש אויסזען. צוויי קראַנקע און נאַרישע אויגן האָבן אַרויסגעקוקט פון אירע אויגן־לעכער. זי האָט געהאַט אַ פּאָר לאַנגע הענט און הויכע פיס. זי פלעגט גאַנצענע טעג אַרומבלאָנדזשען (אַרומקריכן) איבער יידישע גאַסן און שטובן אין טראַנטעס פון אַלערליי קאָלירן, וואָס פרומע ווייבער האָבן איר געגעבן אַלס מלבושים און איר נישט געלאָזט אַרומגיין נאַקעט. ווייל ביי רחלען דער משוגענער האָט עס אויך געקאָנט פּאַסירן. זי האָט געבעטלט עסן און זייער ווייניק האָבן איר אָפּגעזאָגט.

אַוואו האָט זי זיך אויפגעהאַלטן? דאָס האָט קיינער נישט געוואוסט. ס׳זיינען געווען שטיבער אַוואו מ׳האָט איר געוואָלט געבן איבערצונעכטיקן אין די ווינטערדיקע קאַלטע נעכט. אָבער זי האָט אַלעמען אָפּגעזאָגט מיט אידיאָטישן „ניין". און גיי טו איר עפּעס דערפאַר.

כמעט קיינער אין שטעטל האָט נישט געוואוסט פון וואַנען זי שטאַמט, ווער זיינען געווען אירע טאַטע־מאַמע, האָט זי קרובים, שוועסטער, ברידער, משפּחה? דאָס אַלץ איז געווען אַ געהיימניש. און זייער ווייניק האָבן זיך פאַראינטערעסירט מיט די אַלע פראַגן. ס׳איז געווען אַ הקדש אין שטאָט, אָבער זי וואָלט דאָרטן נישט געגאַנגען. און ווען אַפילו זי וואָלט דאָרטן יאָ געוואָלט גיין, וואָלטן די אַנדערע וואָס האָבן זיך דאָרטן געפונען (ווי אָרעם און צעבראָכן די מענטשן זיינען געווען) איר נישט געוואָלט האָבן מיט זיך. האָט זי זיך אַזוי אַרומגעבלאָנקעט אין אַלע לעכער און חורבות. אַמאָל, האָבן קריסטלעכע פרויען דערציילט, אַז זיי האָבן איר געטראָפן ליגן ערגעץ אין אַ ווינקל פון שייער, אָדער אין אַ שטאַל פון בהמות. אין די זומערדיקע חדשים איז נאָך נישט געווען אַזוי געפערלעך. אָבער ווינטער אין די קעלטן איז דאָס געווען דער גרעסטער חידוש, ווי אַזוי זי האָט דאָס אויסגעהאַלטן. אמת זי האָט לאַנג נישט געלעבט, אָבער אין די קורצע יאָרן וואָס זי האָט עקזיסטירט, איז דאָס אויך געווען אַ זעלטענע פּאַסירונג

אַפּילו פֿאַר אַזאַ פֿאַרוואָרפֿן שטעטל ווי גאָמבין.

זי איז שוין דאַן געווען טויט עטלעכע יאָר. בין איך איין מאָל אַהיימגעקומען פֿון מרדכי מלמד׳ס חדר מיט אַ לאָמטערנע אין האַנט. ס׳איז געווען זייער פֿינצטער, און עס האָט געגאָסן אַ שטאַרקער רעגן. ווען איך בין אַריין אין דער מתים־גאַס, דערהער איך פּלוצלונג ווי עמעצער טאַפּטשעט און גייט מיר נאָך. איך דריי אויס מיין קאָפּ און דערזע רחלען דער משוגענער. נעם איך שוין שטעלן גיכע טריט, און וואָס גיכער איך גיי, אַלץ שנעלער לויפֿט זי מיר נאָך. הגם איך האָב „געוואויסט", אַז טויטע קומען זיך ערשט צונויף אַרום 12 ביינאַכט אין שול, וואָס איז געווען אַנטקעגן און זיי פֿאַרברענגען דאָרטן ביז דער ערשטער האָן גיט אַ קריי... און עס איז דאַן געווען נאָך פֿאַר ניין אַ זייגער אין אָוונט, דאָך בין איך געווען אַזוי צעשראָקן פֿאַר מורא, אַז אָט אָט כאַפּט זי מיך אָן און וועט מיך אין ערגעצוואו אַוועקשלעפּן, אפשר מיט די שדים. ווען איך בין אַריינגעפּאַלן אין הויז נישט טויט און נישט לעבעדיק, אָן אויסגעבלייכטער, האָט זיך מיין גוטע מאַמע שרה ע"ה זייער דערשראָקן. „וואָס האָט פּאַסירט, מיין קינד", דערצייל איך איר, אַז רחלע די משוגענע איז מיר נאָכגעלאָפֿן און מיך געוואָלט כאַפּן. „וואָס רעדסטו מיין קינד?" רחלע איז דאָך שוין לאַנג טויט, און טויטע כאַפּן נישט קיין קינדער.

## „מ׳פֿירט דעם לייכטער אין שול אַריין"

דאָס איז פֿאַרגעקומען אין מיינע גאָר יונגע יאָרן. און האָב דעמאָלט געלערנט ביי מרדכי מלמד אין חדר. ווען מיר זיינען פֿאַרטיק געוואָרן מיטן לערנען די סדרה פֿון דער וואָך, איידער מיר זיינען אַהיימגעגאַנגען, רופֿט זיך אָפּ אונדזער רבי מרדכי צו אונדז: קינדער! מאָרגן אם ירצה השם דאַרפֿט איר נישט קומען אין חדר. מאָרגן פֿירט מען דעם לייכטער אין שול אַריין. פֿון דער מעשה מיטן לייכטער האָט זיך שוין געקאָכט אין גאָמבין פֿאַר אַ לאַנגער צייט.

די שיינע יונגע לייטלעך פֿון שטאָט, צוזאַמען מיט די איידעמס אויף קעסט, האָבן זיך שוין מיט אַ לענגערער צייט צוריק צוזאַמענגערעדט, אַז מען עפּעס טאָן, בכדי אַ ביסל אויפֿצולעבן און באַשיינען די אַלטע שול, וועלכע כאָטש שוין גאָר אַלט, איז אָבער ביי אַלעמען זייער באַליבט. איז ביי זיי באַשלאָסן געוואָרן, אַז אַ נייער מאָדערנער הענג־לייכטער וועט זיין אַ שיינע צירונג וואָס וועט באַלייכטן און אויפֿלעבן די שול.

האָט מען געקליבן און געקליבן פֿאַר אַ לאַנגער צייט וויפֿל עס האָט זיך נאָר געלאָזט, גראַשנס, גילדנס, רובעלס, וויפֿל איינער האָט געגעבן, האָט מען גענומען. עס האָט זיך געצויגן גאָר אַ לאַנגע צייט. און אַנדערע האָבן שוין אַפּילו אויפֿגעגעבן די האָפֿענונג אַז מ׳וועט אַמאָל קענען שאַפֿן די נויטיקע סומע פֿאַר אַזאַ לייכטער, וואָס זיי האָבן פּלאַנירט צו קויפֿן וועט ווען עס איז קענען געשאַפֿן ווערן.

ויהי היום, האָט זיך געהערט אין שטאָט, אַ יונגערמאַן פֿון גאָמבין איז געווען אין וואַרשע איז ער שוין אַרומגעגאַנגען אין איין וועגס זוכן, באַקוקן הענג־לייכטערס (מיר דוכט זיך, אַז אין עלשטיינס שענדעליער־פֿאַבריק), האָט ער דאָרטן דערזען אַ לייכטער וואָס איז געווען אַן אַנטיק און דער פּרייז וואָס ס׳האָט באַדאַרפֿט קאָסטן איז אויך געווען צוגענגלעך.

אַהיים קומענדיק פֿון וואַרשע, האָט ער דערציילט וועגן דעם וואָס ער האָט דאָרטן אויסגעפֿונען, און אויך וועגן דעם פּרעכטיקן הענג־לייכטער וואָס ער האָט געזען און וויפֿל ס׳דאַרף קאָסטן. האָט זיך אַוועקגעלאָזן אַ קאָמיטעט פֿון יונגע לייט, וועלכע האָבן זיך מתעסק געווען מיט דעם און האָבן איינגעהאַנדלט אַ הענג־לייכטער, וואָס איז געווען אַזוינס און אַזעלכעס. אַ זעלטנהייט פֿון אַן אַנטיק — אַזוי האָט מען גערעדט אין שטאָט נאָך איידער דער לייכטער איז אָנגעקומען פֿון וואַרשע.

אין איינעם פֿון אַן אַנהייב זומערדיקן טאָג (אַזוי דוכט מיר, אַז ס׳איז דאַן געווען) האָט דער קאָמיטעט צוזאַמען מיטן

לייכטער באַדאַרפט אָנקומען קיין גאָמבין. אין דעם דאָזיקן טאָג איז באַשלאָסן געוואָרן צו מאַכן אַ יום־טוב און מ׳וועט מיט פּאַראַד פירן דעם לייכטער אין שול אַריין.

ס׳איז מיר נישט באַקאַנט אויב ס׳איז טאַקע געווען אַזאַ רעזשיסאָר, וואָס האָט אויסגעשטעלט דעם פּאַראַד, ווען מ׳האָט געפירט דעם הענג־לייכטער אין שול אַריין. גיכער איז עס געוואָרן פון זיך אַליין (אַזוי ווי אַלע מאַסן־סצענעס קומען פאָר), און וואָס דער בעסטער רעזשיסאָר וואָלט דאָס אפשר קיין מאָל ניט געקענט איינשטעלן אַזעלכע פּראַכטפולע מאַסן־סצענעס. פון פאָרנט איז געפאָרן דער ברייטער וואָגן מיטן לייכטער. הינטער דעם וואָגן איז נאָכגעגאַנגען דער רב, דער חזן, דער דיין, שאַמאָסים און אַנדערע תלמידי חכמים פון שטאָט. נאָך זיי די גבאים, סתם שיינע יידן פון שטאָט, די חברה קדישא־לייט, עלטערע יידן, מיטל־יעריקע, אַלע מיט שיינע בערד, גראָע, שוואַרצע, יונגע לייטלעך מיט די ערשטע שפּראָצונגען פון בערדלעך, יונגוואַרג פון כלערליי עלטער, די גאָר יונגע ייִנגלעך זיינען געווען צעיאַכמערט און פון די גליקלעכסטע אין דעם פּאַראַד. פון די זייטיקע גאַסן — פרויען יונג און אַלט. אויף אַלעמענס פּנימער איז געלעגן אַן אויסדרוק פון הנאה, ווי אַדורכגענומען פון מ׳זמן־השכינה, נישט אַרויסגעוויזן צופיל פרייד (יידן טאָרן זיך נישט צופיל פרייען), אָבער אויף אַלעמענס פּנימער איז געלעגן אַן אינערלעכע גליקזעליקייט.

איך האָב אין מיינע שפּעטערע יאָרן געזען בילדער, געמאָלן פון יידישע קינסטלער, וואָס האָבן פאַרגעשטעלט מאַסן־סצענעס פון יידן. אין בילד האָט זיך גערופן „גלות". עס האָט געוויזן ווי אַ גרויסע מאַסע יידן גייען אין אַ מדבר, אַ שטורעם־ווינט יאָגט זיי נאָך. מידע, צעווייטיקטע שלעפּן זיי זיך אַזוי אין דער וויסטעניש, מיט צעפלאָשעטע און פאַרדרייטע בערד, געיאָגט פון שטורם־ווינט.

אָבער קיין מאָל האָב איך נישט געזען געמאָלן פון אַ יידישן קינסטלער אַזאַ מאַסע פון יידן, מיט אַזעלכע גליקזעליקע פּנימער, וואָס איך האָב דאַן געזען אין גאָמבין בעת מען האָט געפירט דעם לייכטער אין שול אַריין.

ווען מען האָט דעם הענג־לייכטער אַריינגעבראַכט אין שול אַריין און אים אויפגעהאָנגען אויף אַ קייט וואָס איז שוין פון פריער געווען צוגעגרייט, און אָנגעצונדן די ליכט און די גרויסע צאָל פייערן וואָס איז געווען אין דעם לייכטער באַהאָנגען מיט געשליפענע גלעזלעך פון אַלע זייטן, האָט די גרויסע באַלייכטונג געמאַכט די גאַנצע שול אויסקוקן מאַיעסטעטיש. דער האָלץ־געשניצטער אָרון־קודש באַהאָנגען מיט דעם בלויען סאַמעטענעם פּרוכת, באַזוימט אַרום מיט גאָלד, האָבן זיך אַרויסגעוויזן מערער. די קאָלירטע גלעזער פון די פענצטער פון שול האָבן געקראָגן אַן אַנדער אויסזען, און די גאַנצע שול האָט ווי אויפגעלעבט.

איך בין זיכער, אַז די גאָמבינער יידן געדענקען נאָך ביז היינט צו טאָג דעם דאָזיקן הענג־לייכטער, וואָס האָט זיך געפונען נעבן באַלעמער פון פאָרנט אַריינקומענדיק אין שול.



אַ לוויה אין גאָמבין

דזשוליוס גרין

# אריה דער ליכט־ציער

דעם דאָזיקן גאָמבינער ייִד וועל איך קיינמאָל נישט פֿאַרגעסן. איך געדענק אים נאָך פון די צייטן, ווען איך בין געווען אַ קליין ייִנגל. יעדעס מאָל, ווען ער האָט אויף מיר אַ קוק געגעבן, האָט מיר געגעבן אַ טיאָכקע אין האַרץ. טיילמאָל פלעגט ער מיך צוציִען צו זיך, פלעגט אַרויפלייגן די הענט זיינע אויף מיינע קינדערישע אַקסלען און די אויגן זיינע האָבן אויף מיר שטאַר אַרויסגעקוקט פון אונטער זיינע געדיכטע ווייסע ברעמען. איך האָב געפילט, ווי די פינגער זיינע האָבן זיך ענגער פאַרקלאַמערט אַרום מיינע אַקסלען און ווען אונדזערע בליקן האָבן זיך באַגעגנט, האָב איך דערזען ווי אין זיינע אויגן איז געלעגן אַ ים מיט טרויער. איך האָב געפילט, ווי ער נעמט מיך אַדורך און אַדורך מיט זיין בליק. דאָס אַלץ האָט נישט געדויערט לענגער ווי אַ ברוכטייל פון אַ סעקונדע, דאַן זיינען די פינגער זיינע געוואָרן לויזער און ער האָט מיך אָפּגעלאָזט. איך בין אַוועק פון אים אַ שווייגנדיקער. איך בין דעמאָלט אַלט געווען אַ יאָר זיבן אָדער אַכט. דער ייד פלעגט קומען צו אונדז אין הויז אַריין יעדן טאָג, פלעגט זיך אַוועקזעצן אויפן זעלבן אָרט און האָט אָבסערווירט ווי מיין פאָטער האָט געאַרבעט ביי זיין שניידעריי.

דער פאָטער מיינער מיט אריה דעם ליכט־ציער האָבן זייער זעלטן געשמועסט און אויב זיי האָבן שוין יאָ אַמאָל גערעדט, איז עס שטענדיק געווען דאָס זעלבע, וואָס זיי האָבן גערעדט מיט אַ וואָך אָדער מיט אַ חודש פריער. מיין פאָטער האָט גערעדט וועגן זיינע צוויי זין, וואָס האָבן פאַרלאָזט גאָמבין און האָבן זיך געפונען אין אַמעריקע און אריה האָט גערעדט וועגן זיין זון שלמה און וועגן זיינע קינדער, נאָך וועלכע ער שטאַרק געבענקט. שלמה מיט זיין פאַמיליע האָט זיך דעמאָלט געפינען אין דעטראָיט.

איך האָב די אַלע געשפרעכן צווישן טאַטן מיינעם און אריהן געקענט פון אויסנווייניק. אריהס באָרד איז געווען ווייס ווי שניי. און אַזאַ איז אויך געווען מיין פאָטערס. אין גאָמבין איז שווער געווען צו דערקענען עמעצנס עלטער לויטן געזיכט. יעדער בחור פון 19 אָדער 20 האָט שוין געהאַט אַ באָרד, די מערהייט האָט אויסגעזען נישט־דערנערט, אָנגעטאָן אין אָפּגענוצטע מלבושים און האָט זעלטן געשמייכלט. די אויגן זיינען מייסטנסטייל געווען טרויעריק, די פאַמיליעס זיינען געווען גרויסע, די קינדער — צאָלרייך. געוויינלעך פלעגט דעמאָלט אַ פאָרפאָלק, וואָס איז אַלט געווען צווישן 30 און 40 יאָר, האָבן פון 7 ביז 9 קינדער. די עלטערן פלעגן לעבן מיט די אויסגעגעבענע קינדער און מען האָט געהונגערט צוזאַמען.

עס זיינען געווען פאַלן, ווען זין און טעכטער פלעגן פאַרלאָזן די היימען און אַוועקפאָרן קיין אַמעריקע, אָבער אָפטמאָל פלעגן זיי נישט זיין אימשטאַנד צו העלפן מאַטעריעל די איבערגעלאָזטע פאַמיליעס. אין אַזאַ פאַל איז די לאַגע פון די עלטערן געווען אַ ביטערע. בלויז געציילטע זיינען געווען די, וואָס האָבן באַקומען הילף פון זייערע קינדער אין אַמעריקע. צו די דאָזיקע גליקלעכע יידן אין גאָמבין האָט געהערט אריה.

ווען איך בין אַלט געוואָרן אַרום 12 אָדער 13 יאָר האָב איך אָנגעהויבן צו פאַרשטיין, וואָס עס הייסט אַזוינס, אַז

אריהס זון אין אַמעריקע איז געוואָרן אַ פאַרמעגלעכער מענטש, אַז דער נאָמען זיי־נער איז סאַלאָמאָן זילבערשטיין, אַז ער לעבט אין דעטראָיט, מישיגען און אַז ער שיקט דעם טאַטן זיינעם הילף רעגולער, יעדן חודש. אריה האָט ווייטער געפירט אַ באַשיידן לעבן, אָבער ער האָט נישט געוואוסט פון קיין הונגער. ער האָט זיך געפילט זיכער, באַשיצט און האָט שטאָל־צירט דערמיט, וואָס דער זון זיינער גע־דענקט אין אים. פונדעסטוועגן האָט ער ווייטער געלעבט ווי פריער, ווען ער האָט קוים פאַרדינט אויף חיונה. איך האָב גע־הערט, ווי ער האָט געזאָגט צו מיין פאָ־טער, אַז ער לאָזט נישט זיין ווייב שיילן קיין קאַרטאָפל, ווייל זי שניידט אַוועק צו גראָבע שטיקער שאָלן. „איך שאָב זיי בלויז" — האָט ער געזאָגט, „און דאָס שאָ־בעכץ פאַרקויף איך צו די פויערים, וואָס פאַשען דערמיט די חזירים".

אַ צווייט מאָל האָב איך געהערט, ווי ער האָט געזאָגט: „מיין ווייב עסט צופיל. אַ מענטש דאַרף נישט עסן אַלץ, וואָס ער קאָן עסן, מען מוז עפּעס איבערלאָזן אויף צומאָרגנס".

די לעצטע פּאָר יאָר פאַר מיין אַוועק־פאָרן קיין אַמעריקע פלעגט אריה מיט זיין ווייב קומען צו אונדז פסח צו די סדרים. און ווען איך האָב אַמאָל געזאָגט: „לשנה הבאה בירושלים", האָט ער אויף מיר אַ קוק געגעבן און געזאָגט: „ניין, אין אַ יאָר אַרום וועסטו זיין אין אַמעריקע". איך וועל דאָס קיינמאָל נישט פאַרגעסן. דאָס איז געווען אין יאָר 1913. אַ שטילקייט האָט אַראָפּגענידערט אויף דער שטוב. איך האָב געזען, ווי אריה האָט אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ, האָט אַ קוק געגעבן אויף מיין טאַטן און האָט געשוויגן. מיט אַ פּאָר מינוט שפּעטער האָב איך אים געהערט זאָגן צו מיין פאָטער: „זינדיק נישט. ס'איז גאָטס רצון". מיין פאָטער האָט אויסגעדרייט צו מיר דעם קאָפּ, האָט דערנאָך אַ קוק גע־געבן אויף אריהן און האָט געזאָגט מיט אַ ציטערדיקער שטימע: „יאָ, אריה, ס'איז גאָטס ווילן, מיר קאָנען נישט אָקעגנרעדן".

אריה איז געזעסן אַ שווייגנדיקער. ער האָט געקוקט אויף זיינע אָדערדיקע הענט און דערנאָך האָט ער אויפגעהויבן דעם קאָפּ און האָט זיך פאַרקוקט אין דער וויט־קייט. מיט עטלעכע וואָכן שפּעטער זיינען אָנגעקומען פון אַמעריקע פּאַפּירן, וועלכע מיר האָבן נישט געקאָנט לייענען; אָבער אין צוגעלייגטן בריוו איז געווען געזאָגט, אַז איך דאַרף מיך אָנהייבן צו גרייטן אין וועג אַריין.

מיר האָבן פאַרגעלייענט דעם בריוו עטלעכע מאָל ביים טיש. אריה איז דערביי געזעסן, ער האָט געהאַט אַ פאַראומערט געזיכט און זיין פּנים איז געווען וויס ווי זיין באָרד. די הענט זיינע, וואָס האָבן גע־רוט אויפן שטעקן, האָבן געציטערט און ווען מען האָט פאַרענדיקט לייענען דעם בריוו, האָט ער אויסגעזען, ווי ער וואָלט נישט געהאַט אין זיך קיין טראָפּן בלוט. איך האָב געזען, ווי ער האָט פאַרריסן דעם קאָפּ אין דער הויך, צום הימל און די ליפּן זיינע האָבן זיך באַוועגט ווי אין אַ שטילער תפילה. איך האָב אַ קוק געגעבן אין זיינע אויגן. צווי קרישטאָל־ריינע טרערן האָבן זיך באַוויזן אין די ווינקלען פון די אויגן, זיי זיינען אַראָפּגעפלאָסן איבער דער באָרד, וואו זיי האָבן איבערגעלאָזט אַ פּערלדיקע שנור.

דעם דאָזיקן טאָג איז אריה געבליבן ביי אונדז לענגער ווי געוויינלעך. ער האָט עפּעס געפליסטערט צו מיין טאַטן, דער־נאָך האָט ער מיך אַ רוף געגעבן און גע־זאָגט: יונהלע, היינט פאַרנאַכט וועסטו גיין מיט מיר אין שול אַריין דאַווענען מעריב. איך האָב אַ קוק געגעבן אויף מיין פאָטער. ער האָט אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ און געזאָגט: „יאָ".

נאָכן דאַווענען, ווען אריה און איך האָבן פאַרלאָזט די שול, איז דער הימל געווען געדיכט אָנגעשאָטן מיט שטערן און די לבנה האָט העל געלויכטן. ווען מיר זיי־

נען אָפּגעגאַנגען אַ פּאָר שריט פון דער שול, האָט אריה זיך אויסגעדרייט, האָט מיר געגעבן אַ סימן, כ׳זאָל אים נאָכגיין און מיר האָבן זיך אַוועקגעזעצט אויף די שטיגן פון דער גאָמבינער שול.

אריה האָט זיך אויפגעשטעלט. ער האָט אַ קוק געגעבן צום הימל. זיינע ליפן האָבן זיך אַ באַוועג געטאָן, די באָרד זיינע האָט געציטערט און ער האָט צו מיר געזאָגט אַזוי:

„דער רבונו של עולם האָט באַשאַפן אַ שיינע וועלט. ווי גוט איז סתם אַזוי צו קוקן אויפן הימל, אויף די שטערן, אויף דער לבנה. אַפילו אין פינצטערניש זיינען פאַראַן אַזוי פיל שיינקייטן. בלויז דעם מענטשנס האַרץ איז שווער. עס איז אָנגעפילט מיט טרויער. דו ווייסט, יונהלע, אַז איך לייד מער נישט פון קיין הונגער אָבער קיינער קאָן מער נישט אַריינקוקן צו מיר אין האַרץ אַריין און זען די גרויסע בענקשאַפט, וואָס איך טראָג צו מיין זון שלמה און צו זיינע קינדער״.

ער איז אַ ווילע אַנטשוויגן געוואָרן, אָבער באַלד האָט ער אַ ציטערדיקער געזאָגט: „דו, יונהלע, וועסט זען מיין זון, וועסט זען מיינע אייניקלעך. מיט דיר שיק איך מיט אַ טייל פון מיין וועזן. מיינע געפילן, מיין בענקשאַפט... אין דיר פלאַנץ איך אַריין אַ שטיק פון מיין נשמה.

ער האָט זיך צוגעזעצט צו מיר, האָט אַוועקגעלייגט אַ האַנט אויף מיין קני, האָט פעסט צוגעדריקט די פינגער, האָט מיר אַריינגעקוקט אין פנים אַריין און געזאָגט: „זאָג מיין זון, אַז איך טו פאַר אים תפילה בייטאָג און ביינאַכט. איך דאַוון צום רבונו של עולם, אַז ער און די קינדער זיינע זאָלן מצליח זיין; ער זאָל זיין גליקלעך אין אַלץ, וואָס ער טוט; ער זאָל פאַרכטן גאָט; און ער זאָל געדענקען, אַז גאָט האָט שטענדיק פאַרנומען מיינע תפילות. אָבער זאָג זיי נישט, מיין זון און מיינע אייניקלעך, ווי דאָס האַרץ מיינס גייט אויס אין בענקשאַפט״.

ער איז ווידער אַנטשוויגן געוואָרן. פלוצלונג האָב איך דערהערט ווי ער האָט געזאָגט, נישט צו מיר, נאָר צו זיך אַליין: „פאַרוואָס מוזן מיר ווערן צעשיידט? פאַרוואָס האָט דער רבונו של עולם אונדז געגעבן אַ האַרץ צו ליידן אַזוי פיל? פאַרוואָס קאָן איך נישט זען מיין זון? צי קאָנסטו דאָס פאַרשטיין? ניין דו ביסט צו יונג. ס׳איז אַלץ אַזוי אויסטערליש, מיין קינד. מען טאָר אָבער נישט זינדיקן. מען טאָר נישט פרעגן קיין שאלות אויף דעם רבונו של עולמס דרכים״.

עס איז מיר געוועזן טרויעריק אויפן האַרץ. איך האָב נישט פאַרשטאַנען קלאָר, וואָס אריה האָט געזאָגט, איך האָב אָבער גוט געפילט דעם ווייטיק פון זיין האַרץ, זיין איינזאַמקייט, זיין דאַנקבאַרקייט צו זיין זון שלמה און זיין שטאָלץ. פון אַלע זיינע רייד האָבן מיך אַממייסטן געריירט די ווערטער: „פאַרוואָס מוזן מיר ווערן צעשיידט?״ איך האָב באַגריפן, אַז אין קורצן וועל אויך איך ווערן צעשיידט, אָפּגעריסן פון מיין פאַמיליע, אַז איך וועל בקרוב אַוועק קיין אַמעריקע.

אריה האָט אַוועקגענומען די האַנט פון מיין קני, האָט זיך אויפגעשטעלט און געזאָגט: „אַ גוטע נאַכט, יונהלע״. ער האָט גענומען לאַנגזאַם אַוועקגיין צו דער גאַס, וואו ער האָט געוואוינט.

איך בין געבליבן זיצן און האָב אים נאָכגעקוקט, ווי ער איז טיפער און טיפער פאַרשווינדן געוואָרן אין דער פינצטערניש פון דער נאַכט. דער קאָפּ מיינער איז פול געווען מיט די ווערטער, וועלכע ער האָט מיר געזאָגט. זיינע טריט האָבן וואָס אַמאָל שטילער אָפּגעקלאַפּט אין ברוק. די קני מיינע, וואו ער האָט געהאַלטן זיין ביינערדיקע האַנט, האָט געגליט. ביז דער אָפּקלאַנג פון זיינע טריט איז צונישט געוואָרן, ביז ער איז איינגעשלונגען געוואָרן אין דער נאַכטיקער געדיכטקייט.

אַריה איז פון פאַך געווען אַ ליכט־

ציער. ער איז געווען אַ גבר, אַ שטאַרקער מאַן. ער האָט אַלעמאָל אויסגעזען פריש און געזונט און ווען איך בין אַוועקגעפאָרן קיין אַמעריקע איז ער שוין געווען קרוב צו 80 יאָר. אַ סך גאַמבינער יידן האָבן אים מקנא געווען צוליב זיין געטרייען זון שלמה. מענטשן האָבן גערעדט, אַז דער זון שיקט אים אַזוי פיל געלט, אַז דער אַלטער מוז האָבן אַ „קניפל".

דעם טאָג ווען כ'בין אַוועקגעפאָרן איז אריה געקומען צו אונדז אין הויז אַריין. ער האָט מיך גענומען אין אַ ווינקל פון דער שטוב און האָט מיר אַריינגערוימט אין אין אויער אַריין: „זאָג מיין זון און זיינע קינדער, אַז ווען די טעג מיינע אויף דער ערד וועלן זיך ענדיקן, וועל איך פאַר זיי תפילה טאָן אין הימל, און איצט, יונהלע, זאָל דיך דער רבונו של עולם האָבן אין זיין רשות. פאַרגעס קיינמאָל נישט גאַמבין און די גאַמבינער יידן".

איך האָב קיינמאָל נישט פאַרגעסן.



# גאַמבינער ווערטלעך

1. דאָס איז אַזאַ פּויער וואָס ווייס נישט קיין צלם פון אַן אַלעף.
2. ער האָט מיט אים אינאיינעם חזירים געפּאַשעט.
3. ער איז אַזאַ מבין ווי אַ חזיר אויף הייזון.
4. דער פּויער מיט דער פּויערטע ליגן אַזוי לאַנג אויף איין קישן ביז זיי קריגן איין געווים.
5. דער גוי איז טרפה אָבער זיין גראָשן איז כשר.
6. מיט פרעמדע הענט איז גוט אַרויסצו־שאַרן הייסע קוילן פון אויוון.
(אָדער: איז גרינג אַרויסצושאַרן הייס אַש).
7. ער האָט אַפילו נישט געזאָגט הונט, טייוול, קוש מיר אין הינטן...
(ווען מ׳האָט שיין אויפגענומען אַ גאַסט אָדער — אימיצן גוט באַהאַנדלט, און יענער איז אַוועק אָן אַ זיי געזונט און אַפילו קיין דאַנק נישט געגעבן).
8. וואָס ביי אַ קלוגן אויפן לונג איז ביי אַ נאַר אויפן צונג.
9. אַ ייד אַ למדן גיט זיך אַן עצה.
10. כ׳זאָל נישט זינדיקן מיט די רייד.
11. כ׳זאָל נישט געשטראָפט ווערן פאַר מיינע רייד.
12. מיינע רייד זאָלן אים נישט שווער זיין. (ווען ס׳רעדט זיך פון אַ געשטאָרבענעם).
13. שלייסן פעדערן, (אַרונטער רייסן די פעדערן פון די שטענגלעך).
14. מ׳זאָל נישט געפּרואווט ווערן צו וואָס מ׳קען געוואוינט ווערן.
15. קלייבן אַרבעס, (אַרויסקלייבן די ווער־מיקע).
16. ווי איינער איז צו זיבן (אַזוי) איז ער צו זיבעציק.
17. אַ קלאַפּ פאַרגייט און אַ וואָרט באַשטייט:
18. בויכע וועכו׳סע, (נאַקעט, באָרוועס און הונגעריק. פאַר גרייזט פון „בעירום וב־חוסר כל”).
19. ס׳גליגן טועניש, (ווען אַ גאָמבינער ייד האָט געוואָלט עפּעס זאָגן אָדער דערציילן, האָט ער דאָס אָנגעהויבן מיט די ווערטער: כ׳האָב געוואָלט עפּעס זאָגן, ס׳גליגן טועניש).
20. וואָס אויס די אייגן אויסן האַרץ.
21. פאַרייד מיר נישט די ציינער, (פאַר־טומל מיך נישט מיט אַנדערע זאַכן).
22. ער נייט זיך שוין אַ בייטעלע, (דער־וואַרט אַ געווינס, אָדער אַ ירושה).
23. ער איז אַ טייער בייטעלע, (מאַכט אַ גרויסן אָנשטעל און היינט הייסט זיך גוט באַצאָלן).
42. אויף פאַרשיווע פערד קלייבן זיך פליגן.
25. אַ קאַרגער מוז צוויי מאָל קויפן און אַ פוילער מוז צוויי מאָל לויפן.
26. אין דער פרי צום גט און ביינאַכט צום בעט. (אַ פאָר פאָלק וואָס האַלטן זיך אין איין אַרומקריגן און דאָך האַלטן זיי זיך צוזאַמען).
27. דער מענטש לערנט און לערנט זיין גאַנץ לעבן און שטאַרבט אַ נאַר.
28. ווען אַ מענטש זאָל אַפילו לעבן ביז זיבעציק, וועט ער אַלץ שטאַרבן אַ נאַר.
29. אַז מען איז פויל האָט מען נישט אין מויל.
30. אַלץ אין איינעם איז נישטאָ ביי קיינעם.
31. ער לעבט אין אַ נאַרס גן־עדן, (אַזעל־כער וואָס חשבונט נישט און דאגהט נישט, וואָס שפּעטער וועט זיין).
32. פאַרן מלאך המוות געפינט זיך אַלע מאָל אַן אויסרייד.
33. אַ נעמער איז נישט קיין געבער.

34. נעמעלע לאַכעלע, געבעלע ווײַנעלע. (בעת מען נעמט פּרײַט מען זיך, אָבער אַז מ׳דאַרף געבן ווײַנט מען).

53. דער מענטש טראַכט און גאָט לאַכט, (ער מאַכט כּלערלײַ פּלענער און ס׳לאָזט זיך אויס אַ בוידעם).

36. בײַ ייִדן עסט מען קרעפּלעך דרײַ מאָל אַ יאָר — ווען מ׳שלאָגט. (פּורים ווען מ׳שלאָגט המנען, ערב יום־כּיפּור ווען מ׳שלאָגט כּפּרות, הושענא־רבה, ווען מ׳שלאָגט די הושענות).

37. דער מלאך־המוות שעכט און בלײַבט גערעכט.

38. ווען מ׳איז יונג קריכט די צײַט, אין די מיטעלע יאָרן לויפט זי, אויף דער עלטער פליט זי.

39. אַ גאַסט פאַר אַ ווײַל, זעט אויף אַ מײַל.

40. ווער ס׳איז שײַן בין איך קלוג.

41. ס׳זאָלן בײַ דיר אַרויספאַלן אַלע צײנער פון מויל, בלויז אײנער זאָל דיר בלײַבן, פאַר צײַן ווייטיק (אַזאַ קללה).

42. אין אַן ענגער טיר שטופּט מען נישט אַרײַן קײַן הענט, (אַוואו ס׳קומען פאָר קריגערײַען איז נישט כּדאַי זיך אַרײַנ־צומישן).

43. פון אַ ביסל ווערט אַ פולע שיסל.

44. ווען פרײט זיך אַן אָרעמאַן? ווען ער פאַרלירט עפּעס און געפינט צוריק.

45. פאַר אַ קראַנקן איז דער אַרײַנגאַנג אין שפּיטאָל אַ ברײטער, אָבער דער אַרויס־גאַנג אַ לײכטער.

46. דער וואָס גראָבט אַ גרוב פאַר יענעם, פאַלט אַלײן אַרײַן.

47. ציגעלע מיגעלע קאָטינקע, רויטע פּאָ־מעראַנצן, אַז דער טאַטע שלאָגט די מאַמע, גײען די קינדערלעך טאַנצן.

48. אַז מ׳קאָן נישט אַריבער, גײט מען אַרונטער.

49. גײ פאַרקלאָג זײ פאַרן ונתנה־תּוקף.

50. גײ פאַרענטפער זיך פאַרן טײוולס שוויגער.

51. זאָל זײַן פון אַ קאָזאַק, אַבי צום לעבן.

52. יחוס נאַ קברות אַ וודאָמו גרויסענע צרות (סאַרקאַזם, געמישט פּויליש מיט ייִדיש, אויף באַרימער, וועגן זײער יחוסדיקן אָפּשטאַם).

53. מורנו רעב צאָץ, (איר שפּילט זיך מיט אים? ער מײנט דאָך אַז ער איז רבינו רב צאָץ אַן אײניקל, אַ חוזק ווערטל אויף אײנעם וואָס באַרימט זיך כּסדר מיט זײַן יחוס).

54. אַז גאָט וויל שיסט אַ בעזעם, (אַפילו אַ שוואַכלינג קאָן אויך אַ מאָל באַווײַזן אויפצוטאָן אַ גרויסע זאַך).

55. אַ געשאָנקען פערד קוקט מען נישט אין די צײנער.
(ווען מ׳קריגט אַ מתּנה, זוכט מען נישט צי ס׳האָט חסרונות).

56. ס׳שפּרודלט און עס דרודלט.

57. זאָל איך אַזוי נישט וויסן פון קײַן בײזן שלש סעודות, ווי איך ווײס נישט וואָס דו ווילסט פון מיר.

58. פּורים איז נישט קײַן יום־טוב און קדחת איז נישט קײַן קרענק.

59. פאַר אַ געשלאָגענעם הונט דאַרף מען נישט ווײַזן קײַן שטעקן.

60. פאַר אײנעם וואָס האָט אַ געהאַנגענעם אין דער משפּחה, באַדאַרף מען נישט דערמאָנען דאָס וואָרט „הענגען".

61. דער עפּל פאַלט נישט ווײַט פון בוים.

62. פון אַ חזיר־עק קאָן מען קײַן שטרײַמל נישט מאַכן, (אַ גראָבן נפש קאָן מען נישט אויסאײדלען).

(געזאַמלט: מ. ר.)

סעם רעיפל

# גאָמבין – אַמעריקע – גאָמבין...

**(פערזענלעכע דעראינערונגען פון סעם רעיפל, וועלכער איז יאָרנלאַנג געווען די פאַרקערפּערונג פון גאָמבין אין אַמעריקע)**



אין יאָר 1913 האָב איך פאַרלאָזט גאָמבין און בין אַוועקגעפאָרן קיין אַמעריקע. איך בין געווען דעמאָלט אַ בחור פון 17 יאָר און איך בין געפאָרן אין אַן אומבאַקאַנטער וועלט אַריין. אין ניו יאָרק האָב איך געהאַט בלויז אַן אָנקל, מיין מוטערס שוואָגער און כ׳האָב געוואוסט, אַז איך האָב גאָר ווייניק געקאָנט רעכענען אויף זיין הילף. איך האָב אָבער באַשלאָסן צוּוועקצופאָרן פון דער היים, ווייל **אין גאָמבין** איז די לאַגע אין יענער צייט געווען אַן אומדערטרעגלעכע.

נאָך דער קורצער אויפלעבונג, וואָס איז פאָרגעקומען אין דער צייט פון דער רעוואָלוציע פון 1905, ווען אין דעם שטילן און אומבאַוועגלעכן גאָמבין האָבן פלוצלונג גענומען אַריינדרינגען נייע און וועלטלעכע אידייען, זיינען באַלד נאָכדעם געקומען די יאָרן פון דער צאַרישער קאָנטררעוואָלוציע. עס איז געקומען אַ צייט פון טעראָר, פון פּאָליציייאישע שיקאַנעס און פון אַן אַלגעמיינער אַנטוישונג און רעזיגנאַציע. די בעסטע יוגנטלעכע פון גאָמבין זיינען אָדער פאַרשיקט געוואָרן קיין סיביר, אָדער זיי זיינען אַוועק קיין אַמעריקע. אויפן שטעטל האָט אַראָפּגענידערט אַן אומהיימלעכע שטילקייט. דער פרישער, וועלטלעכער ווינט, וועלכער האָט פריער אַ טרייסל געטאָן מיטן קליינשטעטדיקן לעבן, האָט ביי יעדן איינעם איבערגעלאָזט אַ געפיל פון אומרו. דאָס, וואָס עס איז איצט פאָרגעקומען אין גאָמבין, און אויך אין אַלע שטעט און שטעטלעך פון דער דעמאָלטיקער רוסישער אימפּעריע, איז אויך פאָרגעקומען ביי אונדז אין הויז. מיין איינציקער ברודער חיים, וועלכער האָט זיך אין די קורצע רעוואָלוציאָנערע חדשים אָנגעשלאָסן אָן די ס. ס., איז געוואָרן אַרעסטירט און ער איז געזעסן אין אַ וואַרשעווער טורמע.

מיין פאָטער האָט געפירט אַ קליינע שניידעריי פון פאַרטיקע מלבושים און אין אונדזער היים, וואָס איז באַשטאַנען פון מיינע עלטערן און פון נאָך דריי שוועסטערן, האָט געהערשט די זעלבע שטימונג פון אַנטוישונג און פון פוסטקייט ווי אומעטום.

איך בין דעמאָלט אַלט געווען 17 יאָר. איך בין געווען יונג און איך האָב מיך געשטיקט אין דער נידערגעשלאָגענער אַטמאָספערע פון שטעטל. איך האָב ענדלעך

איבערגערעדט מיין פֿאָטער, ער זאָל מיך לאָזן פֿאָרן און איך האָב אים צוגעזאָגט, אַז איך פֿאָר נישט אויף לאַנג, אַז איך וועל אין אַ קורצער צייט קומען צוריק. מיין פֿאָטער, פּנחס שאַכער, האָט פֿאַרשטאַנען מיין אומרו. ער איז אַליין געווען אַן אַקטיווער, געזעלשאַפֿטלעכער עסקן, ער האָט אַוועקגעגעבן אַ גרויסן טייל פֿון זיין צייט אויף קהלשער אַרבעט. ער איז געווען דער גבאי פֿון דער חברה ביקור חולים און אונדזער שטוב איז שטענדיק געווען אַן אָרט, וואו אָרעמע גאָמבינער יידן פֿלעגן כסדר קומען נאָך הילף. זייענדיק נאָך אַ קינד, פֿלעג איך העלפֿן מיין פֿאָטער ביים אויסשרייבן צעטעלעך פֿאַר די קראַנקע צו דאָקטוירים און אַפּטייקערס. איך אַליין בין דעמאָלט געווען אַ נישט־געזונטער, כ'האָב פֿון קינדווייז אָן געהאַט צו טאָן מיט די לונגען, אָבער נישט געקוקט אויף דעם האָט מיך מיין פֿאָטער נישט אָפּגעהאַלטן פֿון פֿאָרן און איך בין אַוועק מיט דער שיף קיין ניו־יאָרק.

קיין וויזע האָט מען דעמאָלט נישט געדאַרפֿט האָבן, עס איז גענוג געווען צו באַווייזן אין ניו־יאָרקער פּאָרט די סומע פֿון 25 דאָלאַר.

גלייך פֿון דער שיף בין איך אַוועק צו מיין אָנקל. פֿון דער היים האָב איך געקענט אַביסל שניידעריי, אָבער כ'בין אָנגעקומען קיין אַמעריקע אין אַ שלעכטער צייט. באַלד נאָכן קומען האָב איך אָנגעהויבן אַרומצוגיין אין די יידישע געגנטן פֿון ניו־יאָרק, וואו עס האָבן זיך געפֿונען קליינע, יידישע שניידער־פֿאַבריקלעך, אָבער אין ערגעץ האָב איך נישט געקאָנט קריגן קיין אַרבעט. דער סוף איז געווען, אַז כ'בין אַריין אין אַ סטאָר פֿון פֿרויען־קליידער ערגעץ אויף דער האָוסטאָן עוועניו און כ'האָב געזאָגט דעם אייגנטימער, אַז כ'בין אַ גרינער און כ'בין נישט לאַנג אַראָפּ פֿון דער שיף, און אַז כ'זוך אַרבעט. דער סטאָר־אייגנטימער האָט לאַנג נישט געטראַכט און האָט געזאָגט צו מיר: „אָלרייט, דו האָסט ביי מיר אַ דזשאָב". כ'האָב ביי אים אָפּגעאַרבעט צוויי וואָכן און ער האָט כסדר אָפּגעלייגט דאָס אויסצאָלן די „וועידזשעס" אויף שפּעטער. ביז אַ געוויסן פֿרייטיק האָט ער געזאָגט: „כ'וועל דיר באַצאָלן דעם נעקסטן מאָנטיק". ווען כ'בין געקומען מאָנטיק איז נישט געווען דאָרט מער קיין זכר פֿון אַ סטאָר, פֿון קליידער, פֿון מאַשינען און נישט פֿון דעם ייד. ער האָט פּשוט ליקווידירט דאָס געשעפֿט און איז נעלם געוואָרן.

כ'האָב שפּעטער געאַרבעט אין אַ קליינער הויזן־פֿעקטאָרי. און דערנאָך אין אַ גרעסערער. לאַנג האָב איך מיך אָבער אין ערגעץ נישט געהאַלטן — די באַלעבאַטים האָבן זיך אומעטום באַקלאָגט, אַז מיין אַרבעט טויג נישט. אין איין פֿאַבריקל, האָבן בלויז געאַרבעט די אייגנטימער, אַ פֿאָרפֿאָלק, וואָס האָט זיך כסדר אַרומגעקריגט, און אַ פּרעסער. אַ געוויסן טאָג, ווען די אייגנטימער האָבן באַזייטיקט דעם פּרעסער, האָב איך מיך מיט אים סאָלידאַריזירט און איך בין אויך אַוועק. שפּעטער האָב איך מיט דעם פּרעסער, אַ יונגערמאַן מיט אַ פֿרוי און קינד, געמאַכט אַן אייגענע „ביזנעס", אָבער דאָס פֿאַבריקל איז אַוועק שלעכט און מיר האָבן נישט געקראָגן קיין שטאָך אַרבעט.

איך בין דעריבער צוריק אַוועק אין פֿעקטאָריס, אָבער אומעטום האָב איך געאַרבעט קורץ, ווייל כ'האָב מיך נישט געקאָנט צופּאַסן צו די אַמעריקאַנער באַדינגונגען. אין איין פֿעקטאָרי, צום ביישפּיל, האָב איך אויפגעגנייט אַ פּאָר צענדליק שלעכטע אַרבל און דאָס געשעפֿט האָט צוריקגעשיקט די גאַנצע פּאַרטיקע סחורה. דער באָס האָט מיך דערפֿאַר באַלד אַהיימגעשיקט. אָבער נישט קוקנדיק אויף דעם אַלעם, האָב איך באַוויזן אין פֿאַרלויף פֿון אַ יאָר מיר אָנצוזאַמלען 180 דאָלאַר, פֿאַר וועלכע כ'האָב געפּלאַנט מיר צו קויפֿן אַ שיפֿסקאַרטע אַהיימצופֿאָרן קיין גאָמבין. אָבער איך האָב געהאַלטן דאָס געלט אין אַ קליינער באַנק פֿון אַדאָלף מאַנדעל און אַ געוויסן טאָג האָט די באַנק — צוזאַמען מיט נאָך הונדערטער אַזעלכע קליינע בענק — באַנקראָטירט און כ'האָב פֿאַרלוירן מיין גאַנצן „קאַפּיטאַל". וועגן צוריקפֿאָרן האָט

שוין דעריבער נישט געקאָנט זיין קיין רייד און אַחוץ דעם איז נאָך איידער וואָס ווען אויסגעבראָכן די ערשטע וועלט־מלחמה און עס איז איבערהויפּט נישט מעגלעך געווען צו טראַכטן וועגן פאָרן.

איך בין אין יענע טעג אַוועק פון ניו־יאָרק קיין נוואַרק, וואו עס האָבן געוואוינט די גאָמבינער לאַנדסלייט היימי רובין, אברהם שטיגליץ און אַנדערע און איך האָב דאָרט פון אָנהייב ווידער געאַרבעט אויף פאַרשידענע דזשאַבס און בין אַפילו — אין 1916 — געוואָרן דער רעקאָרדינג־סעקרעטאַר פון עקזעקוטיוו באָארד פון „אינטערנעשאָנאַל גאַרמענט וואָרקערס יוניאָן”. דאָרט אין נוואַרק האָבן זיך געענדיקט מיינע מאַטעריעלע צרות און כ׳האָב מיך אָנגעהויבן ענדגילטיק „אויסצוגרינען”. דאָרט האָב איך באַקענט מיין איצטיקע פרוי, וועלכע איז געקומען קיין אַמעריקע ווי אַ קינד פון גאָמבין, צוזאַמען מיט איר פאַמיליע, נאָך אין 1910. איך האָב אָנגעהויבן בעסער צו פאַרדינען און באַלד ווי עס האָבן זיך געענדיקט מיינע פּערזענלעכע מאַטערנישן, האָב איך אָנגעהויבן צו טראַכטן וועגן גאָמבין — וועגן דער אַרעמקייט, וואָס עס הערשט אין אונדזער שטעטל און וואָס מען קאָן עפּעס טאָן פאַר די נויטבאַדערפטיקע גאָמבינער יידן.

אין יענע טעג האָט זיך בכלל אָנגעהויבן צווישן די גאָמבינער יידן אין ניו־יאָרק און אין נוואַרק צו שאַפן אַ באַוועגונג צו שטיצן סיסטעמאַטיש די יידישע פילאַנטראָפּישע אינסטיטוציעס אין גאָמבין — צו שטעלן זיך אין פאַרבינדונג מיטן דאָרטיקן בית לחם, לינת הצדק און אַנדערע. אין יאָר 1920 איז אין ניו־יאָרק און נוואַרק געשאַפן געוואָרן אַ גאָמבינער רעליף־קאָמיטעט, אין וועלכן עס זיינען געווען אַקטיוו די פאָלגנדיקע גאָמבינער לאַנדסלייט:

מעקס דזשעקלין, די גאַנצע פאַמיליע קראַוט (דער פאָטער שמעון, די זין טעדי, אַלעקס און פיליפּ), לואיס גרין, מעקס גרין, ראַלף רעיפל, לואיס קאַטש, אייב קאַרמעל, אברהם איטשע סיקלין, אברהם מעקס, נעיטען קליינערט, זישע זשיכלינסקי, מאַיטשיק, וואָלף קעסעלמאַן, דזשעק שערמאַן, דזשאָזעף שטערן.

מיט 5 יאָר שפּעטער, נאָכן קומען קיין אַמעריקע פון הערשל קאַראָ, איז געשאַפן געוואָרן אַ „יאָנג מענס בענעוואָלענט אַסאָסיעישן”. דער ציל איז געווען צו געבן הילף אויפן אָרט צו אַריבערגעקומענע גאָמבינער יידן אין אַמעריקע; אויך דער רעליף־קאָמיטעט איז דאָ געווען זייער אַקטיוו באַטייליקט און אין דער קאָנסטיטוציע איז געווען אַ פּונקט, אַז די הילף זאָל געגעבן ווערן צו גאָמבינער יידן, וואו זיי זאָלן זיך נישט געפינען.

אין יענע טעג בין איך געווען טשערמען פון רעליף־קאָמיטע און אונדזער אַרבעט איז באַשטאַנען אין שאַפן געלט, פאַר וועלכן מיר האָבן געגרינדעט אין גאָמבין אַ גמילת חסדים קאַסע, פון וועלכער עס האָט גענאָסן די מערהייט יידן, דער גאַנצער מיטלשטאַנד, פון גאָמבין. דער דזשאָינט האָט אונדז צוגעהאָלפן אין דער אַרבעט. וויפל מיר האָבן געשיקט קיין גאָמבין, האָט דער דזשאָינט צוגעגעבן נאָך אַמאָל אַזוי פיל. שפּעטער, אין די דרייסיקער יאָרן, זיינען געשאַפן געוואָרן ענלעכע גאָמבינער קאָמיטעטן אין דעטראָיט און אין שיקאַגאָ.

אין יאָר 1930 בין איך געפאָרן אויף אַ באַזוך קיין גאָמבין. עס איז מיר שווער צו שילדערן מיט וואָס פאַר אַ פרייד איך בין נאָך 17 יאָר געפאָרן אין מיין היימשטאָט, וואו איך האָב איצט געדאַרפט באַגעגענען מיינע עלטערן, מיין ברודער, מיינע שוועסטערן, מיין גאַנצע משפחה און אַזוי פיל באַקאַנטע און נאָענטע פריינט. איך בין נישט געפאָרן מיט ליידיקע הענט. כ׳האָב מיט מיר געפירט אַ גרעסערע סומע געלט פון רעליף־קאָמיטעט, דער עיקר פאַר דער גמילת חסדים קאַסע און אויך פאַר אַנדערע יידישע אינסטיטוציעס. ווען כ׳בין געקומען קיין גאָמבין, האָט מיך נאָך דער גרויסער פרייד פון דער באַגעגעניש אין דער היים, דערוואַרט אַ גרויסע אויפנאַמע פון דער גמילת חסדים קאַסע. דער באַנקעט איז פאָרגעקומען אונטערן פאָרזיץ פון יצחק שיקאָרסקי, סעקרעטאַרן זיינען געווען מאיר

זיידעמאַן און אברהם טיבער. דער גרויסער כבוד, וועלכן מען האָט מיר צוגעטיילט, איז פאַרשטייט זיך געווען נישט פאַר מיר, דעם פרעזידענט פון רעליף-קאָמיטעט, נאָר פאַר אַלע גאָמבינער לאַנדסלייט, וואָס האָבן זיך אַקטיוו באַטייליקט אין דער אַמעריקאַנער הילף-אַרבעט פאַר גאָמבין. צום באַנקעט זיינען געקומען פאַרשטייער פון אַלע יידישע אָרגאַניזאַציעס און ריכטונגען. ביי דער רירנדיקער שמחה האָט מען מיר געגעבן אַ מתנה, אַ גאָלדענעם „פלאַק", מיטן אויפשריפט: „אונדזער ערן-פאַרזיצער — מיט אַנערקענונג פאַר זיין מיטהילף".

דורך די צוויי וואָכן, וואָס כ'האָב פאַרברענגט אין גאָמבין, האָב איך אָפּגעהאַלטן פיל זיצונגען און כ'האָב מיך באַקענט אויפן אָרט מיט די אַלע נויטבאַדערפענישן און האָב צוגעזאָגט, אַז אונדזער אַרבעט אין אַמעריקע וועט ווערן פאַרשטאַרקט נישט בלויז פאַר דער גמילות חסדים קאַסע, נאָר אויך פאַרן בית לחם, לינת הצדק און קינדער-היים. איך בין געווען זייער באַגייסטערט פון דעם אופן, ווי אַזוי די אַרבעט איז דאָ געוואָרן געפירט און ווען כ'בין צוריקגעקומען קיין אַמעריקע האָב איך מיך באַמיט מיין באַגייסטערונג איינצופלאַנצן אין די הערצער פון די אַנדערע אַקטיווע מיטגלידער פון רעליף-קאָמיטעט.



אַ פאָטאָגראַפיע פון דער „שריפט", וועלכע סעם רעיפל האָט באַקומען פון די גאָמבינער יידן בעת זיין וויזיט אין גאָמבין אין 1930.



די ערשטע גרינדער און מיטאַרבעטער פון דער גאָמבינער סאָסייעטי אין ניו־יאָרק.

מיט זיבן יאָר שפּעטער, אין 1937, בין איך ווידעראַמאָל געפאָרן אויף אַ באַזוך קיין גאָמבין. דאָס מאָל בין איך געפאָרן מיט מיין פרוי און אויך דאָס מאָל האָב איך מיטגעפירט אַ סומע געלט. עס האָט אויף מיר געוואַרט נאָך אַ גרעסערע אויפנאַמע ווי פריער. די אויפנאַמע איז פאָרגעקומען אין גרויסן זאַל פון די פייערלעשער און עס זיינען געקומען איבער דריי טויזנט יידן, כמעט די גאַנצע שטאָט. גאָמבין האָט דעמאָלט געליטן פון אַ גרויסער אָרעמקייט און אויך פון אַן אַנטיסעמיטיזם, וואָס איז אויפגעהעצט געוואָרן פון דער פּוילישער רעגירונג. איך האָב אין יענע טעג געמאַכט אַ פילם וועלכן איך האָב שפּעטער געוויזן ביי פיל געלעגנהייטן אין אַמעריקע און אין ישראל, און איז פון אַ וויכטיקער היסטאָרישער און קולטורעלער וויכטיקייט. דאָס מאָל האָב איך ווידער אַ גרויסן טייל פון מיין צייט פאַרברענגט אויף זיצונגען און עס זיינען אויסגעאַרבעט געוואָרן פּלענער וועגן אַ נאָך מער פאַרשטאַרקטער הילף. פאַרן אַוועקפאָרן האָב איך נאָך געשלאָסן אַן אָפּמאַך מיטן גאָמבינער דאָקטאָר דזשעווי־טשעפּאָלסקי, אַז ער זאָל פון איצט אָן היילן אָרעמע יידישע קראַנקע אינגאַנצן אומזיסט און אַז צום סוף יאָר זאָל ער אונדז צושיקן אַ רעכענונג.

דאָס אַלץ איז געווען אין יאָר 1937 און קיינער פון אונדז האָט זיך דעמאָלט נישט געריכט, אַז סך־הכל מיט 2 יאָר שפּעטער וועט גאָמבין, צוזאַמען מיט אַלע אַנדערע יידישע שטעט און שטעטלעך אין פּוילן, אַריינגעשלונגען ווערן אין פייער פון אַ גרויזאַמען קריג. ווען דער קריג איז אויסגעבראָכן, איז דער קאָנטאַקט אונדזערער מיט גאָמבין געוואָרן איבערגעריסן. מיין געדאַנק איז דעמאָלט געווען, אַז נישט געקוקט דערויף, זאָלן מיר אָנגיין מיט אונדזער אַרבעט און שאַפן אַ פאָנד, מיט וועלכן מיר זאָלן קאָנען, באַלד ווי דער קריג וועט זיך ענדיקן, קומען מיט באַלדיקער הילף צו די גאָמבינער יידן. אונדזערע אָרגאַניזאַציעס האָבן מיט אַ גאָר גרויסער לייכטקייט געשאַפן די סומע פון 25 טויזנט דאָלאַר, אָבער ליידער — ווען דער קריג האָט זיך געענדיקט און ווען עס האָבן אָנגעהויבן אָנצוקומען די ערשטע נייעסן, האָבן מיר שוין געוואוסט פון דעם פינצטערן **חורבן**. מיר האָבן אין יענע שרעקלעכע טעג גע־

קראַגן בלויז איינצלנע בריוו פון גערעטע־טעטע גאַמבינער יידן און מיר האָבן זיי גלייך געגומען אַרויסהעלפן מיט געלט, מיט פעקלעך מלבושים און מעדיקאַמענטן. באַלד דערנאָך האָבן מיר אָנגעהויבן אַ באַוועגונג אַראָפּצוברענגען קיין אַמעריקע וואָס מער געראַטעוועטע גאַמבינער יידישע פאַמיליעס. מיר האָבן באַוויזן אין אַ קורצער צייט צו מאַכן פּאַפּירן און אַראָפּצוברענגען 50 יידישע פאַמיליעס פון פוילן און פון די דייטשע לאַגערן.

צענטער פאַר גאַמבינער יידן און אין וועלכן עס זאָל זיך געפינען אַ יזכור־זאַל און אַ זאַמל־אָרט פאַר גאַמבינער מאַטעריאַלן. נאָך לאַנגע באַמיאונגען איז דעם קאָמיטעט אונ־דזערן געלונגען צו קריגן אַ פריי שטיק פּלאַץ אין תל־אביב פון קרן־קימת און מיר האָבן דאָרט אויפגעבויט אַ הויז מיט אַ פּרעכטיקן זאַל פאַר 150 פּערזאָן. אויף איי־נער פון די ווענט זיינען אויפגעשריבן די נעמען פון די גאַמבינער קדושים, באַלויכטן מיט אַ נר תמיד און פאַרדעקט מיט אַ



אַ געזעגענונגס־אָוונט אין ניו־יאָרק צום אָפּפאָר פון אברהאם מאַרקס קיין גאַמבין ווי אַ שליח, אין יאָר 1927.

באַלד דערנאָך האָבן מיר באַשלאָסן אָנצוהייבן אַ גרויסע הילף־אַקציע פאַר גאַמ־בינער יידן אין ישראל. מיר האָבן דאָרט קודם־כל אָרגאַניזירט אַ גמילת חסדים קאַסע. אויף די מיטינגען פון אונדזער קאָ־מיטעט האָבן זיך וואָס אָפטער געהערט שטימען, אַז מען דאַרף דעם חרובן גאַמבין אַוועקשטעלן אַ מאָנומענט און עס איז אָנ־גענומען געוואָרן אַ פאַרשלאַג אויפצושטעלן אין תל־אביב אַ הויז, וואָס זאָל זיין אַ

פאַרהאַנג. יעדעס יאָר ווערט אינם זאַל איינגעאָרדנט אַ יזכור־אונטערנעמונג פאַר די אומגעקומענע גאַמבינער יידן. אין אַ פּאָדער־צימער, פאַרן אַריינגיין אינם הויפּט־זאַל, זיינען אויפגעשריבן די נעמען פון די גאַמבינער רעליף־אָרגאַניזאַציעס אין אַמע־ריקע, די מענער און פרויען אָפּטיילונגען און די נעמען פון די אָפּיסערס.

די געביידע האָט אויך אַ דריי צימער־דיקע וואוינונג פאַר אַ פאַמיליע, וואָס זאָל

אָפּהיטן דאָס הויז. מיר האָבן דאָרט אַריינגענומען דאָס גאָמבינער פּאָרפּאָלק סעגאַל מיט זייערע צוויי אַדאָפּטירטע קינדער, וועלכע זיי האָבן געפונען אויפן וועג קיין רוסלאַנד. איצט, ווען איך שרייב די דאָזיקע שורות, זיינען שוין די צוויי אָפּגעראַטעוועטע קינדער אויסגעגעבן.

אין יאָר 1959 האָב איך צוזאַמען מיט מיין פרוי געמאַכט אַ רייזע קיין ישראל און דער גאָמבינער קאָמיטעט אין ישראל איז אונדז געקומען אָפּוואַרטן אויפן פלי־פּלאַץ. צום דעמאָלטיקן יזכור־אָוונט אין גאָמבינער הויז זיינען געקומען כמעט אַלע גאָמבינער יידן פון גאַנץ ישראל, פון קיבוצים און פון די וויטסטע מושבים. בעת דעם מעמאָריעל־מיטינג האָב איך געוויזן דעם פילם, וועלכן איך האָב געמאַכט אין גאָמבין מיט 22 יאָר צוריק און איך וועל קיינמאָל נישט פאַרגעסן דאָס געוויין, וואָס עס האָבן אַרויסגערופן די געשטאַלטן פון די טאַטע־מאַמעס, פאַמיליעס און נאָענטע פון די אָנוועזנדיקע אין זאַל. אויך דאָ, קיין ישראל, בין איך געקומען מיט אַ סומע געלט פון אונדזער רעליף־קאָמיטעט און האָב פאַרברענגט אַ שפּאָר ביסל צייט אויף זיצונגען, בעת וועלכע מיר האָבן אויסגעאַרבעט פּלענער פון ווייטערדיקער אַרבעט.

אין יאָר 1962 בין איך ווידעראַמאָל מיט מיין פרוי געווען אין ישראל. די אויפנאַמע איז געווען אַ פייערלעכע און די גאָמבינער יידן אין ישראל האָבן אויסגעדריקט אַ דאַנק פאַר אונדזער טעטיקייט אין אַמעריקע. אויך דאָס מאָל איז בעת אונדזער וויזיט אויסגעפאַלן דער מעמאָריאַל־מיטינג אין גאָמבינער הויז און ער איז אַדורך זייער אימפּאָזאַנט און רירנדיק.

אין איצטיקן מאָמענט זיינען אונדזערע אָרגאַניזאַציעס דער עיקר אין ניו־יאָרק און אין נוואַרק, זייער אַקטיוו. עס איז אונדז געלונגען צו פאַראייניקן די גאָמבינער יידן פון דער גאָרער וועלט. עס איז אונדז אויך געלונגען איינצופלאַנצן צווישן די גאָמבינער יידן אַ וואַרעם געפיל פון קרובהשאַפט און פון אַן אינטימער פריינטשאַפט. כמעט יעדע שמחה, וואָס עס פראַוועט דאָ אַ גאָמבינער ייד, איז נישט בלויז אַ שמחה פון זיין פאַמיליע, נאָר פון דער גאַנצער גאָמבינער „קאָלאָניע".

אונדזער סאַמע דרינגענדיקסטע אויפגאַבע איז איצט אַרויסצוגעבן דאָס גאָמבינער יזכור־בוך. דאָס איז אַ הייליקער חוב, וואָס ליגט יעדן פון אונדז אויפן געוויסן.

לואיס פיליפס

# אַ באַזוך אין גאָמבינער הויז אין תל־אביב

**א**...איך דערנענטער מיך צום הויז, וואָס טראָגט דעם נאָמען פון מיין היימ־שטאָט. עס באַהערשט מיך אַ שטורעם פון געפילן. געפילן פון עצבות און טרויער, וואָס אונדזער אַמאָליקע היים איז נישטאָ מער; און אַ געפיל פון פרייד, וואָס אַזאַ זויבערע און ווייס־שטראַלנדיקע געביידע איז דאָ אויפגעשטעלט געוואָרן ווי דער סימבאָל פון אונטערגעגאַנגענעם גאָמבי־נער יידישן לעבן.

איך שטיי איצט אַקעגנאיבער דער גע־ביידע, וואָס דאַרף פאַראייביקן דאָס אומ־געקומענע. אַ קורצע דערמאָנונג טויכט אויף אין מיין זכרון — אַ מאָמענט, ווי איך ליג אין שאָטן פון גאָמבינער וואַלד און לייען נישט, נאָר דאַוון הערצלס „יודענ־שטאַט". אַ וואָלקן איז דעמאָלט געלעגן אויף מיינע מחשבות: אָט איז פאַראַן אַ לאַנד, וואָס איז אונדזערס און — דאָך נישט אונדזערס... איצט שטיי איך נעבן גאָמבינער הויז, וואָס געפינט זיך אין יידישן לאַנד, אויף אונדזער ערד. איך גיי אַרויף אַ פריידיקער און אַ דערהויבענער איבער די ברייטע, רחבותדיקע שטיגן.

דאָס גאַנצע הויז איז פול מיט בלענ־דנדיקן ליכט. דער עולם קומט זיך צונויפ־מען. יעדער איז פריילעך און צעשטראַלט. אַלעמענס געמיטער שיינען און פּעכלען. עס קומען די גאָמבינער קינדער — עס ציט זיך אַ פּראָצעסיע פון אַזוי פיל טייע־רע און פון נאָענטע. איך ווער אַרומגע־רינגלט דורך צענדליקער פריינד. זיי רינג־לען מיך אַרום — פאַר אַלע בין איך פּאַ־טשעכאָס זון — זייער גאַסט, וואָס איז אַהערגעקומען פון אַמעריקע!

אָט רעדט דער פאָרזיצער, מיין ליבער




גאָמבינער יידן אין ישראל אויפן אָרט וואו עס וועט געשטעלט ווערן דאָס גאָמבינער הויז.



**מען לייגט דעם גרונטשטיין**

(פון רעכטס: הרב שראַגער, פרענקעל און יעקב פינקעלשטיין).

פריינד יצחק אליעזר פינקעלשטיין. נאָך אים רעדט פריינד שראַגע, מיט אַ דרשה, וואָס איז אַדורכגעפלאָכטן מיט פסוקים פון תנ"ך. זיי זאָגן צו מיר: „מיר זיינען געקומען אייך אויפנעמען, ליבער פריינד פּאַטשעכאַ, מיט אָפענע אָרעמס אין אונדזער אייגן, גאָמבינער ווינקל"...

„דו הערסט דאָס קלאַפּן פון אונדזערע הערצער? — פרעגט דער וואַרעמער פריינד שראַגע — דו הערסט די ברכות אונדזערע, מיט וועלכע מיר בענטשן אַלע ברידער און שוועסטער אונדזערע פון יענער זייט ים? איר האָט לייכטער געמאַכט אונדזער טראָט. מיר האָבן זיך דאָ דערהויבן, נאָך לאַנגע יאָרן פון עבדות. מיר פילן זיך גוט אין אונדזער יידישער מדינה; און אין אונדזער אייגענעם גאָמבינער הויז...

שפּעטער רעדט דער סימפּאַטישער פריינד פריץ. „מיר קלאַמערן זיך דאָ, פאַרעקשנטע, אָפּטמאָל מידע און אויסגעמאַטערטע אָבער מיטן באַוואוסטזיין, אַז מיר זיינען פרייע און שטאָלצע יידן. דאָ קאָנען מיר צענעמען אונדזערע פליגל און דערגרייכן אונדזער גאַנצקייט, אונדזער שלימות, נאָך וועלכער מיר האָבן אַזוי פיל דורות געבענקט".



פייערלעכע עפנונג־צערעמאָניע

עס וועלן לאַנג קלינגען אין מיינע אויערן זייערע וואַרעמע רייד, עס וועלן לאַנג פאַרבלייבן אין מיין געדעכעניש די בילדער, וואָס האָבן זיך יענעם טאָג אָפּגעשפּילט אין גאָמבינער הויז. איך זע צווישן עולם אַזוי פיל טייערע פּנימער, אַזוי פיל נאָענטע פון מיינע גאָמבינער קינדער־יאָרן: אָט איז רבקה פרענקעל, איצט האַלפערן. מיט 35 יאָר צוריק האָב איך צו איר, פון אַמעריקע, געשריבן קיין גאָמבין אַ 12־זייטיקן בריוו. איצט ווייזט זי מיר, אַז זי האָט במשך פון די אַלע יאָרן דעם בריוו אָפּגעהיטן. צוזאַמען האָבן מיר דעמאָלט, מיט אַזוי פיל יאָרן צוריק, געטרוימט וועגן



דאָס גאָמבינער הויז אין תל־אביב

דער גאולה און איצט איז דער חלום פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ ווירקלעכקייט...

איך קוק אויפֿן הויז, אויף די שטראַלנדיקע געזיכטער און עס באַהערשט מיך אַ שטילע און אַ שפּאַרנדיקע פרייד. איך פיל מיך שטאָלץ, וואָס דאָס האָבן מיר, גאָמבינער יידן פון ניו־יאָרק, פון נואַרק, פון דעטראָיט, פון שיקאַגאָ, מיט אַזאַ חסידישער התלהבות צוגעטראָגן ציגל נאָך ציגל, כדי דאָ, אין ליכטיקן תל־אביב, זאָל אויפגעשטעלט ווערן אַזאַ ליכטיק גאָמבינער הויז.

די שעה ווערט שפּעט און שפּעטער. אָט איז אָוונט און איז שוין האַלבע נאַכט. דער עולם הייבט זיך אָן צו צעגיין. מיר פאַרבלייבן בלויז עטלעכע — בלויז די מיטגלידער פון קאָמיטעט. מיר זיצן אויפֿן באַלקאָן פון הויז. אַרום שפּרייט זיך דאָס ווייסע תל־אביב. פון הימל פינקלען אַראָפּ טויזנטער און טויזנטער שטערן.

איך זאָג צו מיינע פריינד יצחק און יעקב פינקלשטיין: „קוקט, די נאַכט איז אַזוי שטום, רואיק, אָבער ביי מיר אין האַרץ ברויזט איצט אַ שטורעם. איך בין פאַרשיכורט פון היינטיקן אָוונט, מיין געמיט פיבערט מיט אַ ווילן צו באַהעפטן זיך אויך מיט אייערע עמאָציעס. די לופט אַרום איז אַ יידישע, אַ שבתדיקע און איצט איז אויך פאַראַן אין איר אַן עכאָ פון אונדזער אַמאָליקן גאָמבין, ווער קאָן זיך איצט צו אונדז גלייכן?"

דער דרום הילט זיך אין טונקל־בלויע און אין שאָטנדיקע וואָלקן. אַלץ זעט אויס ווי אין אַ כישוף־מעשהלע און פון דער טונקלעניש פון דער נאַכט שיילט זיך אַרויס די ווייסע גאָמבינער מויער, צי איז עס ווירקלעכקייט, אָדער איז עס אפשר בלויז אַ חלום?"

ווען מיר פאַרלאָזן אין טיפן שווייגן אונדזער גאָמבינער הויז, מורמל איך צו מיר אַ שטילן און פעסטן: „להתראות"! צום שנעלסטן ווידערזען.

חול המועד סוכות, 1967.





בילדער פון אַ יזכור־צערעמאָניע אין גאָמבינער הויז אין תל־אביב אין יאָר 1967.

